ש. מיללער

# רויט און שוואַרץ

אַרויסגעגעבן פון
ש. מיללער בוך קאָמיטעט
לאָס אַנגעלעס, קאַליפ.
1945

# רויט און שוואַרץ

דער מוטערס קאָפּ האָט זיך געקירעוועט איבער דער קישן אין אַ האַלבן קרייז — פֿון אויער צו אויער. איין האַנט האָט זיך אַרויסגעצויגן פֿון אונטערן צודעק, אַ שאַר געטון, ווי וועלנדיק אַראָפּשאַרן דעם צודעק, די היץ פֿון זיך, און מאַכטלאָז געבליבן ליגן. די גרוי־בלויע ליפּן האָבן זיך אָפּגעקלעפּט איינס פֿון ס'אַנדערע, געלאָזט אַרויספֿאַלן ניט דייטליכע ווערטער, קלאַנגען כוואַליעס, אויסגעמישטע, צעבויטעטע, שטייגנדיק מיט אַ קלאָרן קלאַנג, פֿאַלנדיק — אומקלאָר, זיך אויסגעמישט און צערונען געוואָרן אינעם נעבל וואָס האָט זיי באַגלייט. ניסנס איין אויג האָט זיך אַ דריי געטון צו דער מאַמעס פּנים. בעט זי וואַסער? איר קאָפּ האָט זיך ווידער געקירעוועט. ער האָט אַרויפֿגעצויגן דעם צודעק, האָט צורעכט געמאַכט די קישן צעקאָפּנס, דערביי דאָרט אנגעטאַפּט דעם רעוואָלווער. די האַנט האָט זיך געישובט: אַרויסציִען? לאָזן? ער האָט אַרויסגעצויגן אַ ליידיקע האַנט. דאָס גרוי־בלויע גלעזערן אויג האָט „געקוקט" פֿאַר זיך, דאָס זעענדיק אויג האָט געשטאָכן די טיר — קומען זיי?

אַז זיי וועלן קומען איז ער געווען זיכער, זיכער ווי דער טויט. די באַגעגעניש מיט זיי האָט ער שוין וויפֿיל מאָל געזען: זיי שיסן פֿריער; ער שיסט פֿריער; קיינע שיסערייען, זיי פֿרעגן, ער ענטפֿערט. ער, אַ בלאָנדער, בלוי אויגיקער רוס, לויטן פּאַספּאָרט ניקאָלאַי אַנטאָנאָוויטש סערפּוכאָוו . . . די אינסטרוקציעס זיינען געווען קלאָר — ער דאַרף בלייבן אין שטאָט. זיין גלעזערן אויג, די קראַנקע

מאַמע — אַן אומשולדיקע שילד, ער דאַרף בלייבן, זען וואָס טוט זיך, וואָס זיי טוען אין שטאָט, אַלץ דאַרף ער זען און באַריכטן. גייענדיק אין שטאָט טאָר ער קיין געווער ניט טראָגן, און אין שטוב . . . נוצן געווער נאָר דעמאָלט ווען עס וועט קיין אַנדער ברירה ניט זיין. ער מוז בלייבן אַ לעבעדיקער — דאָס אויג, דער אויער פון די חברים אין דער זעמליאַנקע. קלאָר. ווי עס וועט אָבער צוגיין ווען מ׳וועט זיך באַגעגענען איז אים געווען ניט קלאָר. אַרונ־טערגעלייגט דעם רעוואָלווער אונטער דער מאַמעס קישן, האָט ער אָפּגעשטופּט די אַנטשיידונג — זען שפּעטער. פאַרוואָס קומען זיי שוין ניט? נאָך נעכטן אַריין אין שטאָט . . . פאַרזען דאָס שטיבל? ביים סאַמע בריק! און די בריק אויפגעריסן . . . ניסנס אויג האָט אויפגעשימערט — אַ גוט שטיקל אַרבעט . . .

שווערע סאָלדאַטישע טריט: טריפּ־ט־ראָפּ. דאָס האַרץ האָט האַסטיק געגומען האַמערן. די טריט נעענטער, נע־ ענ־ טער. ביים טיר. דאָס האַרץ האָט זיך פאַרטאַיעט, די טיר האָט אויפגעפּראַלט. ניסן האָט זיך ראַפּטאָם אויפגעשטעלט, זיך אַ רוק געטון פון בעט צום טיש צו.

צווייען זיינען זיי געווען. דער עלטסטער, רעוואָלווער אין האַנט, איז געבליבן שטיין אַ פאַרוואונדערטער, אַנשטאָט אַן אַלטן אידן, אַן אַלטער אידענע, אָדער גאָר אַ יונג מיידל — אַ הויכער, געזונטער בחור, רויטע באַקן, שטרוי קאָליר האָר, אויגן? איין אויג עפּעס . . .

— הענט אין דער הויך!

ניסן האָט פּאַמעליך אויפגעהויבן די הענט, מיטן רוקן געוואָלט דערשפּירן ווי ווייט איז ער פון טיש הינטער אים, אין קאָפּ איז דורכגעפלויגן — גוט וואָס אונטערן קישן . . .

דער סאָלדאַט הינטערן עלטסטן האָט אַ שפּאַן געטון פאָראויס, אַ קלאַפּ געטון מיט די שטיוול קנאַפּל און זיך געלאָזט צו ניסנען. באַטאַפּט אים, האָט ער אים „לייכט" אַ שטויס געטון אויף צוריק. דער טיש האָט צוריקגעגעבן ניסנען זיין גלייכגעוויכט. זיכער מיט ניסנען אַז ער האָט נישט קיין געווער, האָט דער עלטסטער זיך דער־

געענטפערט, דער סאָלדאַט האָט נאָכגעפאָלגט, א טריט, צוויי דיסטאַנץ צווישן.

— אַזאַ יונגער בחור און ניט אין דער אַרמיי?

ניסנס קאָפּ האָט פאַמעליך זיך באַוועגט אין דער ברייט, אַזוי אַרום זאָגנדיק: איך פאַרשטיי נישט. ער האָט ניט געטאָרט פאַרשטיין קיין דייטש. דער עלטסטער האָט פאַרשטאַנען אַז ניסן זאָגט אים: ניין, ניט אין דער אַרמיי.

— און ניט אַנטלאָפן מיט דיינע חברים, די בראַווע רויטע אַרמייער?

ניסן האָט ווידער באַוועגט מיטן קאָפּ אויף ניין, האָט אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען, די אויפגעהויבענע העגט האָבן קוים באַמערקבאַר זיך געלאָזט אויף אַרונטער.

— ער פאַרשטייט קיין דייטש, — האָט דער סאָלדאַט רעפּאַרטירט און בלויז מיט דער אויפגעלויכטענער מינע אויף זיין פנים געבעטן דערלויבעניש ביי זיין עלטסטן אַרויסווייזן זיין קענטניש, זיין דער איבערזעצער. דער עלטסטער האָט באַווילִיקט אַ נויג מיטן קאָפּ און דער סאָלדאַט האָט, אין אַ געמיש פון רוטעניש און רוסיש, הויך איבערגעפרעגט די פראַגע.

— פון גאַליציע, — איז ביי ניסנען איבערגעלאָפן אַ געדאַנק, און ער האָט פיינט געקראָגן אָט דעם רוטענער סאָלדאַט מיט זיין הינטיש איבערגעגעבענעם פנים ערגער ווי דעם דייטש מיטן בראַונינג אין האַנט. גיי דערצייל אים פאַרוואָס, נאָכוואָס ער איז געבליבן . . .

— איך בין קיין סאָלדאַט, — האָט ער מיט איין פינגער אָנגעוויזן אויפן גלעזערנעם אויג און מיט דער האַנט אַ ווייז געטאָן צום בעט, — און די מאַמע איז קראַנק, זייער קראַנק . . . — ביי דער באַוועגונג האָבן שוין זיינע ביידע הענט זיך אַרונטערגעלאָזט.

דער סאָלדאַט האָט איבערזעצט, האָט אויך אָנגעוויזן אויפן בעט.

— אַזוי, — האָט דער עלטסטער א זאָג געטאָן, מיט דער לינקער האַנט אַ גלעט געטאָן די וואָנצעס צו דער באַק צו. — ניט קיין סאָלדאַט. — אים נאַרט מען ניט. דעם בחורס שטעל, זיינע אַקסלען, זיין ברוסט, זיין געשווירענער קאָפּ — אַ סאָלדאַטישער. דאָס אויג? דאָס איז שוין עפּעס, דאָך . . . און די מוטער . . . אַלע האָבן זיי מוטערס. די

נאָך אַריינגעלייגט אין בעט, קראַנק. ווייסן שוין די שטיק. אידישע שטיק. ער זעט אויס אַריער, די, דאָרט אין בעט, זעט אויס אידיש און . . . קראַנק? — דאָס קענען מיר לייכט גוטמאַכן, ניט אַזוי? — איין אויג עטוואס פאַרריסן צום סאָלדאַט האָט געשמייכלט: מיר קענען, האַ? דעם סאָלדאַטס פּנים — א הינטל קוקט אויפן באַלעבאָסי האַנט, אין דער האַנט אַ . . . בראַונינג, די האַנט ציט זיך אויס . . .

אַן אָקס, איין האָרן אָפּגעהאַקט, טוט זייטיק אַ שטויס, ניסנס אויג האָט זייטיק אַ שטויס געטון. זיך אַ וואָרף טון. זיי זיינען צווייען און באַוואפנט. ווען ער קען זיך דערלאַנגען צום בעט . . . צו שפּעט. יענעמס פינגער איז אויפן צינגל.

ניסנס אויג האָט זיך ברייט געעפנט, דאָס גלעזערן אויג, האָט ער געפילט, גליטשט זיך אַרויס, די ברוסט איז אויפגעלאָפן פון טיף אַריינגעצויגענעם אָטעם. יענער צילט צום . . . בעט! די האָר וואָרצלען האָבן זיך אַ רודער געטון און פאַרגליווערט געוואָרן, יעדע איינע האָר האָרט אַריינגעשטעקט, פון די האָר וואָרצלען האָבן גרייפּעלעך זיך אַ שאָט געטון איבערן רוקן ביין, ליפּן און אויגן האָבן זיך פאַרקלעמט. אַ דונער האָט דורכגעבראָכן דעם דאַך . . .

ניסן האָט זיך אַ טרייסל געטון, זיין ברוסט איז איינגעפאַלן. ער איז אינגאַנצן קלענער געוואָרן. א ווינקל פון רעכטן אויג האָט אויפגעכאַפּט דאָס שטראמעלע בלוט וואָס האָט זיך געריזלט פון דער מאַמעס שלייף איבערן באַק, קין, צום האַלז צו. — איצט קענסטו גיין, — האָט דער עלטסטער אַ זאָג געטון מיט אַ שמייכעלע, — מיט אונז . . . — ער האָט זיך שיר נישט פאַרנויגט פון העפליכקייט און א מאַך געטון צום סאָלדאַט מיט דער האַנט. יענער האָט גענומען איבערלייגן די ביקס פון איין האַנט אין דער צווייטער.

— די מוטער, — האָט ניסן הייזעריק אַרויסגערעדט. — זיך זעגענען.

— וואָס?

דער סאָלדאַט האָט איבערזעצט, נאָך צוגעגעבן: דאָס לעצטע מאָל. אַ קוש.

— דאָס קען מען, — האָט דער דייטש גרויסמוטיק באַוויליקט, נייגיריק צוצוזען אַ לעצטע סצענע ביי זיי . . .

ניסן האָט מיט אַ זייט זיך אַ שאר געטון פון טיש, פאַרביי בײַנקל צום בעט, מיט דער לינקער זייט זיך אַ לייג געטון צום בעט, מיטן גלעזערנעם אויג צו דער מוטערס פּנים, די רעכטע האַנט האָט זיך אַרונטערגעשאַרט אונטערן קישן, זיך אַרויסגעצויגן פון דאָרט, דער־צויגן זיך צום לינקן פאַראַרעם, דאָס רעכטע אויג האָט אַ שטאָך געטון דעם דייטש, אַ קויל האָט נאָכגעפאָלגט. פאַלנדיק, האָט דער דייטש אַנטפּלעקט פאַר ניסנען אַ נייע ציל ברעט — דעם רויטענער סאָלדאַט. ער האָט נאָך דערזען ווי יענער האָט אַ לייג געטון די ביקס האָריזאָנטאַל. ביידע האָבן געצויגן די צינגלעך. קוילן האָבן זיך גע־קרייצט. דעם סאָלדאַטס קויל איז געזונקען אין קישן פון דער מאַמעס צעקאָפּנס, ניסנס קויל האָט געטראָפן אין דער לינקער זייט, עטוואָס אונטערן ברוסט.

די שטילקייט נאָך די דריי שאָסן האָט געשפּאַרט, געשטופּט: גיי! לויף! אַנטלויף! ניסן האָט זיך אויסגעגלייכט. ער האָט אַ דריי געטון די האַנט מיטן בראַונינג אויף אַרויף, ווי ער וואָלט געוואָלט זען וואָס דאָרט אין דער רער טוט זיך, דאַן אים אַריינגעשפּאַרט אין קעשענע. אַ בליק צו דער טיר, אויף די ווענט. ער האָט אַרונטער־גענומען זיין היטל פון אַ טשוואָק. מיטן היטל אין האַנט צוגעגאַנגען צום בעט, אַ קוק געטון. ער האָט שווער אַרויפגעזעצט די היטל אויפן קאָפּ און א שפּאַן געטון צום פענסטער. אַריבערגעשטעלט איין פוס, האָט ער איינגעצנורעט דעם קאָפּ, אים אַרויסגעשטעקט אין דרויסן, זיין אויסגעדרייטע פיגור אַ(?) — האַ? קיינער ניטאָ? ער האָט אַריבערגעצויגן די צווייטע פוס.

די וועלכע דרייסיק שפּאַן פון שטיבל צום ברעג איבערן טייך זיינען איינגעשלונגען געוואָרן. קומנדיק צום סאַמע ברעג, האָט ער אַ וואָרף געטון מיטן אויג אין דער ריכטונג צום בריק, וואָס ער האָט געהאָלפן אויפרייסן, דערזען דאָרטן סאָלדאַטן, דערזען אייביקע לויפן אין זיין ריכטונג. ער האָט זיך אַ זעץ געטון, אויפן רוקן זיך אַרונטער־געגליטשט פון בערגל צום סאַמע ברעג, דאָרטן א שפּרונג געטון, אַ נורע געטון אין וואַסער.

די היטל האָט זיך אַ טוק געטון, אַרונטער, אַרויף, דער דאשעק האָט זיך אַ קער געטון צום ברעג — צושווימען? זיך מישב געווען,

פאַרקירעוועט זיך און זיך געלאָזט מיטן שטראָם לייגג אויס דעם טייך. די סאָלדאָטן האָבן געשאָסן אין דער היטל. ניסן האָט אונטערן וואַסער געשניטן דעם טייך אין דער ברייט, סקאָס צו די שטיינער צו. אויפגעטויכט אויף דער צווייטער זייט, ביי די סאַמע שטיינער פון ברעג, האָט ער אַ טרייסל געטון מיטן קאָפּ, א וויש געטון דעם פּנים און אָטעמענדיק שווער זיך אַרויפגעצויגן אויף אַ שטיין. די נאַסע גלאַנציקע קליידער, די צוגעפּלעטשטע האָר ביז די אויגן, זיין אייבגעהאַרבעטע פּאָזיציע האָבן אים געגעבן דעם אויסזען פון א ים וואָלף אַרויפגעקראָכן אויף אַ שטיין. זיי שטייען דאָרטן, וואַרטן אויף אים. וואַרט, וואַרט! הינטערוויילעכס, אויפן רוקן, האָט ער זיך געדרוקט באַרג אַרויף אין וועלדל אַריין, ערשט ווען ער איז שוין געווען אַריבערגעקראָכן דעם רוקן פון בערגל צווישן די בוימער האָט ער זיך אויפגעשטעלט. ער האָט דערפילט די קליידער — איין גרויסער, נאַסער קאָמפּרעס צוגעקלעפּט, איינגעגעסן אין לייב, די קליידער, דאָס לייב — איין שווערע נאַסע משא. ער האָט געפּרואווט אפּציען די העמד פון לייב, איינגעזען עס העלפט ניט, האָט ער א מאַך געטון מיט דער האַנט — דערגיין. דאָס וואַסער אין די שטיוול האָט געגוואַזשעט, די פיס פינגער — קליינע פישלעך צוגעטשעפּעט צו זיינע פיס און זיי שווימען אַרום. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט, אַרונטערגענומען די שטיוול, זיי אויסגעטרייסלט, אַרונטערגעצויגן די זאָקן. איבערקערנדיק זיי צום אויסדרייען איז די האַנט מיט די זאָקן געבליבן הייגנען פאַר זיין אויג. — די מאַמע פאַרמאַרעזשעט . . . — האָט ער אַרויסגעבראַכט פון מויל. די פינגער האָבן זיך אפּגעטיילט, די זאָקן האָבן זיך אַרונטערגעלאָזט. ער האָט זיך אנגעבויגן, אַ נעם געטון די זאָקן אין ביידע הענט, גענומען דרייען, שטאַרק דרייען, און ניט פון די זאָקן האָט זיך געגאָסן ברודיק וואַסער, נאָר פון ניסנס טיפסטן אינערן האָבן זיך אַרויסגעדרונגען קלאָרע טרערן. דאָס אויג איז געבליבן טרוקן.

ער האָט אויף שנעל אנגעטון די שטיוול, זיך געכאַפּט די היטל איז פאַרלאָרן געגאַנגען און א מאַך געטון מיט דער האַנט. ער האָט אַ טאַפּ געטון די קעשענעס. דער בראַונינג דאָ. פאַרנעצט? ניט שאַטן. די פּאַפּיראָסן. עס האָט מיט אַמאָל אַ מאָן געטון רויכערן. ער

האָט אַרויסגענומען דאָס פּידעלע פּאַפּיראָסן — אַ טאַבאַק קאַשע פּאַרווייסט מיט פּאַפּיר. ער האָט אַ דריי געטון די פּאַפּיראָסן, פאַר־קוועטשט דעם טאַבאַק אין האַנט און אַ שפּאַר געטון אין מויל אַריין, דאָס פּידעלע אַ וואָרף געטון. אָפּגייענדיק אַ פּאָר טריט, די שאַרפע ביטערניש פון טאַבאַק אָפּגעטעמפּט אַ ביסל, האָט ער זיך געכאַפּט ער האָט אָוועקגעוואָרפן דאָס פּידעלע. ער איז צוריקגעגאַנגען און עס אויפגעהויבן — קיינע שפּורן איבערלאָזן צו דער זעמליאַנקע. שניידן גלייך וועט ער זיין דאָרט אין . . . ניין, ניט גלייך, זיך דרייען אַהין, אַהער, ער וועט שוין טרעפן, זיי . . . אַ מכה. יענע צוויי . . . וועלן שוין זיכער ניט טרעפן.

(2)

— זשוק! זשוק! שטיל זאָל זיין! — דער הונט האָט פאַרריסן זיין שפּיציקע מאָרדע צו סטעפּאַנען, אין די אויגן אַ נאָכגיביקייט: אַז דו זאָגסט שטיל מסתמא ווייסטו.

— ני־סען? דאָס ביסטו?

— איך אַליין.

— נו, קום אַריין אין אונזערע פּאַלאַצן, — האָט סטעפּאַן פריי־ליך, שוין אַ ביסל צו פריילעך, אים אויפגענומען ביים סאַמע אַריינ־גאַנג אין זעמליאַנקע, אים געוואָרנט ער זאָל אכטונג געבן ווי ער קריכט און אים אַריינגעפירט. — אָט, אַ גאַסט געקומען, — האָט ער זיך געווענדעט צו די איבעריקע.

אין דער האַלב טונקלקייט פון דער זעמליאַנקע האָט ניסן באַ־נומען פנימער, געשטאַלטן פון נאָך דריי מענטשן, ער האָט אָבער ניט געקענט זען דייטליך, ניט געוועזן זיכער צי קען ער זיי. זיינע נאַסע קליידער האָבן געגלאַנצט, געצויגן צו זיך די בליקן פון די „זעמליאַקעס".

— אָבער נאַס ביסטו ווי אַ הון פון בארשטש, — האָט סטעפּאַן אַלץ גערעדט מיטן פריילעכן טאָן. — אַ בעלנות פון אַ מענטשן, זיך באָדן אין די זאַכן. און די היטל וואו איז?

— דאַנק גאָט איך בין געקומען מיט אַ קאָפּ.

— אַזוי אַזוי. נו, טו זיך אויס, ליבינקער, אַט אַזוי.

סטעפּאַן האָט געהאָלפֿן ניסנען אַרונטערציִען דאָס רעקל, די העמד. — די הויזן אויך! נאַ נאַ, מאַך נישט קיין שטיק. זעץ זיך אַנידער. אַט אַזוי. — ער האָט געהאָלפֿן ניסנען אַרונטערציִען די שטיוול, די הויזן. האַלטנדיק די הויזן האָט ער דערפֿילט אַ שווערינ־קייט, ניט נאָר פֿון וואַסער. ער האָט זיך אָפּגעדרייט, כלומרשט זוכן אַ פּלאַץ וואו „אויפֿצוהייגען" די הויזן, „אומגערן" אַ טאָפּ געטון די קעשענעס, אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער, אים אויפֿגעעפֿנט אויף שנעל אַט ווי ער וואָלט אים איבערגעבראָכן. געזען צוויי קוילן פֿעלן, האָט ער אים אויף גיך פֿאַרמאַכט צוריק, אַריינגערוקט צו זיך אין קעשענע, א נעם געטון אַן אַלטן שינעל און זיך דערנענטערט צו ניסנען. — נאַ, ווייסטאך, ברויט וואָס אין זיך, קליידער וואָס אויף זיך, דאָס אַלץ וואָס מיר פֿאַרמאָגן, אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, דער־פֿאַר אָבער קענען מיר שיסן. טו אָן, טו אָן, דערוואָרים זיך.

— דו גיב אים א ביסל בראָנפֿן!

— אויך גערעכט. דערלאַנג דאָס פֿלעשל, דערוואַרימען די נשמה. פֿאַרכאַפּט מיט זיך א פּאָר פֿלעשלעך, — האָט ער צוגעוואונקען ניסנען. באַזאָר האָט דערלאַנגט דאָס פֿלעשל. ניסן האָט עס אַריינגענומען אין ביידע הענט אַט ווי דאָס וואָלט געווען אַ הייסע וואַסער באַנקע. — טרינק! טרינק! — האָט סטעפּאַן געמונטערט. ניסן האָט א וויש געטון דאָס העלזל, אַ קער געטון דאָס פֿלעשל. — אַט אַזוי! — ניסן האָט זיך א טרייסל געטון. — וועט דיך דערוואַרימען, — האָט סטעפּאַן אים פֿאַרזיכערט און איבערגענומען דאָס פֿלעשל. — און פֿאַר־דעק די פֿיס. אַט אַזוי. — ער האָט א לייג געטון אַ רעדנע, אַרומגעקו־טעט די פֿיס. — אַניט פֿאַרקילט מען זיך. איצטער . . . מיוואָלט געקענט מאַכן אַ שטיקל פֿייער, אָבער נאָך צו פֿרי.

— פֿייער?

— נו יאָ. אַן דאַרטן זעסטו? דאָס איז אונזער אויוון, אפילו אַ קוימען געמאַכט, אַ ביסל רויך בלייבט, פֿאַרשטייט זיך, אַ ביסל גייט אָבער אַרויס. איצט נאָך צו פֿרי פֿאַר רויך.

— רויכערן. אַ ציגאַר טוטין.

— דאָס מעג מען.

אַלע האָבן פאַרדרייט ציגאַרלעך, פון אַ קרעסעלע מיט אַ שטיינדל אַרויסגעשלאָגן אַ פונק, אָנגעצונדן אַ שטיקל היפּקע, פאַררויכערט.

דאָס שווייגן וואָס האָט געהערשט ביים מאַכן די ציגאַרן, ביים פאַררויכערן האָט געמאַנט ביי ניסנען: נו, דערציילן! זעסט דאָך מענטשן וואַרטן, ער האָט אָבער ניט געקענט אָנהויבן. סטעפאַן איז געקומען צו הילף. — און דו, ווי אַזוי?

— אָט.

— און די מאַמע, וואָס? — האָט סטעפאַן א פרעג געטון מיט אַ שטילערן טאָן, — זיך געענדיקט?

— דערענדיקט, — האָט ניסן אָפּגעריסן אַ זאָג געטון, טיף פאַרצויגן דעם רויך. ער האָט דערזען אַלעמענס פּנימער. ער האָט אַרויסגעשטויסן אַ קנויל רויך — פאַרפאַלן, מימוז דערציילן.

— ווייסטאָך, איך בין געבליבן, מיט איר, מיט דער מאַמע, און זי . . . האָט זיך קיין אָרט ניט געפונען. הויכע היץ, ביינאַכט גאָר שלעכט. קוים דערלעבט דעם פרימאָרגן. געוואָרן טאָג טראַכט איך — אַרויסגיין, אפשר געפינען אַ דאָקטאָר און . . . א קוק טון, זען וואָס טוט זיך. רייע נאָך רייע, טאַנקען, אויטאָמאָבילן, אַרטילעריע, אינ־פאַנטעריע, איין לאַנגע גרינע שלאַנג. א שלאַנג, אָט וואָס דאָס איז. באַדאַרפט זען ווי זיי האָבן זיך געלאָזט וואוילגיין! פון די טאַנקען געשאָסן אין די פענסטער אַריין. ביי איין טויער איז געשטאַנען אַן אַלטיטשקער, אַ וועכטער, קענטיק, געקערט מיט אַ בעזים, האָט אַ מאַשין ביקס גענומען שטעפּן . . . א מאַשין ביקס אויף איין מענטשן! אַן אַלטער איד, מיט אַ טלית אונטערן אָרעם, ווייסטאָך, דעם באַלדאַכאַן וואָס אידן טוען אָן ביים דאַוונען, איז געגאַנגען אין צו פון שול, ביי דער טיר דאָרט געליגן אין בלוט . . . אַזוי אין אַלע גאַסן. טייל האָבן זיך איינגעקוואָרטירט אויף קאַרעצער שליאַך, דאָרט וואו די קאַזאַרמעס זיינען געווען, טייל אויף זשיטאָמירער לעבן דער נידער, די מערסטע אויפן קאַזאַרמע פּלאַץ לעבן בריק, און די איבע־ריקע ווי אַ היישעריק זיך אַ לאָז געטון איבער די הייזער . . . ראַבעווען, הרגענען . . .

קיין דאָקטאָר, פאַרשטייט זיך, ניט געקראָגן, בין איך אַוועק־געגאַנגען אַהיים, געזעסן, געוואַרט אויף זיי. יאָ, געוואַרט אויף זיי.

געקומען צווייען. איינער מיט בענדלעך, א פעלדפעבל, צו דער שוואַרץ יאָר ווייסט אים, דער צווייטער אַ סאָלדאַט, א רוטענער. „ווי קומט עס וואָס איך בין ניט אַנטלאָפן מיט דער בראַווער דויטשער אַרמיי?"

— הינטישער זון!

ווייז איך אים — די מאַמע, קראַנק.

„דאָס", זאָגט ער, „קען מען לייכט גוטמאַכן". — און . . . ער האָט זיך געצילעוועט . . . — ניסן האָט טיף פאַרצויגן דעם רויך. די ציגאַר פייערלעך — סיגנאַלן: געפאַר, די קריידלעך רויך — מיר טוען גאַרניט, מיר זיינען שטיל, שטיל . . .

— אַט בעסטיעס! — דאָס האָט נאָזאר א שטויס געטון די שטילקייט.

— וויל זיך געזעגענען מיט דער מאַמע, האָב איך א זאָג געטון און דער מיט די בענדלעך האָט דערלויבט. האָב איך זיך אָנגעבויגן, פון אונטערן קישן אַרויסגעצויגן . . . — ער האָט אַ דריי געטון מיטן קאָפּ אין דער ריכטונג וואו זיינע קליידער זיינען געליגן, — און איך האָב אויך געצילעוועט. דער מיט די בענדלעך איז געווען אַ זיבערער שאָס, א ציל ברעט גלייך אנטקעגן, זעסטו דער סאָלדאַט . . . איך האָב נאָך געזען ווי ער האָט א לייג געטון די ביקס, געצויגן דאָס ציבגל. אפשר אויף אַ האַלבן צאָל איבערגעשאָסן, געטראָפן אין קישן, איך האָב געטראָפן . . .

— ניט אומזיסט הייסטו סאקאָל, — האָט סטעפאַן אַ זאָג געטון ווי אַ מלמד וואָס לויבט אַ תלמיד. — איר ווייסט, חברה, ער וואַרפט דאָך אַ מטבע אין דער לופטן און שיסט זי אַרונטער, אַ סאקאָל איז א סאקאָל.

ניסן האָט הנאה געהאַט פון סטעפאַנס לויב פאַר זיין שיסן און זיך געשעמט אַ ביסל, ער האָט זיך געאיילט צו פאַרענדיקן. — און נאָכדעם גאָרניט. אַרויס פון שטיבל, אַרונטער צום טייך, אַ בורע געטון, און אָט . . .

— און די בריק?

— זיי לייגן אַ בריק, אַרבעטן ווי די רוחות.

— נו, וועגן בריק וועלן מיר נאָך זען. און איצט לייג זיך צו. אָט

אט, טאקע זיך אוועקלייגן, — האָט סטעפּאַן קאָמאַנדירט ווי אַ גוט־מוטיקער פאטער זיין קינד. — ביז די זאַכן וועלן זיך אויסטריקענען וועסטו ביי אונז ליגן. זע א גלעגער! זעסט?

ביסן האָט זיך שוין צוגעוואוינט צו דער זעמליאנקע ליכט, האָט געזען ווי די חברה האָבן אין איינע צוויי טעג געמאַכט פון דער זעמליאנקע א וואוינונג. די „בעטן" — טערראַסן, פּאָליצעס אין באַד, מיקען זיך טאקע אוועקלייגן, אויסציען. ער האָט מיט אַמאָל דערפילט אַ מידיגקייט. אויפגעשטעלט זיך, האָט ער זיך אַ וואַקל געטון.

— הע, הע, דאָס, ברודערקע, גייט ניט ביי אונז. ווילסט אפשר נאָך אַ ביסעלע בראַנפן? ניין? איז ניט. אָבער אַנידערלייגן זיך וועסטו. כאַפּ אַ דרימל. מירן דערווייל צוגרייטן וועטשערע, זיך פאַרנעמען מיט דער באַלעבאַטישקייט. און דו, גיי לייג זיך.

ביסן האָט געפאָלגט, זיך אַוועקגעלייגט, האָט אפילו איינגע־דרימלט. א פּוס האָט א צוק געטון, דער גאַנצער קערפּער האָט זיך אַ וואַרף געטון. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אין שרעק, זיך אויפגעזעצט, ניט באַגרייפנדיק וואו ער איז אין דער וועלט. דאָס פייערל אין אַ ווינקל האָט געמינטערט: שרעק זיך ניט, ביסט צווישן מענטשן, אייגענע.

די מענטשן, שאָטנס, האָבן זיך באַוועגט, גערעדט, ער האָט דערקענט סטעפּאַנס, פּיאָטרס שטימען. — אַט איז ער שוין אויך אויף, — האָט ער דערהערט סטעפּאַנס וואַרעמע שטימע. — נו וואָס, גע־כאַפּט אַ דרימל? גוט. איצט וועלן מיר עסן. די קליידער זיינען נאָך נאַס, טריקענען זיך ביים פייער. דער שינעל איז גוט געגנוג. וואַש די הענט און קום צום טיש.

— דאָס איז זיין אַרבעט, — האָט סטעפּאַן אנגעוויזן אויף דאַנילאָן. — אַ פיינער טיש, האַ? מאַרמאָר! אמתער מאַרמאָר! טו א טאַפּ!

דער „טיש" — אַ פּלאַכער, דינער שטיין אויף אַ ערדערנעם פונדאַמענט, הויך געגנוג פאַר מענטשן זיצנדיק אויף דער ערד צו דער־לאַנגען האָט צוגעגעבן אַן אויסטערלישן אויסזען צו דער וועטשערע אין דער זעמליאנקע. דאָס עסן — שוואַרצער, האַרטער ברויט מיט ציבעלע, אַ קליין ביסל בראַנפן און א סך וואַסער, פאַרביסן מיט

געבראָטענע קאַרטאָפּליעס און פאַרטרונקען מיט אַ סך וואַסער.

— מאָרגן וועט מאַריאַ ברענגען אַ גוט שטיקעלע חזיר, — האָט סטעפּאַן נאָשעריש פאַנטאַזירט. פון נאַזארס א באוועגונג האָט ניסן פאַרשטאַנען אַז מאַריא האָט עפּעס אַ שייכות מיט אים, זיין ווייב, געליבטע, קען אים ניט, דעם נאַזאר, די אַנדערע צוויי האָט ער אַמאָל געזען. און ווער איז דער פירער? סטיאַפּאַ? וואָלט געווען ניט שלעכט. חייזט אויס אַז ער. שוין זען.

— נו, ברידערלעך, וועטשערע האָבן מיר אָפּגעגעסן. איצטער אַזוי. דו, ניסן, וועסט זיך לייגן שלאָפן. יאָ, דו לייגסט זיך גלייך שלאָפן. צוויי פריצעס א טאָג איז גענוג. דו, דאַנילאַ, וועסט אַכטונג געבן קיינער זאָל אים ניט שטערן דעם שלאָף, יאָ? און מיר וועלן אַרויסגיין אַ ביסל אויף שפּאַציר . . . גייט עס!

אין זעמליאַנקע האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ קבר שטילקייט. די באוועגונג פון אַ קויל, ווען זי האָט זיך איינגעלייגט בעסער אינם אַש, האָט א צי געטון ניסנס אויג. פון זיין געלעגער האָט ער צוגעזען ווי דאָס פייער איז אויסגעגאַנגען, געוואָרן טונקעלער, טונקעלער, און אויך אין קאָפּ געפילט א טונקלקייט, אַן אומהיימליכע טונקלקייט, אַ באַוועגליכע. אין אט דער טונקלקייט האָט, מיר ניט דיר ניט, אַ שטאָך געטון א שפּיץ פונם פאַרגאַנגענעם טאָג, אַ שאַרפער שטאָך וואָס האָט א טרייסל געטון ניסנס קערפּער, אויפגעריסן זיין אויג, באַלד האָט די טונקלקייט זיך א יאָג געטון, אַרומגעוויקלט דעם שאַרפן שפּיץ, אים באַהאַלטן, ניסנס אויג האָט זיך פאַרמאַכט, ער האָט געדרימלט, געשלאָפן ביז א פוס האָט א צוק געטון, דער גאַנצער קערפּער האָט זיך אַ טרייסל געטון. דאָס אויג האָט זיך אָן עפן געטון: וואָס? וואו? דער גאַנצער קערפּער אָנגעשטריינגט צו באַנעמען וואָס איז געשען, צו פאַרנעמען דעם מינדסטן קלאַנג, שאָרך. טריט. ער האָט זיך געטון א זעץ אויף.

— שלאָפסט נאָך ניט? — האָט ניסן דערהערט סטעפּאַנס קול און דערזען אים, די אַנדערע צוויי. — צייט צו שלאָפן. שוין שפּעט.

— ווי שפּעט איז עס דען?

— שוין נאָך האַלבע נאַכט.

ניסן האָט אין דער פינסטער נאָכגעשפּירט די באַוועגונגען פון

די דריי, ווי זיי האָבן אָװעקגעלייגט די היטלען, אַרונטערגעצויגן די רעקלעך, דערפילט מער ווי דערזען אַז זיי וויקלען ציגאַרעטלעך און געבעטן אַ ציגאַרעטל. סטעפּאַן האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי אים אויפן געלעגער, אים דערלאַנגט דאָס שטיקל פּאַפּיראָס פּאַפּיר, אַנרירנדיק זיין האַנט, פאַרזיכטיק געשאַטן די מאַכאָרקע אין פּאַפּיר. — פאַר־וואָס שלאָפסטו ניט? — אָה . . . — ניסן האָט פאַררויכערט ביי סטעפּאַנס ציגאַרעטל, זיך פאַרצויגן. — וואָס הערט זיך אין דרויסן?

— ברענט.

— ברענט?

— נו יאָ, מ׳צינדט.

— אונזערע, הייסט עס, טרעטן אָפּ.

— נו געוויס טרעטן מיר אָפּ. מיר דאַרפן אָפּטרעטן. דערפאַר אָבער מיר דאָ דארפן ניט אָפּטרעטן, מיר דאַרפן דאָ זיין . . . — די ציגאַר פייערלעך האָבן געוואונקען: פאַרשטייסט? ניסן האָט פאַרשטאַ־נען. ער האָט באַנומען וואָס פאַר אַ שפּאַציר סטעפּאַן האָט עס גענומען, מיט אַמאָל געוואָרן אַ געוואָרן אַז סטעפּאַן איז געווען אין שטאָט און . . .

— ווייסט, סטיאָפּאַ . . . — ניסן האָט זיך פאַרהאַקט.

— וואָס אַזוינס? — האָט ניסן דערהערט סטיאָפּאַס פראַגע, די אנגעשטרענגטקייט הינטער איר און ער האָט זיך דערפילט געצוואונ־גען אַרויסצוזאָגן. ער האָט אַרויסגעפּלאַצט — די מאַמע . . . זי באַהאַלטן . . .

ער האָט געזען דאָס ציגאַר פייערל צווישן סטיאָפּאַס ליפּן האָט זיך אַ הויב געטון. אָט דער הויב פון פייערל האָט געשראָקן, געוואָרנט. ניסן האָט אנגעשטריינגט געוואַרט.

— אָט וועגן וואָס דו טראַכסט, — האָט סטיאָפּאַ צעצויגן גע־רעדט. — ניט גוט, ברודער, ניט גוט.

— זי באַהאַלטן! — האָט ניסן שיר ניט אַרויסגעשריען, הינטער די ווערטער אַ פאַרשטיקטער געוויין.

— זאָג מיר, ניסן, האָסטו אמאָל געלייענט די יעוואַנגעליע?

— יעוואנגעליע?

— האָסט, הייסט עס, ניט געלייענט. פאַרגעסן, ביסט אַ איד.

— וואָס איד? ווען האָב איך געקענט לייענען די יעוואַנגעליע?

— ווי אַלט ביסטו?
— ניין און צוואנציק.
— פאַרשטיי איך. און מיר האָט שוין פערציק אַ קלאַפּ געטון. איז אָט, ווען איך בין געווען אַ אינגל האָט די מאַמע מיינע, זאָל זי ליגן רואיק, מיר געלייענט די יעוואנגעליע. א אינגל געווען. אָבער איך געדיינק. און עס זאָגט זיך דאָרט: לאָז די טויטע באַגראָבן זייערע טויטע. פאַרשטייסט? דער הויף ווערכטער וואָס האָט געקערט די גאַס, דער איד וואָס איז געגאנגען אין שול, ווער האָט זיי באַגראָבן? לאָז די טויטע באַגראָבן זייערע טויטע. מיר לעבן, און מיר פירן מלחמה, מלחמה אויף לעבן און טויט, און אין מלחמה . . . ביסטאָך געווען אויפן פינישן פראָנט. טאָ שלאָף! שלאָף!

ניסן האָט דערפילט סטיאַפּאַס האַנט אויף זיך. די האַנט האָט אים אַ טרייסל געטון. אַזאַ גוטער חברישער טרייסל, צו דערזעלבער צייט אַזאַ באַפעלערישער — שלאָף! און ניט נאָר שלאָף, רעד ניט, טראַכט ניט וועגן דעם. סטיאַפּאַ האָט זיך א הויב געטון פונם געלעגער. ניסן האָט פאַמעליך זיך צוריקגעלייגט. שלאָף! טראַכט ניט וועגן . . . דעם! שלאָפן! ניט טראַכטן! סטיאַפּאַ, קענטיק, ער איז דער פאַר־אַנטוואָרטליכער . . . און . . . „געלייענט די יעוואנגעליע"? לאָז די טויטע . . . פינישער פראָנט . . . אָבער אפילו דאָרטן באַגראָבט מען . . . ניט טראַכטן. שלאָפן! שלאָפן!

(3)

די זון איז שוין געשטאַנען הויך אין הימל, אנזאָגנדיק אַ קלאָרער זומער טאָג שטעלט זיך, אָבער אונטן, איבער דער ערד, איז דער רויך וואָס האָט זיך געטראָגן פון די פעלדער געדיכט געהאנגען, פאַרשטעלנ־דיק אַלץ. פונם בערגל איבער דער זעמליאנקע האָט מען איבערן רויך גאָרניט געקענט זען, מהאָט נאָר געפילט דעם עסיקן רויך און צו די אויערן האָט דערגרייכט אַן אומבאַשטימטער גערודער פון א באַוועגונג ערגעץ ווייט.

— צינדן אונזערע, — האָט דאַנילאַ מיט באַדויערונג אין זיין קול אַרויסגעזאָגט.

— נו, און דו וואָלסט געוואָלט זיי זאָלן שניידן? — האָט פּיאטר שניידיק געפרעגט.

— און וואָס וועט זיין מיט ברויט? — האָט שוין דאנילאָ פּאַר־דריסליך געפרעגט, ווי ער וואָלט זאָגן: ביסט א חכם, הא?

— און די דייטשן וואָלטן געלאָזט דעם ברויט פונדיינעטוועגן, זיך וואָלטן זיי גאָרניט גענומען.

— ניין, דאָס וואָלטן זיי ניט געטון, — האָט דאנילאָ צוגעגעבן,

— דאָך אָט דער רויך, ער עסט די אויגן, ער . . . — דאנילא דער פויער האָט ניט געקענט פאַרטראָגן, ניט געקענט באַגרייפן ווי פאַר־ברענט מען דאָס ב ר ו י ט.

— דו, ברודערקע, קוק ניט אויפן רויך, — האָט סטיאפּא ברידער־ליך, פאָלקסטימליך גערעדט, — מיווייסט שוין, אַז סע ברענט גייט אַ רויך. דו בעסער קוק זיך צו צו דעם. ווי געפעלט עס דיר? — ער האָט דערלאַנגט דאנילאן דעם קינזשאל וואָס ער האָט געהאַלטן אין רייניקן, ווישן.

— אַ פיין זאַכעלע, — האָט דאנילא דערלאנגט צוריק דעם קינ־זשאל. דער קינזשאל איז איבערגעגאנגען פון האַנט צו האַנט. ביסן האָט אים לאַנג, גרינטליך באטראַכט.

— געפעלט דיר? — האָט סטיאָפּא ניט אָן שטאָלץ געפרעגט.

— אַ פיין שטיקל אַרבעט, — האָט ביסן געלויבט און זיין אויג האָט פאַרטשעפעט סטיאפּאס קוק: ווי קומט עס צו דיר? און נאָכ־וואָס . . .?

— דאָס איז א משפחה ירושה, — האָט סטיאפּא שמייכלענדיק געענטפערט, איבערנעמענדיק דעם קינזשאל. — דער טאטע מיינער האָט געדינט אויף קאַווקאַז, פון דאָרט געבראַכט און אים אָפּגעהיט ווי אַן אוצר. ווי שטאָלץ ער איז געווען דערמיט! — סטיאפּא האָט אונטערגעשמייכלט פונם פאטערס שטאָלץ. — ער האָט אים קיינמאָל נישט באַנוצט, אונז אָבער קען ער זייער צונויץ קומען, — האָט ער אונטערגעוואונקען. — דו, סאקאליק, ביסט א בריה מיט דער ביקס, וואָלסט אַרונטערגעשאָסן אַן עפּעלע פון א קינדס קעפּעלע, אָבער ניט אַלע מאָל קען מען געברויכן אַ ביקס. סואווראוו, דוכט מיר, האָט גע־זאָגט: די קויל איז א נאַר, פליט וואו איר ווילט זיך, דער שטיק איז

אַ חכם, גייט וואו מישיקט אים. שטיק, קינזשאל, מעסער, אָדער אפילו אַ גוטער קניפּיק קען אַמאָל בעסער צונוץ קומען ווי אַ גוטער מאוזער, אָדער אפילו א מאשין ביקס. געפּרואווט אמאָל?

— ניין, — האָט ניסן עטוואָס פאַרשעמט געענטפערט. אַט די פאַרשעמטקייט האָט אים פאַרדראָסן און ער האָט פּלוצלונג אַרויסגעוואָרפן — די פינלענדער, זיי זיינען זייער געשיקט מיטן מעסער.

— די פינלענדער? — האָט נאזאר איבערגעפרעגט. אלעמענס אויגן האָבן זיך געווענדעט צו ניסנען און אים האָט זיך געדוכט אַלע קוקן אויף זיין ג ל ע ז ע ר ן אויג.

— דאָס האָט א שטיקל שראַפּנעל אויפגעטון, — האָט ער שוין געענטפערט מיט אַ שמייכל, א טאַפּ טוענדיק דעם ווינקל פונם גלעזערנעם אויג. — און, ווי דו האָסט געזאָגט, די קויל איז א נאַר, געדאַרפט טרעפן פונקט אין אויג. אָבער מיר האָבן זיי אויך געטראָפן, אויב ניט אין אויג, איז אין . . . קאָפּ.

— מיר קענען זיך פאַרמעסטן מיט די פינלענדער מיטן מעסער אויך, — האָט פיאטר א זאָג געטון. און מיט פריצן . . .

— פעטקא איז א בריה מיטן מעסער, — האָט סטיאָפּא געשמייכלט. — און דו וואָלסט באַדאַרפט אַ ביסל צופּראַקטיצירן. ניט אויף אונז, פאַרשטייט זיך, אויף פריצן. לאמיר זאָגן, גייסט צום בריק, זעסט פריץ שטייט אויף דער וואַך ביים סאמע אַרויפגאַנג צום בריק. דיר ווילט זיך אַ ביסל דורכשפּאַצירן, דוקא אויפן בריק, און ער — האלט! ווערסטאָך אים ניט נעמען שיסן. דער פריץ פון יענער זייט וועט קומען צולויפן. א פּיר מיט אַ מעסערל אין זייט, אין דער ריכטיקער ריפּ, איז דאָן ווי געוואונשן. וואָס? — סטיאפּא האָט געשמייכלט און ניסן האָט, שמייכלענדיק געענטפערט: דאַרפן פּרואוון...

זשוק, וועלכער איז די גאַנצע צייט געליגן אויסגעצויגן אויף אַלע פיר, די שפּיציקע מארדע אנרירנדיק די ערד, האָט א הויב געטון דעם קאָפּ. די מארדע האָט ווי אַ קאָמפּאַס נאדל זיך א וויג געטון הין און צוריק, די אויערן האָבן זיך א הויב געטון. ער איז אויפגעשפּרונגען, ווידער א דריי געטון מיט דער מאָרדע, דער נאז שמעקנדיק, טאָפּנדיק. אַלעמענס אויגן האָבן נאָכגעפאָלגט דעם הונטס באוועגונגען. זשוק האָט א שטעל געטון איין פוס, גרייט א שפּרונג צו טון. נאזאר

האָט זיך געטון א שטעל אויף, נאָך אים די איבעריקע. סטיאפּא האָט א גלעט געטון זשוקן, ווי ער וואָלט אים געזאָגט: וואַרט אַ ווײַלע, אפשר דאַרף מען גאָר ניט לויפן. זשוק האָט א ביל געטון, בעטנדיק: לאָז מיך! סטיאפּא האָט אים א נעם געטון ביים קאַלנער, אים צוגעהאַלטן און דאָך אים נאָכגעגאַנגען, די איבעריקע זיינען געבליבן וואַרטן, אַנגעשטריינגט. א פּאָר מינוט, און סטיאָפּא איז צוריקגעקומען מיט נאָך עמיצן, זשוק נאָכגייענדיק, ברוגזליך אויפן פרעמדן, אָבער שטיל.

— חבר מיכאַילא, — האָט סטיאפּא א בורטשע געטון ווי איינער וואָלט זאָגן: מימוז דאָך אָפּקומען די צערעמאָניע פון פּאָרשטעלן. ווער עס האָט א נויג געטון מיטן קאָפּ, ווער עס האָט א צי געטון מיט אַ ברעם בלויז אין צייכן פון באַקענען זיך, אַלע האָבן באַטראַכט דעם מיכאַילא. קודם זיינע וואָנצעס, צוויי דיקע, לאַנגע זייגער ווייזערס, ווייזנדיק א פערטל צו דריי, האָבן זיך אויסגעצויגן איבערן מויל, באַקן, נאָך ברייטער מאכנדיק דעם אַזוי אויך ברייטן פּנים און האָבן אַקצענטירט די הויכע קין־באַקן. א ברייטער קורצער שטערן. די האָר, וואַקסנדיק אויף אַרונטער, האָבן דעם שטערן נאָך קורצער געמאַכט, דערפאַר אָבער פאַרגרעסערט די אזוי אויך גרויסע, ווייט צעשטעלטע אויגן פון ביידע זייטן קורצער נאָז. יעדער אויג האָט געקוקט ווי פאַר זיך. עפּעס טעמפּעס איז געווען אין דעם ברייטן פּנים, אינם פינסטערן קוק פון די גרויסע אויגן. פון די פּלייצעס „אַן ארשין די ברייט", פון דער הויכער ברוסט, פון דער גאַנצער דעמבענער, קורצער פיגור האָט געווייט מיט גבורה, מיט פאַרהאַרטעוועטן כח.

— זיץ! — האָט סטיאָפּא אַ זאָג געטון און אַלע האָבן זיך גענומען צוזעצן.

— האָט דא א גוטן אויסזיכט, — האָט חבר מיכאַליאַ א זאָג געטון. סטיאפּא האָט א הויב געטון די אויגן אָט ווי ער וואָלט געוואָלט זיך דערוויסן צו איז טאקע דא א גוטער אויסזיכט און א זאָג געטון — יא, ווען ניט דער רויך. נו וואָס זשע, דערצייל, ווי איז ביי אייך?

— ווייסטאָך, זיך איינגעאָרדענט. — מיכאַילאָס רייד זיינען געגאַנגען צו סטיאפּאן, זיינע אויגן האָבן זיך אנגעשטעלט אויף די זייטיקע, פרעגנדיק: ווער זיינען זיי? קען מען ריידן? סטיאפּא האָט

מיט די אויגן פאַרזיכערט: אייגענע. מיכאילא האָט פונדעסטוועגן זיך ניט געאײַלט צו רעדן, געקוקט אין רויך אַרײַן.

— און אַזוי וואָס הערט זיך?

— וואָס זאָל זיך הערן? מישיסט. צוואַנציק דערשאָסן.

— דאָס ווייסן מיר, — האָט סטיאַפּא שטיל אַ זאָג געטון. ביסן און דאַנילאַ האָבן זיך איבערגעקוקט. פאַר זיי, וואָס זײַנען ניט אַרויסגעגאַנגען „אויף שפּאַציר" איז עס געווען נײַעס. — און אַזוי?

— אַזוי גאָרניט. מיראַבעווען, פאַרגוואַלדעווען. — נאַזאַר האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ. — און איך בין עס געקומען מכח פּראַוויאַנט. ווי האַלט עס מיט דעם ביי אייך?

— דאָ אַ ביסל. זייער ווייניק, — האָט סטיאַפּאַ, מעשה קאַרגער ביי וועמען מאיז געקומען בעטן אַ גמילות חסד, געענטפערט. — כידיינק הײַנט אָוונט וועט מען ברענגען, און ווי איז עס ביי אייך?

— פאַרכאַפּט מיט זיך אַ ביסל, האָבן עס די חברה צורעכט געמאַכט. געמיינט אפשר ביי אייך זיך דערווייל פאַזשיווען מיט עפּעס. האָט ניט, איז רעכט אַזוי אויך. הײַנט בייַנאַכט וועלן מיר קריגן. טראַנספּאַרטן גאַנצע גייען . . . ווילט אפשר צושטיין?

— מיר האָבן אונזער אייגן שטיקל אַרבעט, — האָט סטיאַפּאַ שטיל געענטפערט, אָנווייזנדיק מיט דער האַנט אין דער ריכטונג פון בריק.

— איר גרייט זיך אַ ביסל צו לאַנג, — האָט מיכאילא אַ זאָג געטון. זײַנע גרויסע אויגן האָבן פאַמעליך געקאָסעט אַלעמענס פּנימער, דער קוק: אויך מיר טוער!

— אונזער אַרבעט וועלן מיר אָפּטון אין צייט. — אין סטיאַפּאַס קאַרע אויגן האָט אויפגעפינקלט אַ פייערל: אזא בריה ווי דו און, זיי פאַרזיכטיק, ברודערקע, ווי דו רעדסט.

מיכאילא האָט זיך אַ הויב געטון. אַלע האָבן זיך אויפגעהויבן.

— ווערסט אפשר עסן מיט אונז?

— ניין, — האָט מיכאילא שאַרף געענטפערט. — אויף הײַנט וועט נאָך קלעקן ביי אונז. בלויז געקומען געוואָרנט ווערן. אויב איר'ט עפּעס דאַרפן לאָזט וויסן.

— דערווייל דאַרפן מיר גאָרניט.

— טאָ זייט געזונט.

— גיי געזונט.

זשוק האָט נאָכגעקוקט מיכאַילאַן ווי ער האָט זיך דערווייטערט, דאַן א דריי געטון דעם קאָפּ צו סטיאָפּאַן, ווי פרעגנדיק: אָ שפּרונג טון? אָנכאַפּן ביי דער ליטקע. סטיאָפּא האָט א גלעט געטון דעם הונט. — לייג זיך. אַט אַזוי. א קלוגער הונט, — האָט ער א זאָג געטון צו די חברים און זיי האָבן געענטפערט מיט א שמייכל. מיכאַילאַ איז קיינעם פון זיי ניט געפעלן געוואָרן, זיי האָבן אָבער ניט געוואגט עפּעס צו זאָגן, פרעגן. און צו וואָס פרעגן? זיי האָבן זיך אנגעשטויסן, ביין, געוועזן זיכער אַז זיי זיינען ניט די איינציקע, דאָ נאָך זעמליאַנקעס, דער מיכאַילאַ מסתם דער עלטסטער פון אָ זעמליאַנקע. וואלטן ניט געוואָלט אַרבעטן מיט אים, אונטער אים. סטיאָפּא, ער . . .

— ניט געוואָלט עסן מיט אונז איז ניט, — האָט סטיאָפּא שטי־פעריש געשמייכלט. — צופּיל האָבן מיר סיי ווי ניט, סיידן מאַריא וועט ברענגען.

נאַזאַר האָט נערוועז אַ דריי געטון דעם קאָפּ. מער האָט מען וועגן עסן ניט גערעדט ביז וועטשערע. ביי דער וועטשערע, ברויט מיט טאַראַנקעס, ציבעלעס און א סך וואַסער, האָט נאַזאַר א זאָג געטון — וואָס מכח א ביסל בראָנפן?

— ני, ני, — האָט סטיאָפּא געענטפערט. — דאָס ביסל וואָס איז נאָך דאָ דאַרף מען באַהאַלטן. קען אַמאָל צונוץ קומען. אמאָל א וואונד אויסוואַשן. יאָ, יאָ, בראָנפן איז פּונקט אַזוי גוט. און געבליבן איז שוין ווינציק. סיידן דו ווייסט אַז מאַריא וועט ברענגען.

— איך ווייס גאָרניט, — האָט נאַזאַר שאַרף אפּגעשניטן.

— טא באַגיי זיך דערווייל מיט וואַסער, — האָט סטיאָפּא נישט אָן שפּאָט געענטפערט.

מער האָט מען ניט גערעדט ביים עסן און אויך נאָכן עסן האָט מען ווינציק וואָס גערעדט, מהאָט שווייגנדיק גערויכערט, אינם רויכערן, אינם שווייגן אָן אנגעשטריינגטקייט, אט ווי אַלע וואלטן געוואַרט אויף עפּעס, אויף עמיצן. זשוק האָט א קורצן ביל געטון, האָבן אַלע

אַ דריי געטון די קעפּ. — מוז זיין מאַריאַ. — נאַזאַר איז שוין געווען אויף די פיס, באַלד איז ער אַרויס אין דרויסן.

— עפּעס זאַמט ער זיך אַזוי לאַנג.

— אַ פּאָר טעג בלויז און קען זיך גאָרניט אָנטישען מיט דער „באַבע" . . .

סטיאַפּאַ האָט שאַרף אַ קוק געטון אויף דאַנילאַן. סטיאַפּאַן איז אויך געווען קשה וואָס נאַזאַר זאַמט זיך אַזוי לאַנג, פאַרוואָס מאַריאַ איז ניט אַריינגעקומען. מאַריאַ האָט דאָך געדאַרפט ברענגען ניט נאָר עסן, זי האָט געזאָלט ברענגען ידיעות, און ניט זי, ניט ער. קשה. דאָך האָט ער שווייגנדיק געוואַרט, און זיי טעלעפּען מיט די צינגער וואָס מדאַרף ניט. סאיז ניט דאָס. עפּעס האָט געמוזט פּאַסירן.

פון דעם אופן ווי נאַזאַר האָט אַריינגעשטעלט די קליינע טאָרבע פּראָוויזיע, נאָכדעם זיך אַליין אַריינגעשטעלט האָט מען געקענט זען אַז עפּעס האָט פּאַסירט, פונדעסטוועגן האָט מען געשוויגן, געוואַרט. נאַזאַר האָט זיך אַ זעץ געטון אויף זיין נאַרע, פאַרפאָרן מיט ביידע הענט אין די האָר, געזעסן, געשוויגן.

— און מאַריאַ וואו איז? — האָט סטיאַפּאַ געבראָכן דאָס שווייגן.

— פאַרוואָס איז זי ניט אַריינגעקומען?

— ניט אַריינגעקומען, הייסט עס, זי האָט ניט געדאַרפט אַריינ־קומען, — האָט נאַזאַר געענטפערט, ניט קוקנדיק אפילו צו סטיאַפּאַן.

— אַזוי, — האָט סטיאַפּאַ אויסגעצויגן. ער האָט פאַררויכערט. לאָזנדיק דעם רויך, האָט ער מיט אַ פאַרזשמורעטע אויג געקוקט אויף נאַזאַרן. ביי דער ליכט פונם שטיקל ליטשענע וואָס האָט געברענט אין ווינקל האָט נאַזארס אויסגעבויגענע פיגור מיט די הענט ביים קאָפּ אויסגעזען ווי אַ משונהדיקע באַשעפעניש, אַ בופלאַקס, וואָס וועט באַלד אַ הויב טון דעם קאָפּ, אַ שטויס טון. דער בופלאַקס האָט אַ שטויס געטון. נאַזאַר האָט זיך אַ הויב געטון, אַ פיר געטון מיט די אויגן, זיך געלאָזט אין ווינקל, אויפגעהויבן זיין היטל, רעקל.

— וואוהין איז? — האָט סטיאַפּאַ שטרייננג אַ פרעג געטון. ער איז שוין אויך געווען אויף די פיס — אַ פּאַטרול וואָס שטעלט אָפּ אַ פאַרדעכטיקן.

— וואָס גייט עס דיר אָן? — אַזאַ פאַרריסענער, בייזער טאָן.

— אָט וואָס עס גייט מיר אָן, — האָט סטיאַפּאַ קאַלט געענטפערט און אַ נעם געטון די היטל פון נאַזאַרס האַנט. נאַזאַר האָט אויטאָמאַטיש אַ צי געטון דאָס רעקל הינטער זיך. — ווייס, חבר נאַזאַר, — האָט שוין סטיאַפּאַ גערעדט מיט אַ פעסטער שטימע, און אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף נאַזאַרס אַקסל, — אַז יעדער טראָט וואָס דו, אָדער ווער סיביט איז פון אונז מאַכט, גייט מיר אָן, גייט מיר ש ט אַ ר ק אָן. פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען האָב איך פאַרשטאַנען, אָבער אַוועקגיין וועל איך סיי ווי, — האָט נאַזאַר, מעשה איינגעשפּאַרט קינד, געענטפערט און זיך אַרונטערגעלאָזט אויף זיין נאַרע.

— נאַ־זאַר!

— נאַזאַרעווע מיר ניט! — האָט נאַזאַר געררייצט אויסגעשריען, אַ הויב טוענדיק דעם קאָפּ. — נאַזאַר! נאַזאַר! — האָט ער איבערגעקרימט, אָבער שוין מיט אַ געוויין אין קול. זיינע פינגער זיינען פאַרפאָרן אין די האָר און מיט אַ שטימע ווי פון ווייט אַרויסגערעדט: קאַליע געמאַכט די מיידל. האַדעס! פאַרפּאַסקודיעט זי . . . די לופט אין זעמליאַנקע איז מיט אַמאָל געוואָרן געדיכט, שטיקנדיק. אַלע האָבן פליכטיק אַ קוק געטון אויף נאַזאַרן און צוריקגעכאַפּט די בליקן.

— און דו, פון וואַנען ווייסטו עס?

די פראַגע האָט צעשפּאַלטן די געדיכטע לופט, איז שווער געפאַלן. ווי קען עס אַ מענטש פרעגן אַזאַ פראַגע? דער מענטש, סטיאַפּאַ, האָט ווייטער געפרעגט — זי האָט עס דיר ניט דערציילט?

דער סטיאַפּאַ! ער איז גרויזאַם. אַזוי גרויזאַם ווי . . . מיכאַילאַ אפשר.

— דערציילן! וואָס פאַר אַ דערציילן? פאַרשטייסט גאָר נישט, — האָט נאַזאַר אַ מאַך געטון מיט דער האַנט: ניטאָ מיט וועמען צו ריידן, ער האָט דאָך גערעדט. — זי איז געקומען, האָב איך זי אַרומגענומען, ווייסטאַך, מיט איין אָרעם איבערן אַקסל, געוואָלט זי אַ קוש טון און זי . . . האָט זיך אַרויסגעשאַרט פון דער האַנט, געשטופּט מיר די טאָרבע: טשעפּע מיך ניט. ליבינקער, טייערינקער מיינער, טשעפּע מיך ניט. געציטערט, געפּלאַטערט. געוואָלט זי פרעגן, איר

עפּעס זאָגן און זי — אויסגעדרייט זיך פון אונטער דער האַנט און ביטאָ איר, ווי אין וואַסער אַריין. דעם גאַנצן וואַלד דורכגעבראַדעט און זאָלסט זאָגן אַ סימן, אַ דוך. אָבער איכיל זי געפינען, אונטער דער ערד וועל איך זי געפינען און זיי וועל איך דערשיסן. איך וועל זיי דערהרגענען! דערמאָרדן! — האָט ער שוין געשריען, שטייענדיק.

— זיי דערמאָרדן, — האָט סטיאָפּא נאָכגעזאָגט, — דאָס איז גוט. זאָג מיר אָבער, באַזאר, האָסטו אַ טראַכט געטון ווי אַזוי?

— ווי אַזוי?

— נו יאָ, ווי דיינקסטו דאָס צו טון?

אָט די טרוקענע, זאַכליכע פראַגע האָט באַזאר ווי ניט באַנומען מיט זיין מח. וואָס הייסט ווי אַזוי? — זיי האָבן דערהרגעט זיין מאַמע, — האָט ער אנגעוויזן אויף ניסנען, — האָט ער דערשאָסן די צוויי דייטשן, ניט אַזוי?

— יאָ, ער האָט דערשאָסן די צוויי דייטשן, אָבער ער איז זיי ניט געגאַנגען זוכן.

— זאָרג זיך ניט, איך וועל ניט דאַרפן זוכן, — האָט באַזאר אַנטשלאָסן געענטפערט.

סטיאָפּא האָט מער ניט געפרעגט, ניט גערעדט. אַלע האָבן גע־שוויגן און דאָס שווייגן האָט אַנגעפילט די זעמליאַנקע, קיינער האָט ניט געוואָגט אַרויסזאָגן אַ וואָרט, אפילו אָנצינדן אַ ציגאַר טוטין. סטיאָפּא האָט זיך אויפגעהויבן.

— גוט. זאָל עס זיין ווי דו זאָגסט. זיי דערהרגענען. וועל זיך מיט דיר נישט שפּאַרן. אָבער איצט בלייב דאָ אינעווייניק. איך וועל האַלטן וואַך אין איר דרויסן און איר דריי, דו, ניסן, פּיאָטר און דאַנילאַ, גייט אַרויס אויף שפּאַציר . . . איך וויל איר זאָלט אויסגעפינען גענוי וויפיל וועכטער שטייען אויף יעדער זייט בריק, וואו אקוראַט זיי שטייען, ווען די וואַך בייט זיך, צו האָבן זיי וועלכע עס איז באַ־לייכטונג, ווי גרויס איז די באַוועגונג אויפן בריק צו יעדער שעה. זיי האָבן שוין פאַרענדיקט די בריק. קורץ און גוט. אַלץ וואָס איר קענט זיך דערוויסן. דו, סאַקאַליק, האַלט דיין אויג אָפן. הערסט? און איר אויך. און . . . פאַרגעסן אָנזאָגן, איר זאָלט קומען צוריק, —

האָט ער פֿאַרענדיקט מיט אַ מאָדנעם שמייכל. — און איצט — גע־גאַנגען!

דער הימל האָט זיך שוין געבלייכט ווען די דריי זיינען צוריק־געקומען צו דער זעמליאַנקע. זיי האָבן געטראָפֿן סטיאָפּאַן זיצן ביים אַריינגאַנג מיט אַ ציגאַר טוטין אין מויל, זשוק ליגנדיק ביי זיינע פֿיס. ניסן האָט אנגעהויבן רעדן, אָפּגעבן אַ באַריכט. סטיאָפּאַ האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט. — מ׳דאַרף ניט איצט. שפּעטער. גייט, גייט לייגט זיך שלאָפֿן.

— און דו?

— איך? איך וואָלט אויך געמעגט זיך צושפּאָרן. שוין באַלד טאָג. יאָ, וועל טאַקע אַזוי טון. דו, זשוק, וועסט אכטונג געבן. וועסטו? נאַ־נאַ, לייג זיך אַנידער, — האָט ער געגלעט דעם הונט, אַרונטערגע־דריקט אים ער זאָל זיך לייגן. — אָט אַזוי, ליג און דרימל. אויף דיין נאָז קען איך זיך פֿאַרלאָזן. וועסט הערן עמיצן . . . וועסטו לאָזן וויסן. גוט. ליג.

סטיאָפּאַ איז דער לעצטער אריינגעקראָכן אין דער זעמליאַנקע. זעענדיק ווי די דריי זיינען געבליבן שטיין ביי זייערע „געלעגערס", געזוכט באַזאָרגן, האָט ער שולדיק אַרויסגערעדט — אַוועקגעגאַנגען. טאַקע אוועקגעגאַנגען. — שיר שיר האָט ער ניט צוגעגעבן: אים אַליין געזען אַוועקגיין און אים נישט צוריקגעהאַלטן. פֿון מויל האָט ער אַרויסגעבראַכט — ניט גוט. זייער ניט גוט. דיסציפּלין דאַרף זיין, חברישע דיסציפּלין, אָבער וואָס? אין אַזעלכע זאַכן . . . מיט צען פּאָר אָקסן וועסטו ניט איינהאַלטן. נו וואָס, פֿאַרפֿאַלן. ער זאָל כאָטש ניט אַוועקגעבן זיין לעבן צו ביליק . . . און מיר . . . שלאָפֿן! גייט שלאָפֿן! — האָט ער זיי געטריבן, זיך אַליין אַוועקגעלייגט. דער שלאָף איז אָבער ניט געקומען, ניט צו סטיאָפּאַן, ניט צו די איבעריקע. „אין אַזעלכע זאַכן . . . "

(4)

**א** טאָג, צוויי און עס איז קלאָר געוואָרן אַז באַזאַר וועט שוין צוריק ניט קומען, אפֿילו מאריא, וועלכע לעבט מסתם, וועט שוין אויך ניט

קומען, ניט ברייענגען קיין עסן, ידיעות. איין פינפטל ווינציקער — אַ פינגער פון אַ האַנט, די האַנט איז אָבער געבליבן און זי האָט געביסן — אַרבעט. דער פעלנדיקער פינגער האָט נאָך פאַרשאַרפט די בייסעניש.

דער גאַנצער נאַכמיטיק איז אַוועקגעגאַנגען מיט איבערקוקן דעם „אַרסענאַל" — ביקסן, רעוואָלווערן, האַנט גראַנאַטן, דינאַמיט און מעסערס. סטיאַפּאַ האָט אין עטליכע ווערטער אויסגעלייגט דעם פּלאַן פון אַרבעט. אַלץ איז געווען גרייט. אין אָוונט האָט סטיאַפּאַ באַפוילן זיך צולייגן דערוויל. מהאָט געפאָלגט, קיינער איז אָבער נישט גע־שלאָפן. ווען מהאט זיך אויפגעהויבן גיין צו דער אַרבעט האָט יעדער איינער דערפילט אַ דערלייכטערונג — ענדליך איז דער צוג אנגע־קומען . . .

די גאַנצע אָפּעראַציע האָט געדויערט געציילטע מינוטן. פּיאָטר און סטיאַפּאַ האָבן פאַרמאַכט די מיילער די צוויי וועכטער נאָך איידער יענע האָבן זיך געכאַפּט וואָס עס קומט פאָר, און ווען זיי האָבן באַנומען וואָס עס טוט זיך איז שוין געווען צו שפּעט. סטיאַפּאַס דייטש האָט נאָך באַוויזן אַרונטערציען סטיאַפּאַן מיט זיך און ערשט אויף דער ערד שוין האָט אים סטיאַפּאַ דערענדיקט. ווען סטיאַפּאַ איז אויפגעשפּרונגען האָט ניסן שוין באַוויזן „אַרויסציען דעם קאַרעק פון פלעשל", געוואָרפן איין גראַנאַט, אַ צווייטן, אַ דריטן, דער קנויט צום דינאַמיט — אַ פייערדיק שלייַנגל איז שנעל געקראָכן, די גרעסטע טייל פון דער צייט־ווייליקער בריק האָט זיך שוין געטראָגן מיטן שטראָם.

אַ שנעלע שיסעריי, שרילע פייפערייען. די דריי האָבן, פויזענדיק אויף אַלע פיר, זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן שפּיץ בערגל, דאַן זיינען זיי אַרונטער צום פלאַך לאַנד, אין וואַלד. זייערע קני, די גאַנצע קערפּערס האָבן געציטערט. די געשפּאַנטקייט פון טאָג האָט זיך אַרויסגעריסן אין די געציילטע מינוטן דאָרטן ביים ברעג, איצטער זיינען זייערע קערפּערס געווען פּרוזשינעס וועלכע עמיצער האָט שטאַרק אַ צופּ געטון, די פּרוזשינעס האָבן געציטערט, זיך געטרייסלט. ניסן האָט זיך אַ נעם געטון צו דער קעשענע. סטיאַפּאַ האָט געכאַפּט זיין באַוועגונג, אים אָפּגעשטעלט: ניט איצטער. קומען אַהיים, דאָרטן

פאַררויכערן. מיאיז געגאַנגען שנעל און שטיל. זשוק איז אנטקעגנ־געקומען, נאָך אים דאַנילאַ. זשוקן האָט סטיאפּא א גלעט געטון, דאַנילאַן אַ וואָרט ניט געזאָגט. ערשט קומענדיק צו דער זעמליאַנקע האָט ער באַפוילן: — בלייב דאָ און גיב אַכטונג. זשוק וועט א ביל טון, פאַר־מאַך אים גלייך דעם מויל. פאַרשטאַנען? — מיאיז אַריין אין זעמ־ליאַנקע.

ביי דער שיין פון זיין ציגאַר טוטין האָט סטיאפּא דערזען אַ פלעק אויף זיין רעקל און זיך אזש פאַרקרומט. — אַט א חזירישע מאָרדע! פאַרפאַסקודעט מיין רעקל. און דיין רעקל? אויך?

— מיין פריץ האָט זיך אָוועקגעלייגט ווי אַ קאַטיקל. אַ ריין שטיקל אַרבעט.

— דו, פיאָטר, ביזט א מזלדיקער. מינאַ, דערלאַנג מיר דאָס פלעשל ספּירט, זיי אַזוי גוט. אפוואַשן אַט דאָס א. וועט מיר ניט גוט דערפון.

סטיאפּא האָט געוואַשן, געריבן דעם בלוט פלעק פון זיין רעקל. ניסן און פיאַטר האָבן אַרונטערגעצויגן זייערע רעקלעך, זיך אַוועק־געלייגט אויף די נאַרעס. די אויגן האָבן זיך פאַרמאַכט, קערפּערס האָבן נאָכגעלאָזט, א רואיגקייט האָט זיך פאַרשפּרייט איבער די גלידער, איינגעלייגט די ציטערניש, די שפּרינגעניש, ניסנען האָט זיך אָבער געדוכט ער האָט געהערט שיסערייען, פייפערייען און ער האָט אויפגעריסן די אויגן ווי ער וואָלט אין דער פינסטערער זעמ־ליאַנקע געוואָלט געוואוירע ווערן, דערגיין מיט די אויגן צו שיסט מען טאַקע, פייפט מען טאַקע איצטער, אָדער דאָס האָט אפּגעקלונגען פון פריער, דאָרט ביים ברעג. קערפּערס האָבן זיך געצאַפּלט צווישן מידיגקייט און אומרו, אָט איינגעשלאָפן, אָט אויפגעציטערט, די מידיגקייט האָט געזיגט, זיי זיינען איינגעשלאָפן ביז שפּעט אויף טאָג.

כמורנע, צעקנייטשטע האָבן זיי זיך געזעצט צום „טיש", עסן אנבייסן — ברויט כאָטש האַק מיט א האַק, פיש — ביין. ציין, מיילער האָבן שווער געאַרבעט, קיין וואָרט איז ניט אַרויסגעבראַכט געוואָרן, די שווייגעניש — א שטומער פּירוש אויף דער פאַרגאַנגענער נאַכט, איצטיקן מאַלצייט. סטיאפּא האָט זיך אויפגעהויבן, געבראַכט דאָס פלעשל בראָנפן, דערלאַנגט ניסנען — טרינק! — ווען ניסן האָט

אָוועקגעשטעלט דאָס פלעשל האָט סטיאפּא מיט א הויב פון אַ ברעם געלאָזט וויסן פיאטרן ער זאָל טרינקען, ערשט נאָכדעם האָט סטיאָפּא גענומען דאָס פלעשל, אפּגעמאסטן דאָס ביסל בראָנפן דאָרט, איבער־געקערט דאָס פלעשל און אויסגעזויגן ביזן דעק. — סיי ווי דאַרפן קריגן שפּייז, — האָט ער אַ זאָג געטון, — שוין קריגן אַ ביסל ספּירט אויך.

דאָס ביסל בראָנפן אויפן ניכטערן מאָגן האָט א שלאָג געטון אין קאָפּ. מיהאָט געעסן געשמאקער, דאָס מויל האָט מיט מי נאָכגעיאָגט דעם מאָגן: בורטשע ניט! אָט גיב איך דיר. דער מאָגן האָט זיך איינ־געשטעלט, דער קאָפּ איז אבער ניט געוואָרן קלאָרער, דער געמיט ניט לייכטער.

סטיאפּא האָט אפּגעווישט דאָס מויל מיט דער האַנט, זיך אויפ־געשטעלט. — איצט וועט דאנילא גיין שלאָפן און איר טוט וואָס איר ווילט, נאָר פון זעמליאַנקע זאָלט איר נישט אַרויסגיין. זשוקן אויך ניט אַרויסלאָזן. איכל פאַרמאַכן די „טיר" פון דרויסן. רעכט אַז זייער פליענדיקע אפּטיילונג זאָל זיך היינט אַרויסלאָזן אין וואַלד.

— און דו?

סטיאפּאס איין אויג האָט זיך א קאסע געטון אויף פיאטרן, אַן אויגנבליק, באַלד האָט א שמייכל זיך אויסגעשניטן אַרום זיין מויל. — און איך וועל אַרויסגיין א קוק טון, אפשר קריגן אַ ביסל בראָנפן . . .

פינסטערניש און שטילקייט האָבן אנגעפילט די זעמליאנקע. די „טיר" — א שטיק ערד מיט א יונגער סאסנע אַריינגעזעצט און צוגעפּעסטיקט צו א פּאָר ברעטער פון דער צווייטער זייט — האָט זיך אַזוי אַריינגעפּאַסט אין דער עפענונג אַז קיין געשטאפּא אגענט וואָלט ניט איינגעפאַלן אז אונטער דעם בוימל געפינען זיך לעבעדיקע מענטשן. די זעמליאַנקע איז געוועזן זיכער פון דרויסן. אינעווייניק? די שטיל־קייט, די פינסטערניש האָט געדריקט, די לופט האָט געשטיקט. ניסן האָט מער געפילט ווי געזען אַז פיאטר האָט זיך אויפגעזעצט. — שלאָפסט? — האָט ער דערהערט.

— שלאָפט זיך ניט, — האָט ניסן אומעטיק געענטפערט און זיך אויפגעזעצט.

— אַט דאָס איז עס. דרימלסט איין, מיט אמאָל — שיסערייען, פייפערייען.

— און איך האָב געמיינט בלויז מיר דוכט זיך עס.

— וואסער דוכטן! מישיסט, ברודער, מישיסט. פאַר יעדן פריץ וואָס מיר לייגן אַוועק שיסן זיי אויס צוואַנציק, דרייסיק, וויפיל זיי פאַרווילט זיך נאָר. פאַר נעכטיקער אַרבעט . . . דאָס איז ער געגאַנגען אין שטאָט אַריין, אויסגעפינען וויפיל מיהאָט שוין דערשאָסן. און איך דאַרף אפילו אין שטאָט נישט גיין. ווייס שוין . . . דאָס וועט ניט גיין, ברודערקע. געפעלט מיר ניט.

— און וואָס זאָל מען, לויט דיינע רייד, טון? זיצן מיט צענויפ־געלייגטע הענט?

— אויפן פּראָנט! זיך דורכרייסן צום פראָנט! — האָט פיאטר אַרויסגעשאָסן די רייד און גענומען האַקן פונקען מיט דער קרעסילע, פאַררויכערן. ניסן האָט אויך פאַררויכערט. — פּ־פּ־ראָנט? — האָט ניסן אַרויסגעבלאָזן, — א סאָלדאַט, וואו מישטעלט אים אַוועק דאָרט איז זיין פראָנט. נעם, צום ביישפּיל, נאזארן . . .

— וואָס נאזאר! נאזאר איז סיי ווי געווען אַ פאַרלוירענער.

— נאזאר אַ פאַרלוירענער?

— נו געוויס. דער מענטש וואָלט סיי ווי שוין לאַנג נישט גע־צויגן. דאָס האַרץ איז ביי אים געווען ניט אין אָרדנונג.

— נאזאר, א האַרץ? אזא געזונטער, אזא . . .

— נו יאָ, אזא געזונטער. גוט וואָס מענטשן טראָגן ניט זייערע הערצער אינדרויסן, זעט מען ניט וואָס דאָרטן טוט זיך. בראַקאַוונע סחורה. אַלע . . . געקומען זיך אנשליסן אַן דער אַרמיי האָט מען אים צוריקגעוויזן, ווייסטאָך, אַן אַרמיי איז אַן אַרמיי, און ער האָט זיך באַליידיקט, אים האָט ניט אַזוי געאַרט וואָס ער איז קראַנק נאָר וואָס ער איז קראַנק. פון דער מאַמעס צד א פּאַליאַק, האנאראַוועו. נו, האָט ער זיך צוגעשאַרט אַהער, און דאָ — מאַריא . . . זי איז מיט צען יאָר יונגער פון אים! ער האָט געהיט אירע טריט און זי — אַ ווינטיק ווייבל. איז אָט . . . ז י י ן מאַריא! זי די איינציקע? צענדליקער, הונדערטער. מיהרגיעט, מישיסט. ניט גוט, ברודער, ניט גוט, אַזוי אנגיין וועט פון שטעטל אפילו קיין דערפל ניט בלייבן.

„איר זיצט דאָ!" ווער קען עס איינזיצן? איכיל אַוועקגיין! — האָט פּיאַטר א וואָרף געטון די ווערטער און אויך זיין שטיקל פּאַפּיראָס און זיך געטון א שטעל אויף. ביסן האָט זיך אויך א הויב געטון. — וואַרט אַ ווייַלע. סטיאָפּאַ וועט קומען. — ביסן און פּיאַטר זיינען גע־שטאַנען אַזוי נאָענט אַז איינער האָט געקענט פילן דעם צווייטנס אָטעם, פּיאַטר האָט דערפילט עס איז ניט בלויז אַן עצה פון ביסנען, נאָר אַ ווארנונג, א באפעל.

— אפשר ביסטו גערעכט, — האָט ער שטיל א זאָג געטון, זיך אויסגעדרייט און זיך צוריק אוועקגעזעצט. ביסן האָט אַ צי געטון זשוקן צו זיך און זיך אויך אַוועקגעזעצט.

שוין געווען טונקל אין דרויסן ווען זשוק האָט זיך א הויב געטון, גענומען שפּרינגען צו דער טיר, באַלד האָט זיך אַרייַנגעשטעלט סטיאָפּאַ. די פרישע אָוונט לופט האָט א שפּאַר געטון אין דער זעמ־ליאַנקע, א דורכזיכטיקע, גרויע ליכט פּליעווקע האָט זיך פאַרצויגן אין דער עפענונג. גרוי איז געווען סטיאָפּאַס פּנים, דער אופן ווי ער האָט שווייַגנדיק זיך אַוועקגעזעצט האָט ניט אנגעזאָגט קיין גוטס.

— קענטיק האָסט קיין בראָנפן נישט געבראַכט, — האָט פּיאַטר בייזוויליק געפרעגט.

— ניין, קיין בראָנפן האָב איך ניט געבראַכט. — סטיאָפּאַס רייד האָבן געקלונגען פאַרטויבט. — און דו, וואָס, זיך פאַרביינקט נאָך אַ ביסל בראָנפן? — די פראַגע איז שוין געווען אַ פּאַטש פּאַר א פּאַטש.

— וואָלט נישט געשאַדט איצט, — האָט פּיאַטר געענטפערט, און דער אַקצענט אויפן איצט האָט געזאָגט: מיר פאַרשטייען זיך, ברודער.

— קריגן בראָנפן. נאָך היינט קריגן, שפּעטער א ביסל. מיכאַילא מיט זיין חברה האָבן אָפּגעשלאָגן אַ טראַנספּאָרט א גאַנצן. צען וואגנס אנגעפּאַקט מיט כל טוב.

— און וויפיל האָט עס געקאָסט?

— קיין איין מענטשן ניט פאַרלאָרן. איינער לייכט פאַרוואונדעט. אַ קראַץ געטון.

— איך מיין נישט דאָס. איך מיין אין שטאָט. וויפיל האָט מען דערשאָסן?

— און דו ווילסט עס וויסן?

— ניט איך וויל וויסן, איך ווייס!

— ווייסט אַ ביסל צופיל, פּיאַטר אַלעקסעיאיטש.

דער פּיאַטר אַלעקסעיאיטש האָט אפּגעקלונגען שאַרף, שטרייַנג

— שווייג! פּיאַטר האָט מער ניט געפרעגט. דאַנילא האָט זיך אויפ־געכאַפּט. מ׳האָט אנגעצונדן אַ שטיקל ליטשינע, זיך געזעצט עסן — ברויט מיט וואַסער.

— געווען באַדאַרפט מיטברייַנגען אַ האָק, — האָט דאַנילא אַ זאָג געטון, איבערברעכנדיק אַ שטיק ברויט. — אויף אַזאַ ברויט דאַרף מען אַ דרעש מאַשין, ניט קיין צייַן.

— ביים טאַטן ביי דייַנעם האָסטו יעדן פרימאָרגן געעסן הייסע זעמעלעך מיט פּוטער? — האָט פּיאַטר געשפּעט.

— זעמעלעך ווי זעמעלעך, קיין פּאַנעס זייַנען מיר ניט געווען, — האָט שוין דאַנילא געשלאָגן צוריק, — אָבער ברויט האָבן מיר געהאַט גענוג. בעסערן ברויט פון דעם די בהמות אָוועקגעגעבן.

— זעסטו! — האָט פּיאַטר נאָך אַלץ געשפּעט.

— דו, דאַנילא, הער זיך ניט צו צו אים. טינק דעם ברויט אין וואַסער און עס אויף ביידע באַקן. עס זיך גוט אָן. די לבנה וועט פאַרגייַן וועלן מיר זיך אַרויסלאָזן נאָך פּראָוויאַנט. אפּגעמאַכט — נעמען וויפיל יעדער איינער קען פאַרטראָגן.

— אַ פּוד פינעף מייַנסטו?

— אויב דו׳סט דערשלעפּן.

— פלעג נעמען אַ זעקל מעל, צו אפילו אַ זעקל זאַלץ מיט איין האַנט, אונטערן אָרעם, — האָט דאַנילא ניט אָן באַרימעניש געזאָגט און געשמאַק געקייַט דעם אָנגעווייקטן ברויט.

— ווי ווייַט דאַרף מען עס גייַן?

— אָה, דאָ ניט ווייַט. ניט באַמערקט דעם סקלאַד דאָ דערביי?

— האָט שוין סטיאָפּא גוטמוטיק געשפּאַסט.

— קיין סקלאַד ניט באַמערקט, אָבער אַז דו זאָגסט מסתם ווייסטו. און מייַן חלק, מעגסטו זיכער זייַן וועל איך דערטראָגן. — דאָס

פאמעליכע ריידן האָט געשמעקט מיט פויערישקייט, פאמעליך, זיכער.
— יעדער איינער וועט זיין חלק דערטראָגן.
ניסן און פיאָטר האָבן דערפילט דעם הינטערטאָן אין סטיאָפּאַס רייד.
— און איצט, אַז מיר האָבן אָפּגעעסן „די לעצטע וועטשערע", וועלן מיר פאַררויכערן און אַרויסגיין א ביסל אין דרויסן, זען וואָס טוט זיך עפּעס. ניט אַזוי, זשוק? נו, נו, האָסט געקראָגן דיין חלק, שפּרינג ניט, ברודערקע. אט אזוי. — אַלע האָבן פאַררויכערט. פיאטר און ניסן האָבן אַ טראָט געטון צו דער עפענונג. — מירן אויסרויכערן דאָ, אַרויסגיין שפּעטער, — האָט סטיאפּא געראָטן־באַפוילן. אין דער האַלב פינסטערניש האָבן פיאָטר און ניסן זיך איבערגעקוקט — וואָס פאַר אַ מאניפּארגעס פּראָווועט ער? דאָך געפּאָלגט. ערשט ווען אַלע האָבן אויסגערויכערט איז מען אַרויסגעקראָכן פון זעמליאַנקע, געבליבן ליגן אויף די בייכער.
— זעסט! סאַרא אילומינאַציע פריץ האָט עס געמאַכט!
אַ ברייטער, ווייס־בלויער ליכט בעזים האָט געקערט דעם ברעג פון טייך, זיך געהויבן צו די בוימער, זיי איבערגעבראָכן און געשטיגן הויך צום הימל. די לבנה, אַן אָפּגעקארבטע, האָט רואיק צוגעקוקט: נאַרישער דייטש! דעם הימל וויל ער באַלייכטן. דער נאַרישער דייטש האָט געקירעוועט דעם ליכט בעזים פון הימל צוריק צום וואַלד, געהאַקט די בוימער, זיך אַריינגעשניטן צווישן זיי, געשניטן די בוימער און צוריק צום ברעג, און ווידער צום הימל. זשוק האָט א ביל געטון. סטיאָפּא האָט אים א פּעטשל געטון איבערן קאָפּ — שטיל זאָל זיין! און צום פּאַס ליכט א זאָג געטון: זוך, זוך, דיר אַרויס־קריכן די אויגן זוכנדיק. בייטאָג ניט געהערט גאַרניט? — האָט ער זיך געווענדעט צו ניסנען.
— נ ־ י ־ י ־ ן, ניט געהערט, וואָסי?
— אַזוי. די פליענדיקע אפּטיילונג האָט זיך אַרויסגעלאָזט. אין יענער זייט האָט מען זיי געזען.
— צופּוס?
— עטליכע צופּוס, א פּאָר אויף פערד.
— אפשר אָפּלייגן אויף מאָרגן? — האָט דאנילא א פרעג געטון.

— אָפּלייגן וואָס?
— דאָס גיין אין סקלאַד . . .
— אהה! און וואָס ווּעסטו מאַרגן עסן אַנבייסן? זויגן דעם פינגער?
— איך האָב נאָר געפּרעגט.
— און איך האָב געמיינט דו האָסט מורא געקראָגן פאַרן וואַלד שד.
— כיהאָב ניט קיין מורא פאַר קיינעם, — האָט דאַנילא קינ־דעריש קאַפּריזנע געענטפערט.
— נו, אויב דו האָסט קיין מורא ניט וועלן מיר גיין. זאָל נאָר די לבנה פאַרגיין. און זיין לבנה . . . מיר שפּייען אויף איר.

(5)

מיכאילא האָט זיי אויפגענומען מיט איבערטריבענער פריינדליכקייט. ווען ניט זיין בגילופנדיקייט וואָלט מען עס געקענט אָננעמען אַלס פאַלשקייט. — געסט! אנגעלייגטע געסט! ווילקאָמען אין אונזערע פּאַלאַצן! — די פּאַלאַצן, די זעמליאַנקע, ענליך צו זייער זעמליאַנקע, מער ניט, גרעסער, דערפאַר אָבער אָן קיינע נארעס, מענטשן זיינען געשלאָפן אויף דער גלייכער ערד און דער טיש — אן איבערגעקערט פעסל. דערפאַר אָבער אויפן טיש . . .

מיכאילא האָט, ניט אָן אויסשטעלעריי, אַרויסגעלייגט אויפן טיש ברויט, חזיר, קאַלבאַס און, אונטערווינקענדיק מיט איין אויג, אַרויס־געצויגן פון אַ ווינקל אַ גרויסן שטאָף בראַנפן. — אַלץ ביי זיי! — האָט ער שטאָלץ אויסגערופן. צען וואגנס א נ ג ע פ א ק ע ו ו ע ט! וואָס איז דאָרט ניט געווען? אפילו . . . — ער האָט א ריהע געטון אין א הורבע זאַכן און, האַלטנדיק מיט די שפּיץ פינגער א פּאָר ווייבערישע אונטערהויזן, האָט ער זיי באַוויזן. — אפילו אָט דאָס אָ! די אייער זיי באַדאַרפט געווען אויסשניידן, אַזעלכע היגטישע זין! — ער האָט אַ וואָרף געטון די הויזן. — ליידיקן די דערפער, ליידיקן זיי אויס, צען פורן פויערישע פּראַציע. — ביי די וווערטער פויערישע פּראַציע איז די האַפערדיגקייט פון זיינע רייד פאַרשוואונדן, די גרויסע גרויע אויגן האָבן וואלפיש א בליץ געטון, דאָס מויל אונטער די ווייזער

וואָנצעס האָט זיך פאַרשטייפט. — אָבער מיר האָבן זיי צורעכט געמאַכט. „האַלט!" האָט פריץ געגומען שרייען. נו, מיר האָבן אים שוין געהאַלטן. בלויז איינער האָט באַוויזן אויסשיסן, טראַכימען אַ קראַץ געטון, די איבעריקע — פוטש! אַלע ווי איינעם אַוועקגעלייגט, אַזעלכע הינטישע זין! נו, נעמען צו גלעזעלעך?

מיהאַט געגומען צו „גלעזעלעך", יעדער איינער האָט אנגעבויגן דאָס פלעשל צו זיך אין מויל, האַלז, געשטרעקט די הענט צום פאַרבייסן.

— און אפשר ווילט איר קאָנסערוון צום פאַרבייסן?

— קאָנסערוון? !

מיכאַילאַ האָט אנגענומען אַ הויפן בלעכענע קעסטלעך, אַ שאָט געטון אויפן טיש. — דאָס אויך פאַרנומען. מסתם אויסגעליידיקט אַ קראָם. ניט קיין רוסישע. קען עמיצער פון אייך לייענען? — דאָס קעסטל איז איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט. — דאָס איז נאָרוועגישע, — האָט ניסן אַ זאָג געטון, — נאָרוועגישע הערינגלעך.

— נאָרוועגישע, זאָגסטו? נאָרוועגישע הערינגלעך? צו וועלכע שוואַרצע יאָר דאַרפן מיר נאָרוועגישע? רוסישע איז שלעכט? רוסישע קאַלבאַס, היימישער חזיר. עסט! עסט, ברידערלעך!

מיהאַט געעסן, געטרונקען, געעסן געשמאַק, מיט אַ ת כ ל י ת, שווייגנדיק. ווען דער הונגער איז שוין געשטילט געוואָרן האָט מען גענומען קייען פאַמעליכער, סטיאָפּאַ האָט אַ פרעג געטון: געזען די אילומינאַציע?

— געזען, אודאי געזען. פריץ קען מיר לייכטן אין מיין הינטן, אָט וואו ער קען מיר לייכטן. דערשרעקן די סאָוועס, די פלעדערמייז, ניט אונז. מירין אים נאָך ווייזן!

— זייער פּליענדיקע אפּטיילונג מוז דאָ זיין ערגעץ נאָענט.

— יאָ, אַזוי האָב איך געהערט, — האָט מיכאַילאַ שוין טרוקן געענטפערט. — אַ בעלן געוועזן זיך באַגעגענען מיט זיי, וואָלט זיי געוויזן. זיי וואָלטן ביי מיר געפלויגן. אָבער, ווייסט דאָך, זוכן זיי וועל איך ניט גיין . . . — האָט ער שעלמיש צוגעוואונקען. — נו, פאַר דער לעצטער שלאַכט!

מיהאַט ווידער אויסגעטרונקען און מיכאַילאַ האָט אַ זאָג געטון:

איז וואָס? געקומען נאָך פּראוויאַנט? גוט, נעמט וואָס איר דאַרפט. און טאַרבעס געבראַכט?

יעדער האָט אַפּגעוויקלט, אָפּגעלאָזט זיין טאָרבע. מיכאַילא האָט מיט די אויגן אַ מעסט געטון די זעקלעך און זיינע גרויסע אויגן זיינען גרעסער געוואָרן: זיך אנגעמאָסטן די חברה!

ביי דער שיין פון אַ לאַמטערן מיט אַ חלבן ליכטל אינעווייניק האָט מיכאַילא געשטעקט די האַנט אין זיין סקלאַד אַריין, אַנגענומען זאַכן און זיי געלייגט אין טאָרבע. ניט איין מאָל האָט ער אַנגענומען עפּעס אויף אַריינצולייגן, חרטה געקראָגן און צוריק אוועקגעלייגט.

— און אַ ביסל ספּירט ווילט איר דאָך מסתּם אויך?

— צונויף קומען באַנעצן דעם גומען, — האָט סטיאַפּאַ געענט־פערט אין זיין פאַלקסטימלעכער אויסשפּראַך.

— פאַרן גומען וועל איך ניט קאַווירן, אָבער אויף די ליפּן קענסטו פּרובירן, — האָט מיכאַילא אָפּגעענטפערט אינם זעלבן טאָן און אַריינגעשפּאַרט אַ פּאָר ק ל י י נ ע פלעשלעך בראַנפן. — נו, האָט איר אַלעס.

— אַ דאַנק, אַ שיינעם דאַנק, מיכאַילא.

— וואָס׳ער דאַנקן? וואָס איך האָב דאָס גיב איך. און סאיז דען מיינס? אונזערס! פויערישע פּראַציע. נו אָט, זיך צעטיילט און גייט געזונטערהייד.

די פירן האָבן אַרויפגעוואָרפן די זעקלעך אויף די פּלייצעס, אויס־געגלייכט די ביקסן, זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג. מיכאַילא האָט זיי באַגלייט. — און פריץ שפּילט זיך נאָך אַלץ מיט זיין אילומינאַציע. גייט מיטן גרובן, ווייסטאָך . . .

— מיר ווייסן דעם וועג. ניט געזאָרגט. אַ גוטע נאַכט און אַ דאַנק.

— אַ גוטע נאַכט. גייט געזונטערהייד.

די פירן האָבן זיך געלאָזט אין וועג. דער וואַלד איז געשטאַנען אַ פינסטערער, אַ שטילער, מער ניט יעדע צוויי מינוט האָט אַ ווייס בלויער ליכט חלף אַ שניט געטון דעם וואַלד, איבערגעהאַקט די ביימער, אַ וויש געטון די סאָסנע נאָדלען אויף דער ערד, זיך פאַרריסן הויך צום

הימל און ווידער אמאָל איבערן וואַלד. א פויגל האָט א געשריי געטון, זשוק האָט א ביל געטון.

— זשוק! — האָט סטיאפּא א שיפּע געטון און א צי געטון דעם הונט צו זיך. מיהאָט זיך פאַרנומען טיפער אין וואַלד, צום גרובן צו, מיאיז געגאנגען שטיל, פּאמעליך, די אויגן בויערנדיק די פינסטערניש, דער פּאַס ליכט — א רעגלמעסיקער בליץ, האָט געמאַכט די פינסטערניש נאָך דיקער, געדיכטער.

זשוק האָט זיך אַ ריס געטון, א לאָף געטון, גענומען בילן. — שטיי! — האָט סטיאפּא שטיל און שאַרף באַפוילן. אַלע זיינען געבליבן שטיין ווי צוגעקלעפּט צו די בוימער. צו זשוקן האָט ער א שיפּע געטון — זשוק! זשוק! אַהער גיי! — דער הונט האָט זיך צוריקגעקערט, האָט זיך א רייב געטון ביי סטיאפּאס פיס, א הויב געטון די שפּיציקע מאָרדע, די „קאמפּאס נאָדל" האָט א ווייז געטון: דאָרטן! און, ווי מורא האבנדיק אז דער נארישער מענטש וועט פאָרט נישט פארשטיין, האָט ער אַ ביל געטון: הערסט? דאָרטן! פון „דאָרטן" האָט זיך דערטראָגן אַ פארשקען פון אַ פערד, דער פּאס ליכט האָט א שניט געטון און סטיאפּא האָט דערזען אַ פערד, א סילועט פון אַ רייטער. טרוקענע סאסנע נאדלען אונטער פערדישע קאפּיטעס. סטיאפּא האָט אַרונטערגעלאָזט זיין זעקל, ניסן און פיאָטר האָבן געטון דאָסזעלבע.

— לייג זיך! — האָט סטיאפּא א היסע געטון, זיך אַרונטערגעלאָזט אויף די קני, אויפן בויך, בלויז דער קאָפּ עטוואָס אונטערגעהויבן, די ביקס אין האַנט. ניסן, פיאטר האָבן נאָכגעפּאָלגט, דאנילא, מיטן זאַק נאָך אויף די פּלייצעס, האָט זיך א צי געטון פּאָראויס, מיטן אויבערשטן האַלבן קערפּער בלויז, מיט אַמאָל א שליאָפּ געטון צום באָדן, טרוקענע צווייגן האָבן זיך א בראָך געטון.

— האַלט!

— האַלט! האָט אפּגעהילכט אין וואַלד, דער פּאס ליכט האָט א שניט געטון, א שאס האָט א קנאל געטון. זשוק האָט זיך א ריס געטון מיט א געביל.

— זשוק! זשוק! — האָט סטיאפּא געשיפּעט, געפּרואווט זיך א הויב טון, גלייך אָבער צוגעפּאַלן צוריק צום באָדן. א שנעלע שיסעריי.

די אויערן אנגעשפּיצט, האָט יעדער איינער געפּרואווט כאַפּן פון וואַנען ג ע נ ו י קומט די שיסעריי.

— מא־טוש־קא! — האָט זיך דערהערט.

— דאנילא, — האָט פּיאטר א זאָג געטון.

זשוק האָט זיך צעריסן בילנדיק, מ׳האָט געקענט הערן ווי ער שפּרינגט הין און צוריק, דאַן ווי ער איז א לאַף געטון, אַרויסגעלאָזט א דינעם, שארפן קוויטש און דער קוויטש איז אַרויסגעקומען אַ ניט פאַרענדיקטער, אפּגעהאַקט אינמיטן.

— זשוק, — האָט סטיאפּא א זאָג געטון, — זיי האָבן דערהרגעט זשוקן, די . . . דאָ א זיינען זיי. דאָ! שיס! אין זייער מאַמע אַריין . . .

די שטילקייט, א צעשפּליטערטע פון די שיסערייען, האָט מיט אמאָל זיך א פעלבל געטון אונטער דעם הירזשען פון א פערד, זיך גענומען טרייסלען אונטערן פערדס לויפן. די דרייען האָבן פאַרשטאנען, דער רייטער איז אַרונטערגעפאַלן . . . איצטער די פוס גייער. וויפיל? דער ליכט בעזים האָט געקערט דעם וואַלד, אויסגעקערט איינעם, אַ צווייטן, א דריטן, די קוילן האָבן זיי נאָכגעיאָגט. קיינע שיסערייען. שטיל. דער פאס ליכט האָט זיך אַריינגעשניטן צווישן די בוימער, געבליבן הייגען — אַ העלער אויסרוף צייכן: נו! דער וואלד האָט געשוויגן, די בוימער פון ביידע זייטן פאס ליכט האָבן אנגעבויגן די קרוינען, זיך געשושקעט: וואס וויל ער, וואָס?

די דרייען האָבן זיך אויסגעגלייכט, געשטעלט קעצישע טריט, זיך איינגעהערט, זיך איינגעגראָבן מיט די אויגן אין וואַלד, דאַן אַ צי געטון די ביקסן רימענס איבער די אַקסל, א שפּאַן געטון דרייסט און דאָך פאַרזיכטיק.

דאנילאַן האָבן זיי באַלד דערזען. די טארבע האָט זיך געוויסט לעבן אים. — טויט, — האָט פּיאטר א זאָג געטון נאָכדעם ווי ער האָט אים אנגערירט. סטיאפּא האָט אָוועקגעשפּאנט, איז אונטערגע־שפּרונגען, באַלד צוריקגעקומען מיט זשוקן אויף די ארעמס — דער־הרגעט! אזעלכע סוואלאטשעס! — ער האָט אַרונטערגעלאָזט דעם הונט לעבן דאנילאַן, אַ גלעט געטון דעם הונט און זיך אויפגעהויבן.

— גענומען די טארבעס און געגאנגען, — האָט ער שאַרף באַפוילן.

— און דאנילא?

— שפּעטער.

שווייגנדיק האָט מען דערטראָגן די זעקלעך ביז צו דער זעמ־ליאַנקע. סטיאָפּאַ איז אַרײַנגעקראָכן, צוגענומען די זעקלעך און אַרויס־געקומען צוריק מיט דרײַ גראָבע אײַזנס. — געגאַנגען!

— מײנסט?

— באַהאַלטן, וואָס איז דאָ צו קלערן. ביז טאָג זאָל קיין שפּור נישט בלײַבן.

— און אפשר? — האָט ניסן א פרעג געטון.

— געטראָפן אין קאָפּ, — האָט פּיאָטר א זאָג געטון. דער בעסטער טויט. ווען ער כאַפּט עס אַרײַן אין בויך, נאָך דער וועטשערע . . .

אין דער פינסטערניש פון וואַלד, אין דער שטילקייט פון דער שפּעטער נאַכט האָבן די דרײַען געגראָבן, געגראָבן פלײסיק, פלינק און שווייגנדיק. אויסגעגראָבן, האָבן פּיאָטר און ניסן צוגעבראַכט דאַנילאָן, אים פאַמעליך אַרונטערגעלאָזט, סטיאָפּאַ האָט אַ טרייסל געטון זשוקן, ווי צודריקנדיק אים צום ברוסט, און אים פאָרזיכטיק אַרונטערגעלאָזט. פאַרשיט די גרוב, אײַנגעטאָפּטשעט מיט די פיס, „באַזאַלצט" מיט סאָסנע נאָדלען, האָט מען זיך אויסגעגלײַכט.

— און זײַן ביקס?

— דאָ, — האָט ניסן געענטפערט.

— נעם ביקס און טאָרבע און געגאַנגען.

— און די דײַטשן? וואָס מכח זיי?

— כאַפּט זיי . . .

— צוליב די שפּורן . . .

— זײַן סיי ווי מאָרגן איבערקערן דעם וואַלד. געגאַנגען.

די זעק אין דער זעמליאַנקע האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט פון דער ערד, געמאַנט: נו? האַ? זיך געלוינט? פּיאָטר האָט א בריק געטון איין זאַק מיטן פוס, זיך אַרונטערגעלאָזט אויף זײַן נאַרע, גענומען ווילקלען א ציגאַר טוטין. ניסן און סטיאָפּאַ האָבן נאָכגעפּאָלגט. די קרעסילע האָט געפּיקט די שטילקייט פון דער זעמליאַנקע, די פונקען, די פייערלעך פון די פּאַפּיראָסן האָבן געשטאָכן די פינסטערניש.

— אַ גוטער הונט געווען. ניט קריגן נאָך אַזאַ הונט, — האָט סטיאָפּאַ באַדויערט. ניסן האָט א וואָרף געטון מיטן אויג. אינם ליכט

פונם ציגאַר פייערל האָט ער געכאַפּט סטיאפּאס פּנים, אַ בראַנזענער, אַ האַרטער, דאָך האָט ביי ניסנען אין קאָפּ זיך ניט געקענט פּאַטויפּען ווי קען דאָס דער מענטש באַדויערן אַ הונט און ניט דערמאָנען אפילו דאַנילאַן. דאָס וואָלט געפּאַסט פאַר מיכאַילאַן, אָבער סטיאפּאַ! „לאָז די טויטע באַגראָבן . . . " ניט ער, ניט פּיאָטר האָבן עפּעס געזאָגט, אַלע האָבן זיך אויסגעצויגן אויף די נאַרעס.

(6)

סטיאפּאַ האָט אַרויסגעלייגט דעם רעוואָלווער, אַרויסגעצויגן דעם קינזשאַל, אײַנגעוויקלט צום אַרסענאַל און אַ זאָג געטון: איך גיי אין שטאָט. אויף ניסנס קוק: אַז מ'גייט אין שטאָט גייט מען מיט ליידיקע הענט? האָט סטיאפּאַ געענטפערט — אַזוי דאַרף זיין. אַ גוטער בעל מלאכה שלעפּט ניט אַרום זיין געצייג מיר ניט דיר ניט. ווען מ'גייט צו דער אַרבעט, דאַן נעם מיט וואָס דו דאַרפסט, אָבער אין שטאָט. אַ אונזעריקער דאַרף קודם זיך היטן ניט אַריינצופאַלן, פאַלט ער אַריין, אָבער מיט ריינע הענט, קען ער זיך אַרויסדרייען, מיטן צונג, מיטן קאָפּ, מיט די פּיס און, ווען גאָר שלעכט, מיט די הוילע הענט, פאַלט מען אָבער אריין מיט געווער, וועלכעס ניט איז געווער, דאַן איז, ווי זאָגט פּריץ, קאַפּוט. און דאָס לעבן איז צו טייער איך זאָל עס אונטער־טראָגן פריצן — נאַ, נעם עס. בלויז איין לעבן, נעם זיך דאָס גוט אַריין אין קאָפּ, אומזיסט דאָס לעבן גיב ניט אַוועק. איז אַט, איך גיי אין שטאָט. זיך דערלאַנגען אַהין און מסתמא קומען צוריק אויך. און איר זיצט דאָ. גייט ניט אַרויס. זשוק איז ניטאָ, און זיין מסתם איבערקערן דעם וואַלד. אַהער וועלן זיי ניט דערשמעקן אפילו מיט יאַגד הינט. געדיינקט זשע. און אויב איכ'ל ניט קומען . . . — ער האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט. — וועל קומען. און איר שלעפּט זיך ניט אַרום. און מאַכט ניט קיין פייער. גייט עס?

ביידע האָבן געשוויגן. סטיאפּאַ האָט אנגעטון די היטל, זי גוט אַרויפגעזעצט אויפן קאָפּ, זיין פּנים האָט מיט אַמאָל אנגענומען אַן עלטערן, פּויערישן אויסזען, און ער האָט זיך אַרויסגערוקט פון דער זעמליאַנקע.

— דאָס מאָל שוין נישט געגאַנגען נאָך אַ ביסל בראָנפן, — האָט פּיאָטר שפּאָטיש אַ זאָג געטון. „איך גיי אין שטאָט". גיי אין שטאָט, גיי. און איך דאַרף די שטאָט אויף כּפּרות. איך וואָלט אַרויסגעגאַנגען אַ זוך טון דעם דײַטשיס פערד.

— פערד?

— נו יאָ, א פערד. מיט אַ פערד גייט מען אַ ביסל שנעלער. זיך געקענט דערקלײַבן צום פראָנט גיכער פון זיי.

— אָה, — האָט ניסן א ברום געטון אומבאַשטימט, ניט ער האָט עפּעס קעגן דעם, ניט פאַר.

— יאָ, איכ'ל גיין אַ זוך טון דעם פערד. — פּיאָטר האָט זיך אויפגעהויבן. ניסן האָט געמאַכט אַ באַוועגונג ווי אויך זיך אויפהויבן, איז דאָך געבליבן זיצן. קען ער אים אפּשטעלן? רייד וועלן ניט העלפן, דאָס פילט ער, און כּח? . . .

— יעסט זיין דאָ?

— זיין דאָ, — האָט ניסן שטיל געענטפערט.

די שטילקייט אין דער זעמליאַנקע איז געוואָרן נאָך געדיכטער, די פינסטערניש דיקער. ניסן האָט גענומען האקן פונקען מיט דער קרעסילע, ניט אַזוי צוליבן פאַררויכערן ווי צוליבן קלאַנג, ליכט שפּריץ. פון דער ערד, דער פינסטערניש, דער שטילקייט האָט גע־ווייעט מיט פרימיטיווקייט, אור־אור־עלטער. ראַדיאָ! האָט אַ בליץ געטון פאַר ניסנען. פון אַלע דערפינדונגען איז ראַדיאָ ביי ניסנען געווען די וויכטיקסטע. עראָפּלאַן? אודאי, אָבער אַלץ ניט דאָס. ראַדיאָ! מיציט אַרויף דאָס טרייבל אויף די אויערן און מהערט די גאַנצע וועלט. איצטער א ראַדיאָ! הערן פון פראָנט, פון . . .

אים האָט א ציַ געטון צו דער וועלט, צו מענטשן. ער האָט אַ וואָרף געטון מיטן אויג. די פיסטערניש, די שטילקייט האָט זיך אנגע־רוקט אויף אים. ער האָט זיך אויפגעשטעלט. אויב סטיאָפּא קען, אויב פּיאָטר מעג . . . ער קען דעם וואַלד אַזוי גוט ווי זיי, און אין שטאָט . . .

בלויז איין מאָל, ווען אים האָט זיך געדוכט ער האָט געזען אַ פעלד גריבעם מונדיר, האָט ער זיך א לייג געטון אויף דער ערד, צוגעקראָכן צום גרובן, זיך אַראָפּגעקייקלט אַהין. ווייטער האָט ער

זיך דערקליבן צום ברעג טייך אָן קיינע געשעענישן. ביים טייך, ביי דער „גרויסער יאַדיקע", וואו ער האָט געוואוסט עריט ניט טרעפן קיינעם זיך באָדן — צו טיף — האָט ער אַרונטערגעצויגן די קליידער, זיי איינגעבונדן אין א פּעקל, צוגעפּעסטיקט צום קאָפּ און איבערגע־שוואומען ניט פאַרנעצנדיק א פאָדים. פון ווייטן האָבן זיך געהעלט אַ פּאָר ווייבערישע ליטקעס, א פרוי האָט געוואַשן וועש, נו, קיין געפאַר. איז איבערגעשוואומען אַ מענטש מיט די קליידער אויפן קאָפּ, זייט עס אפילו ניט איבעררעדן, ניט דערציילן.

דאָס אויסבאָדן זיך, דער שווים האָט אים דערפרישט. אָן אויפ־געמונטערטער האָט ער זיך געלאָזט אין שטאָט אַריין. אפילו דער אָנזען פון דייטשע סאָלדאָטן האָט אים ניט געקימערט, זיי גייען זיך זייער וועג, שטייען אויף זייערע פּאָסטנס, ער גייט זיך זיין וועג, ער — אַ מענטש מיט א גלעזערן אויג . . . ווען ער האָט אָבער גענומען זיך דערנעענטערן צום צענטער פון שטאָט, צו דער רויטער פלאַש־טשאַד, האָט ער מיט אמאָל דערפילט א ציטער אין די קני, איבערן רוקן איז דורכגעלאָפן אַ ווינטל, דער קערפּער האָט זיך ווי אַ צי געטון אויף צוריק — גיי ניט ווייטער! דאָס אויג האָט זיך אָבער איינגע־שטאָכן פאָראויס, זיך אַריינגעשטאָכן און ניט געקענט זיך אַרויסציִען — פינף תליות, סילועטן פון פינף מענטשן הייִנגענדיק . . . וויגנדיק זיך. וויגן זיי זיך? אַלץ וואָס ניסן האָט געוואָלט זען איז צו וויגן זיי זיך טאַקע . . . בלויז פאַרבייגיין, זען צו וויגן זיי זיך. סאָלדאַטן שטייען. נו . . . ניסן איז איבערגעגאַנגען אויפן צווייטן טראָטואר. גייענדיק פאַמעליך, אַזוי פאַמעליך אַז ער האָט געפילט דעם ציטער אין זיינע ליטקעס, האָט זיין אויג זיך געגליטשט איבער די תליות. איינע, צוויי, דריי . . . איבערגעגאַנגען! ביין, זיי האָבן זיך ניט געוויגט. דאָס האָט זיך אים געדוכט. זייערע קעפּ פאַרדרייט אויף אַ זייט, איין קאָפּ פאַרדרייט אויף אַרויף . . . אַוועק! אַוועק פון דאַנען! גיכער! נאָר ניט לויפן! רואיק. רואיק. רו ־ אי ־ ייי ־ ק. די ציטערנ־דיקע פינגער האָבן געשאַטן די מאַכאַרקע אין פּאַפּירל, די קרעסילע האָט עקשנותדיק אויסגעקלאַפּט פייער. פ־פ־ף! איצטער. וואוהין? נאָכוואָס איז ער אינגאַנצן געגאַנגען? אה! זיין שטיבל! דאָס שטיבל, וואו די מאַמע . . .

מיט אַ ציל פאַרן אויג איז שוין לייכטער געווען צו גיין. ביים בריק מוזן זיין נאָך מער סאָלדאַטן, אפשר גאָר פארצאמט, נו, מוז ער עס גיין מיטן הויפּט שאסיי? דורך די הינטערגעסלעך, עריט זיך שוין דערלאנגען.

וואָס איז דאָס? דאָ דאַרף דאָך עס זיין. אין דעם ערשטן שטיבל רעכטס האָט געוואוינט ירחמיאל דער בעקער, דאָס צווייטע דעם שוסטערס, דאָס דריטע . . . ניטאָ! פאַרסמאָלעטע העלצער, ציגעלנע קוימענס, פאַררויכערט אין דער הויך, נאקעט אונטן, האָבן אַ שפּאַר געטון אין אויג — וואָס קוקסטו וואָס? זעסט ניט? ער האָט געזען. פאַרברענט. דאָס האָבן זיי פאַרברענט. פאַר זיינע צוויי דייטשן . . . צוגיין, אַ שאר טון די האלעוועשקעס . . . ער האָט אַ שטעל געטון אַ פוס פאַראויס, זיך אַ ריס געטון אויף צוריק, זיך אויסגעדרייט, א וויש געטון דעם שטערן, דעם פּנים. הייס! איבערן קערפּער איז דורכגעלאָפן אַ קאַלט ווינטל. אַוועק! אַוועק פון דאַנען!

געקומען צוריק אין זעמליאנקע און קיינעם געטראָפן איז ביסן געווען צופרידן. צופרידן וואָס זיי ניט וויסן אַז ער איז געווען אין שטאָט, צופרידן וואָס זיי זיינען ניטאָ, קענען ניט איבערלייענען אויף זיין פּנים וואָס ער האָט געזען. דאָס געזעענע, האָט ער געפילט, איז אָפּגעשטעמפּעלט אויף זיין פּנים, עס האָט דורכגענומען זיין גאַנצן קערפּער. ער איז געליגן אויף זיין נאַרע און געזען די תליות. די תליות זיינען געשטאַנען שוין ניט אויף דער רויטער פלאַשטשאַד, נאָר אויפן פּלאַץ וואו זיין מאַמעס שטיבל איז געשטאַנען און אויף דער תליה . . . ער האָט א פּיר געטון מיט דער האַנט איבערן האַלז, אַ רייב געטון . . .

פּיאַטרס אַריינקומען האָט אים אויפגעהויבן פון זיין נאַרע, אים אַרונטערגענומען פון דער תליה. — נו, געפונען דעם פערד? — האָט ער אומגעריכט איראָניש א פרעג געטון.

— וואָס גייט עס דיר אָן?

ביסן האָט אנגעשטעלט אויף פּיאָטרן דאָס איינע אויג זיינס. פּיאָטרס פּנים האָט געמסרט.

— געווען אין שטאָט? — קיין איראָניע, סודותדיק, שרעקעוודיק.

— געווען.

— געזען?

— גערזען! אַ בלינדער קען דערזען! — האָט פּיאָטר אָפּגעענט־פערט, ניט טראַכטנדיק וועגן ניסנס גלעזערן אויג. — אויפגעריסן די אויגן. דעם גאַנצן אינגעוויייד האָט עס מיר שיר ניט אַרויסגעריסן. סוואלאטשעס! הינטישע זין!

ביידע זיינען געבליבן ליגן מיט זייערע זעאונגען פּאַר זיך, די אויערן אנגעשטריינגט: קומט שוין סטיאפּאַ?

ווען סטיאפּאַ איז צוריקגעקומען שפּעט אין אָוונט האָט ער גאָרניט געזאָגט, אפילו ניט געפרעגט צו האָבן זיי עפּעס געהערט דאָ אין זעמליאנקע. מיהאָט געעסן, אפילו גענומען צו ביסלעך בראָנפן, קיינער האָט אָבער ניט אַרויסגעזאָגט א וואָרט. פּיאָטרן האָט דאָס שווייגן געבייצט. ער וואָלט ליבערשט געהערט סטיאפּאַן ריידן, שרייען, זיך קריגן מיט אים. ער האָט אויסגעפּלאַצט.

— נו וואָס, אין שטאָט פריילעך?

— זייער פריילעך. מיטאַנצט אין די גאַסן.

— דאָס איז גוט! — האָט פּיאָטר שאדנפריידיק אויסגערופן.

— מיטאַנצט אין די גאַסן, גוט געזאָגט. איך האָב אָנגעציילט צען טענצער. דו וויפיל?

— צען? — האָט ניסן פאַרוואונדערט אויסגערופן.

— איך האָב געזען צען. פינף אויפן פלאַשטשאַד, פינף ביים שטאַטישן גאָרטן.

— ביסטו, הייסט עס, אויך געווען, — האָט סטיאפּאַ אַ זאָג געטון מיט ווייטיק אין די רייד.

— איך . . . סטיאפּאַ . . .

— איך בין דיר ניט קיין סטיאפּאַ! איך בין דיין עלטסטער! ביסט אַ סאָלדאַט צו ניין? — סטיאפּאַ האָט א הויב געטון דעם קאָפּ. פון זיין פּנים, געוויינליך מילד, שיר ניט פרום, האָט איצט געטראָגן אַ האַרטקייט, א בייזקייט.

— סטעפּאַן אנדרעיעוויטש! — האָט פּיאטר א זאָג געטון, און אין דעם אנדרעיעוויטש איז ניט געווען קיין שמץ פון שפּאָט אָדער רייצונג, אדרבה, עס האָט זיך געפילט אַ טיפער ערנסט. — אומזיסט קאָכסטו זיך. געגאנגען. אודאי זיינען מיר געגאַנגען. ניט צוזאַמען. מיר האָבן זיך אפילו ניט אויפגערעדט. דאָס ווייזט אַז מיר האָבן

געדאַרפט, געמוזט גיין. מיר זיינען געגאַנגען און האָבן געזען: מיר טוען פריצן אַ שטאָך מיט אַ שפּילקע אין הינטן, און ער דערלאַנגט אונז מיט אַ דאָבניע איבערן קאָפּ. דאָס וועט ניט גיין. טאַנצן אויף פריצי'ס פּעטליע האָב איך קיין חשק. מיר גייען צום פראָנט.

— פראָנט? — סטיאָפּאַ האָט שאַרף אַ קוק געטון. — אייער, אונזער פראָנט איז דאָ. דאָ! — האָט ער געטיקעט צום באָדן.

— געהערט, — האָט פיאָטר מבטל געווען זיינע רייד. — ער האָט אויך אַזוי גערעדט, — האָט ער אנגעוויזן אויף ניסנען, — און פרעג אים איצט, וואָס זאָגט ער איצט?

סטיאָפּאַ האָט איבערגעפירט זיין קוק צו ניסנען. ניסן האָט אַ צי געטון די ליפּ מיט די ציין. — זעסטו, סטעפּאַן אַנדרעיעוויטש, דאָ איז אַ פראָנט און ניט קיין פראָנט. אויפן פראָנט איז אַן אויג פאַר אַן אויג. — ניסן האָט זיך פאַרהאַקט. אים האָט זיך געדוכט ביידע האָבן אַ קוק געטון אויף זיין גלעזערן אויג. — יאָ, אַן אויג פאַר אַן אויג, — האָט ער שוין פעסט, ניט אַן שטאָלץ אויף זיין פאַרלוירענעם אויג ערגעץ לעבן וויבאָרג, פינלאַנד, אַ זאָג געטון. — און איך בין גרייט אָוועקצוגעבן ניט נאָר אַן אויג, מיין לעבן, אָבער אויפן פראָנט, אין אַ שלאַכט. דאָ, סטיאָפּאַ, דאָ איז ניט קיין שלאַכט, דאָ איז אַ שלאַכט הויז. די פינעף, די צען געהאָנגענע . . .

— נו, אפשר וואָלסטו זיך געמאָלדן צו פריצן: ביטע, הער פריץ! צו אייער באַפעל!

— גוט געשאָסן, חבר, — האָט ניסן, ניט אָן ביטערניש, אַ זאָג געטון, — אָבער שלעכט געצילט, און שיסן אויף פּוסט איז ניט אונזער גוסט. דו ווייסט קיינער גייט ניט צו פריצן.

— נו, אויב מ'גייט ניט צו פריצן, מוז מען גיין אויף אים.

— דאָס איז ריכטיק. ווען איז דאָס גערעדט געוואָרן — איינס אויף איינס, אָדער אפילו איינער קעגן צען, אָבער ניט צען פאַר איינעם. וועסט'אָך צוגעבן אָז אויפהיינגן צען צי צוואַנציק, דערשיסן צענד־ליקער פאַר אַ פאַר פאַרשיווע פריצעס איז א ביסל צופיל. שטימט ניט דער חשבון. מירין אַזוי אַנגיין וועט די גאַנצע שטאָט, די דערפער אַרום זיין איין בית עולם. ניין, חבר, דער חשבון שטימט ניט.

— דער חשבון שטימט ניט, — האָט סטיאָפּאַ שטיל איבער־געחזרט. — און פון ווען אָן ביסטו עס געוואָרן אַ בוכהאַלטער? דוכט זיך דיך געלערנט זיין אַ טאָקער, און אַ גוטער טאָקער געווען, מיט אַמאָל אַ בוכהאַלטער, און אַ שלעכטער בוכהאַלטער דערצו. און אַז מיר'ן אַוועקגיין, גאָרניט טון, וועט פריץ אויפהערן שיסן, הייגנגען?

ניסן האָט זיך דערזען אין דער טאָקאַרניע, דעם ערשטן טאָג, ווען סטיאָפּאַ, זיין שכן ביים וואַרשטאַט, איז געוואָרן זיין לערער, זיין עלטערער פריינד, דער וואָס האָט אים באַגלייט צום פראָנט, אים באַגעגנט ביי זיין צוריקקומען, יאָרן פון פּאַטערליכער באַציאונג, און ער האָט זיך דערפילט שולדיק.

— איך בין נאָך אַלץ אַ טאָקער, — האָט ער אַ זאָג געטון, און זיין קוק אויף סטיאָפּאַן: ווייסט ניט, סטיאָפּאַ, ווי איך האָב דיך ליב, ווי דו טוסט מיר וויי, — ניט געווען קיין בוכהאַלטער און וועל ניט זיין, אָבער איך קען ניט, איך קען ניט! — ער האָט זיך אַזש אויפגעהויבן, אָט ווי ער וואָלט געוואָלט אַרומשפּאַנען און זיך צוריק אַוועקגעזעצט. — ווען איך האָב דערזען די תליות . . . איך האָב געפילט אַז איך, דו, ער, מיר אַלע האָבן אַ חלק אין זיי. מיר גיבן אים אַ תירוץ. פריץ דאַרף אפשר ניט קיין תירוצים, אָבער זיי קומען אים צונוץ. און איך וויל ניט זיין קיין שותף צום תליון. איך וויל ניט! איך בין אַ סאָלדאַט. מיין פּלאַץ איז אויפן פראָנט און אהין גיי איך.

— נו וואָס? ווי איר ווילט. מיט גוואַלד ניט איינהאַלטן. ווילט גיין, גייט.

— סטיאָפּאַ!

סטיאָפּאַ האָט שאַרף אַ דריי געטון דעם קאָפּ צו ניסנען. — וואָס אַזוינס? וואָס ווילסטו?

— קום מיט אונז!

— אָה! גיין מיט אייך? ניין, ברודער, דאָס ניט. איריט שוין גיין אַליין. און איך בלייב דאָ. מיך דאָ אַוועקגעשטעלט, דאָ בלייב איך. און איר . . .

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, אויסגעצויגן די האַנט. צווישן אים און די צוויי איז אויסגעוואַקסן דער שטח, זיין האַנט האָט, מעשה

באלעבאס, אנגעוויזן די אומגעבעטענע געסט — דאָ איז די טיר. גייט! זיין שטיין, זיין שוויגן האָט באפוילן — מאַכט עס גיכער!
ניסן און פיאָטר האָבן גענומען פּאַקן זייערע זעקלעך.
— נו, סטעפּאַן אנדרעיעוויטש, לאָמיר זיך זעגענען, — האָט פיאטר אויסגעשטרעקט די האַנט. סטיאפּא האָט אָנגענומען די האַנט. פּיאָטר איז צוגעפּאַלן צו אים, זיי האָבן זיך צעקושט. — דערמאָן ביט צום שלעכטן, — האָט פּיאָטר אָ זאָג געטון און איינגעמאסטעט דאָס זעקל אויפן פּלייצע. קוקנדיק אויף אַרונטער האָט ניסן דערלאַנגט די האַנט. סטיאפּא האָט א הויב געטון ניסנס קין. ניסן האָט דערפילט זיין אויג ווערט איבערפולט. סטיאפּא האָט א נעם געטון ניסנס קאָפּ, צוגעדריקט צו זיין ברוסט, געפּעטשעלט מיט דער האַנט איבער דער פּלייצע. — גיי, גיי געזונטערהייד. — ער האָט ווי אפּגעשטופּט ניסנען פון זיך. — זיך אפשר נאָך זען, — האָט ער א זאָג געטון. קיינער האָט ניט געענטפערט.
זיי האָבן אָ טרייסל געטון די זעקלעך אויף די פּלייצעס, זיך אומגעקוקט און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג. סטיאפּא איז געשטאַנען, זיי נאָכגעקוקט. זיי האָבן ווידער זיך אומגעקוקט, זיך אַרויסגערוקט פון דער זעמליאנקע און פאַרשוואונדן אין דער נאַכט, אינם וואַלד.

(7)

פייערדיקע צונגען האָבן דערציילט: דער שונא איז דאָ; עסיקער, שטיקנדיקער רויך האָט באשטעקט און סודותדיק געוואָרנט — האַלט זיך פון ווייטן. די העמד אויפן לייב איז ביים לעצטן מאָל וואַשן זיך צעקראָכן אונטער די הענט, רעקל און הויזן האָבן געקראָגן אַזוי פיל קאָלירן אז ס׳איז שווער געווען צו דערקענען וועלכן קאָליר זיי האָבן געהאַט פון אנהויב, די נעזער פון די שטיוול האָבן זיך גענומען ברוינען, די פּאדעשוועס? ניסן האָט שוין צעריסן דאָס ליידיקע זעקל אויף אניטשעס, אַרומגעוויקלט די פיס, די זאמד, שטיינדלעך און אפילו סאסנע נאדלען זיינען אַריינגעקראָכן. ווייטער גיין אַזוי קען מען ניט. מ׳מוז די שטיוול פאַרריכטן. אין קעשענע ניט מער ווי אַ דריי רובל אין מינץ, און זאָל כאָטש זיין אַ לאקש טאבאק, א קערנדל

מאכארקע. ער מוז אַריין אין שטאָט. אין שטאָט — מענטשן, אפשר אַ צייטונג, א ראדיאָ. נו יאָ, לויט די פייערן זעט ער מיטרעט אָפּ, אָבער וואוהין, ווי ווייט? ווי גייט עס? וואָס טוט זיך? — ניט אויפ־עסן, — האָט ער צו זיך אַליין אַ שמייכל געטון. אים האָט זיך ניט געוואָלט שיידן מיט זיין געווער, זיך אָבער דערמאָנט אַן סטיאפּאַס אָנזאָג און אנטשלאָסן געגומען עס „באַגראָבן". פּאַרטיק מיט דער אַרבעט, האָט ער אַ קוק געטון אויפן אָרט, דעם סימן — זיך געזעגנט און צוגעזאָגט קומען צוריק. ער האָט א קוק געטון אין דער ריכטונג פון שטאָט און מיט אַ זיכערן טראָט זיך געלאָזט גיין.

איין געביידע, דער גאַנצער פּאַרנט אַרויסגעריסן, האָט אַן בושה אַרויסגעוויזן די אינגעווייד און טראַציק געגרופן: זעסט וואָס זיי האָבן פון מיר געמאַכט! א צווייטע געביידע, די פענסטער פאַרהאַקט מיט אַלטע, פאַרשמירטע ברעטער, האָט בלינד געקוקט אין גאַס אַריין: איך האָב געזען. בלינד געוואָרן, און דו — שטום! פרעג ניט! פלאַקאַטן אויף די ווענט, פלויטן האָבן רויט געשריען: לייען! ניסן האָט זיך ניט געשטעלט לייענען. דאָס וואָרט „פערבאָטן", אין שלעכטן אוקראַיניש, אין דייטש, האָט געשטאָכן דאָס אויג. פאַרבאָטן. פאַרבאָטן. נו יאָ, פריץ פאַרבאָט צו לעבן אויף דער וועלט, אָבער וואָס גייט עס אים אָן? ער וויל . . . עסן, רויכערן. וואו . . . ? אַ דייטשער פעלד מונדיר האָט זיך געגרינט אויפן ראָג, דער שפּיז האָט אפּגעשלאָגן די זונען שטראַלן. ניסן האָט זיך אַריינגעכאַפּט אינם ערשטן אפענעם קרעמל. קיין טאַבאַק האָט דער קרעמער ניט געהאַט, אַ פּעקעלע מאַכארקע האָט ער דערלאַנגט ניט געערן און אויף דער פראַגע: פּאַפּיראָס פּאַפּיר? האָט ער אַ קוק געטון אויף ניסנען: פון וואַנען קומסטו? ווער ביסטו? געפעלסט מיר ניט! ניסנען איז דער קרעמער אויך ניט געפעלן געוואָרן, ער האָט פונדעסטוועגן געבעטן אַ שטיקל צייטונגס פּאַפּיר און גע־פרעגט:

— וויפיל קומט אייך?

— וועלכע געלט?

— וועלכע געלט!

— נו יאָ, וועלכע? גערמאַנישע, סאָוועטישע?

— אָה . . . סאָוועטישע!

— צוואנציק קאָפּיקעס.

ניסן האָט מיט כעס אַ לייג געטון די צוואנציק קאָפּיקעס, אַרויס פון קרעמל. — גערמאַנישע! — האָט ניסן געלאָזט פאַלן, — אַ רוח אין זיין מאמע אַריין! — ער האָט טיף פאַרצויגן דעם רויך. די מאַכאָרקע האָט געריסן אין האַלז און אנשטאט פאַרטויבן דעם אַפּעטיט אים נאָך פאַרשאַרפט. ניסן האָט גענומען זוכן אַ רעסטאָראַן.

אין דער „כארטשעווניע" וואוהין ער איז אַריינגעפאַלן, ספק רעסטאראַן, ספק שיינק, זיינען דריי מענטשן געזעסן ביי איין טישל, צוויי ביי אַ צווייטן. ניסן האָט געכאַפּט צוויי, דריי פּנימער, דערפילט די פאַרדעכטיקע בליקן וואָס יעדער פרעמדער רופט אַרויס, ער אַליין האָט געקוקט ניט מיט פאַרדאכט, נאָר מיט נייגיר: ווער זיינען די מענטשן? וואָס איז דאָס פאַר אַ פלאַץ? וואָס איז דער חילוק? עריט דאָ לאַנג ניט זיצן. עפּעס אָפּעסן, אַרויסגיין, אַ זוך טון אַ מענטשן, געפינען אַ צימער, זיך אַרומוואַשן, גוט, גוט אַרומוואַשן, זיך אָפּגאָלן. ער האָט אַ ריב געטון זיין פירטאָגיקע באָרד, אַ וויש געטון דעם גאַנצן פּנים.

דער קעלנער האָט דערלאַנגט עסן, פאַרלאַנגט גלייך באַצאָלט. ניסן האָט פאַרדריסליך אַרויסגעצויגן פון קעשענע אַ ביסל מינץ, אַ לייג געטון אויפן טיש, אַ קוק געטון אויפן קעלנער. אַ טיפּישער אוקראַאינישער פּנים. וואָס האָט זיך געוואָרפן אין אויג איז געווען זיין אויסגעניצטע העמד, אַריבערגעלאָזט איבער די הויזן, די ברייטע בלויע הויזן אַריינגעשטעקט אין גלאַנציקע שטיוול. — צו גלאַנציק, — האָט ניסן אַ טראַכט געטון, דערזען די פאַרברוינטע נעז פון זיינע אייגענע שטיוול, די צעריסענע פאַדעשוועס. נו, מכח שטיוול שפּעטער, איצטער עסן!

ער האָט שוין געהאלטן ביים דערטרינקען דאָס לעצטע ביסל טיי ווען די טיר האָט זיך אַן עפן געטון, אָט ווי אַ ווינט וואָלט זי אַ ריס געטון און ער האָט דערזען . . . — הענט אין דער הויך!

ער האָט געזען די פינף געסט האָבן זיך שווערליך אויפגעהויבן און ער האָט פאַמעליך זיך אויפגעהויבן. ער האָט געזען ווי מיהאָט יענע באַטאַפּט, א טראַכט געטון פון זיין „אוצר" וואָס ער האָט באַגראָבן אונטער א שטיין, פון סטיאַפּאַן, דערפילט הענט טאַפּנדיק

זיין ברוסט, זיינע קעשענעס און זיך אָנגעשטריינגט צו דערשטיקן דעם ציטער אין זיין קערפּער. ווען מ׳האָט אים לעצטן מאָל באַטאַפּט די מאַמע . . .

— מאַרש!

צוויי אין א רייע האָט מען זיי אַרויסגעפירט, אין דער טיר „אונטערגעשטורכעט" . . . אין דרויסן האָט שוין געוואַרט אַ לאַסט אויטאָמאָביל מיט נאָך מענטשן. מ׳האָט אונטערגעיאָגט, אונטערגעשטורכעט — אַרויף!

מענטשן זיינען געשטאַנען נאָענט איינער צום צווייטן, מיט די רוקנס, מיט די פּנימער, די פּנימער אזוי שטום ווי די רוקנס, וועמעס אויגן האָבן א פרעג געטון: וואוהין? און אַ כאַפּ געטון דעם בליק צוריק, אין זיך, אַלע האָבן געזען, געפילט די שומרים מיט די ביקסן, שפּיזן, די פּנימער אזוי שטום און אַזוי דראָענדיק ווי די ביקסן.

דער לאַסט אויטאָמאָביל האָט זיך געוואָרפן, איז אונטערגעשפּרונגען, איינער האָט זיך אנגעשטויסן אן ניסנען און זיך צוריקגעצויגן, און דער מענטש איז אים געווען פרעמד. פרעמד די שטאָט, די הייזער, אפילו דער הימל א פרעמדער, ער אַליין אַ פרעמדער אויף דער וועלט. וואו איז ער? ווי איז ער געקומען אַהער? וואָס האָט ער דאָ צו טון? און דער לאַסט אויטאָמאָביל, וואוהין פאָרט ער? אויסערן שטאָט . . . דער לאַסט אויטאָמאָביל האָט זיך פאַרקירעוועט, איז אַריינגעפאָרן. אַ בית עולם. אַ אידישער בית עולם. מצבות, קיינע צלמים. אויפן בית עולם? . . .

מענטשן זיינען געשטאַנען. איין רייע, א צווייטע, א דריטע, אַ . . . געשטאַנען כלומרשט גלייך, אויסגעצויגן, די גלייכקייט אן אנגעצויגענע, אנטקעגן זיי — סאָלדאטן, ביקסן. די נייע געבראַכטע האָט מען אויך אויסגעשטעלט. ניסן האָט דערפילט עמיצער האָט אים אַריינגעשפּאַרט א גראָב אייזן אין האַנט. — גראָבן!

סאָלדאטן זיינען געשטאַנען און געהיט, דאָך האָט ניסן, גראָבנדיק, זיך דערוואוסט: מיט צוויי נעכט פריער איז א צוג — זשיטאָמיר־בערדיטשעוו — אַ צוג אנגעלאָדן מיט גאזאָלין, אויפגעריסן געוואָרן, דער גאזאָלין אַוועק מיטן רויך, די צוג פירער, אַלע ביז איינעם, דערהרגעט. פופציק משכנות האָט מען גענומען, איצטער . . .

ניסנען איז קלאָר געוואָרן. אַריינשטעקנדיק דעם גראָב אייזן אין דער ערד, האָט זיך אַריינגעשניטן אין מח — אַ קבר, נאָכאַמאָל אַריינגעשטעקט דעם גראָב אייזן — פאַר זיך? פאַר . . . וואָס איז דער חילוק? אָט האָסטו דיר אַ פּראַנט. די זעמליאַנקע פאַרלאָזט, איצטער אויך אַ זעמליאַנקע . . . אָן אַ טיר, אָן . . . ווען ער קען כאָטש איין מאָל זיך צילעווען . . . סטיאַפּאַס רייד האָבן אָפּגעקלונגען: „מיטן צונג, מיטן קאָפּ, מיט די פיס . . . מיט די הוילע הענט . . .״ ער האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ, דערזען אַ שוואַרצן אוניפאָרם, אַ ביקס . . .

די זון האָט שוין גענומען גיין אויף אַרונטער. די גרוב האָט זיך שוין געצויגן לאַנג און ברייט, די גרעבער האָבן מיט די אויגן געמאָסטן, געשאַצט, געפּרואווט טרעפן: וויפיל? וועמען?

מהאָט אָפּגעשטעלט דאָס גראָבן. אַלע זייַנען געשטאַנען אויס־געצויגן, אָנגעצויגן. צען שורות מענטשן. ניסנס אויג האָט געכאַפּט —אַ פינף הונדערט. אַלעמען . . . ?! די פרויען אויך?! די עטליכע פרויען האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט פון די רייען, דער עיקר איין פרוי מיט אַ קינד אויף די הענט. אַ קינד?! וואָס טוט זי דאָ? ווי קומט זי אַהער?

איינער האָט געגודערט אין דייטש. זיין פּנים, אַ פאַמידאָרן רויטער, אָן אויפגעלאָפּענער, האָט עדות געזאָגט — אַ ביר טרינקער, דער מונדיר, דער קיווער האָט געצאַמט די צעפלאָסנקייט פון זיין קערפּער, געשטייפט דעם פּנים, דעם גאַנצן מענטשן — איך בין אַ וויכטיקער מענטש. איך . . . אויערן האָבן ניט פאַרנומען קיין רייד, מחות האָבן ניט באַנומען קיין אינהאַלט, קלאַנגען, ווערטער־ברוכן זייַנען געפאַלן, דערלאַנגט אַ קלאַפּ און זיך אָוועקגעקייקלט. — . . . באַנדיטן . . . צוג . . . פאַר יעדן דייטש פופציק, הונדערט . . . משכנות . . . אַרויסגעבן די באַנדיטן . . . האַרטנעקיק . . . יודן . . . יודן . . . די פופציק . . . — ניסן האָט מיט אַמאָל דערזען אַ באַ־זונדער בינטל מענטשן, געמעגט שווערן אַלע אידן. — די פופציק מוזן דערשאָסן ווערן, די איבעריקע, אויב זיי וועלן אויסזאָגן . . .

דער דייטש איז אַנטשוויגן געוואָרן. דאָס אַנטשטאַנענע שטיל־שווייגן — אָן ענטפער. אַ קרומע ליניע מיילער, און די ליניע טוט

זיך ניט אַ קנייטש, קיין ליפּ טיילט זיך ניט אָפּ פון דער צווייטער, כאָטש דעם דייטשס גרויע אויגן רייסן די פּנימער, די מיילער.

— זיי שווייגן? דאַן וועלן די ביקסן רעדן. ציילן. יעדער צענטער אַרויס.

אויגן האָבן זיך געגומען קאסען, פּיס האָבן זיך איבערגעשטעלט, אפילו אַקסלען האָבן זיך גענומען הויבן, העלזער זיך דרייען.

ניסנס אויג האָט זיך אַ דריי געטון, געכאַפּט ער איז אַרויסגע־קומען דער אַכטער, האָט זיין אויג זיך צוריקגעכאַפּט, זיין ברוסט האָט זיך אַ הויב געטון און זיך אַרונטערגעלאָזט, די אַקסלען זיינען אים געוואָרן לייזער, רירעוודיקער. ער האָט זיך אַ באַוועג געטון און דער־זען . . . די פרוי מיטן קינד אויפן האַנט איז אַרויסגעטראָטן . . . אַ צענטע.

אין אַן אויגנבליק האָט א מאַן אַ שפּאַן געטון פון דער רייע, אַנגעדייט אויף דער פרוי מיטן קינד, געטיקעט מיטן פינגער צו זיך אין ברוסט, געשטאַמלט — איך . . . איך . . . איך . . . — דער ציילער האָט געקוקט אויף אים און אים ניט געזען, ניט געהערט אים. דער מאַן האָט א פאַל געטון דעם ציילער צו די פּיס. דער ציילער האָט אים אַ בריקע געטון מיטן פוס. די פרוי מיטן קינד אויף די הענט האָט זיך אַ ריס געטון, אַ לאַף געטון צום ליגנדיקן, דאָס קינד האָט זיך צעוויינט. דער ציילער האָט זי א שטויס געטון, אַ ריס געטון דאָס קינד — אַוועק מיט דעם דרעק! — אַ שמיץ געטון דאָס קינד.

אַ קוויטש — אַ בליץ פון דער ערד צום הימל אַרויף — האָט אַ שניט געטון די לופט, געבליבן דאָרטן שטעקן אַ שפּליטער פון אַ סעקונדע, זיך איבערגעבראָכן און א פאַל געטון צו דער ערד. די לופט, די מאַסע מענטשן האָט זיך א וויג געטון . . .

ניסן האָט זיך אַ יאָג געטון. מיט אַ זייטיקן שטויס האָט ער איינעם אומגעוואָרפן. די ביקס איז אַרויסגעפאַלן פון יענעמס הענט. אַ קורצער גערא‍ַנגעל פאַר דערלאַנגען די ביקס. מיט די שפּיץ פינגער האָט ניסן זי אנגעשאַרט, צוגעצויגן, אַ זעץ מיטן הענטל, פּטור. ער איז אויפ־געשפּרונגען, געוואָלט אַ הויב טון די ביקס, דערהערט, דערזען ביקסן קנאַל, א מאַשין ביקס שטעפּן.

— דעקונג! — האָט די סאָלדאַטישע דיסציפּלין אַ געשריי געטון

און ניסנס קערפּער איז אַ פּאַל געטון צו דער ערד. פּלייצע און בויך האָבן געזוכט זיך פּאַראייניקן, פלאַך ווערן, דער בויך האָט זיך געדריקט צו דער ערד, זיך איינפּרעסן, אַריינקריכן, און דער קאָפּ, אַ קאָפּ פון אַ טשערעפּאַכע, האָט זיך אַריינגעצויגן און אַרויסגעצויגן פון אונטערן שיידל, האָט געזוכט, געגנישטערט: דעקונג! אָט יענע הויכע מצבה. הינטער איר . . . אין דער מצבה האָט געקלאַפּט אַ האגל, אפשפּאַלטנ־דיק שטיין שפּליטער. טויג ניט. צום פּאַרקאַן. ער האָט געזען מענטשן זיינען געשפּרונגען איבערן פּאַרקאַן, געפאַלן שפּרינגענדיק. — פאַר־וואָס לייגן זיי זיך ניט? — האָט עס פאַרדראָסן דעם סאָלדאַט ניסן, ער האָט שיר ניט אַ קאַמאַנדעווע געטון — לייג זיך! — אָן דאָרטן אונטן איז דער פּאַרקאַן דורכגעבראָכן, אהינצו זיך דערציען. אַ פיר, פינף צי. אָט אַזוי, אָט . . .

איין פּאַלקע איז דורכגעשטאָכן, דורכגעלעכערט געוואָרן . . . ניסן איז צוגעפאַלן צו דער ערד. די האַנט האָט זיך אַ צי געטון צו דער פּאַלקע, פאַרקוועטשט. די ערד האָט זיך אַ וויג געטון אונטער אים, פאַרן פאַרמאַכטן אויג האָבן זיך גענומען דרייען קאָלירטע רעדער. איבערגוואַלד האָט ער אָן עפּן געטון דאָס אויג. רויט . . . בלוי . . . די היץ פון קאָפּ איז אָפּגעטראָטן, ער האָט ווידער דערזען דעם פּאַרקאַן. זיך דערציען! אַ שנייאיק פעלד, ערגעץ לעבן וויבאָרג האָט אַ בלענד געטון. אַ האַלב ווערסט געקראָכן. נאָך צוויי, דריי צי. צוויי גוטע צי. שטעפּט נאָך אַלץ? צום טייפל! זאָל ער שטעפּן! איין צי מיטן גאַנצן קערפּער, א צווייטן . . . דער פּאַרקאַן! די קוילן האָבן נאָכגעיאָגט. שוין אויף יענער זייט פּאַרקאַן און די קוילן האָבן געהיסעט, איין קויל האָט אַ פייף געטון איבער זיין קאָפּ. דאָ א טאל. אַהינצו זיך דער־לאַנגען. אָט אַזוי.

קריכנדיק האָט ער גענומען זיך אַרונטערלאָזן אין טאל, פאַרלאָרן דעם באַלאַנס. דער קערפּער האָט זיך גענומען קייקלען אויף אַרונטער, זיך פאַרטשעפּעט אָן עפּעס און ווידער געפאַלן, יעדער קער פון קער־פּער — הייסע דראַטן אַריינגעשטאָכן אין זיין פּאַלקע, און די דראַטן, הייסע, שפּיציקע האָבן געשטאָכן אין מח, אָבער ער האָט ניט געקענט און ניט געוואָלט שוין אָפּשטעלן דאָס קייקלען זיך: זיך קייקלען . . . אים גייט עס ניט אָן . . . ער . . .

ניסן האָט דערפילט ער איז וואך, דער קערפּער איז וואך געוואָרן נאָך איידער ער האָט געעפנט דאָס אויג. ער האָט זיך איינגעהערט צו אַט דער וואכקייט און ערשט דאַן אַן עפן געטון דאָס אויג. איין שטערן האָט אים געקוקט אין פּנים אַריין, געבלינצלט, געוואונקען. — אַ שטערן, — האָט ניסן שיר ניט אַרויסגעזאָגט אויפן קול, אַזוי ביי איז אים אויסגעקומען דער שטערן דאָרט אין דער הויך. ער האָט ניט אפּגעריסן דאָס אויג פונם שטערן און אים האָט זיך געדוכט ער קען הערן דאָס בלינצלען. אַזוי שטיל. דער שטערן, ניט נאָר האָט ער געבלינצעלט, ער האָט געוואונקען, פריינדליך געפרעגט: דערקענסט מיך ניט? זיך שוין געזען אַמאָל. דערמאָן זיך. ניסן האָט זיך דער־מאָנט. איבערן שניי פעלד ביי וויבאָרג, אין דעם ווינטערדיקן הימל . . . אבער דאָ? וואו איז ער? ער האָט זיך אַ דריי געטון, דערפילט א ווייטיק און ער איז וואך געוואָרן, איינגאַנצן וואָך. ער האָט „דערזען" דעם בית עולם, די מענטשן, די פרוי מיטן קינד . . . דאָס קינד . . . איז ווירקליך געווען אַ קינד? א קינד אנגענומען פאַרן לייבעלע און אַ שמיץ געטון? אפשר האָט זיך עס אים געדוכט? די מאַמע. איר קוויטש. ניסן האָט אַ לייג געטון די האַנט צום אויער. דער שטאָך אין אויער איז איבער־געגאנגען, ער האָט פאַרנומען אַ זשומעריי. ער האָט אפּגעטיילט די האַנט פון אויער, זיך איינגעהערט. שטיל. גרילן? ער האָט אַ פיר געטון מיטן אויג. קיין באקאנטער קעגנשטאנד. א בערגל האָט זיך געפינסטערט איבער אים. דער בית עולם, די מצבות, דער פאַרקאַן, דאָס געדיינקט ער, אָבער אַ בערגל? ער געדיינקט ניט ער זאָל האָבן אַרונטערגעגאנגען. סיי ווי, זיך אויפהויבן.

ניסן האָט אַזש א קרעכץ געטון פון ווייטיק, א הינק געטון און זיך אַ כאַפּ געטון פאַר דער פאלקע. פילט זיך נישט קיין קויל, ברענט אָבער, און בלוט. קענטיק צופיל בלוט פאַרלוירן. אַ קוק טון, אויס־וואַשן די וואונד, פאַרבינדן.

שטייענדיק אויף איין פוס, די צווייטע קוים אנרירנדיק דעם באָדן, האָט ער באקוקט דעם אַרום. פרעמד. ער מוז אָבער זיין לעבן בית עולם. דאָרטן, ביים אַריינפאָר, האָט ער באַמערקט אַ שטיבל. דאָרטן מוז וואוינען דער קברן. זיך דערשלעפּן צו דעם שטיבל.

ער האָט געפּרואווט אַ שפּאַן טון און שיר נישט אומגעפאַלן. גייט

ניט. קריכן. באגיסנדיק זיך מיט שווייס האָט ער זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן בערגל צום פּארקאַן פון בית עולם. אָנגעכאַפּט זיך אָן אַ שטאכעט, האָט ער זיך אויפגעשטעלט, זיך איינגעהערט. שטיל. מיט די שטאכעטן אַלס קוליעס האָט ער זיך דערשלעפּט צום שטיבל, דער־פאר קומענדיק צו דער טיר האָט ער קוים באוויזן אָנצוקלאַפּן און זיך גלייך אַרונטערגעלאָזט.

— ווער אײדאָרט?

— עפנט!

— ווער אײדאָרט?

— אַ איד, — האָט ניסן אַרויסגעקרעכצט, אַ טראַכט געטון: ווי מאָדנע וואָס ער האָט זיך באקאַנט אַלס איד, באַלד איז אויך די מחשבה פאַרטונקלט געוואָרן, ער האָט שוין גאָרניט געטראַכט, דער קערפּער האָט זיך אָפּגעלאָזט, בלויז אַ טונקעלע דערוואַרטונג — עמיצער וועט קומען, וועט אים אויפהויבן, וועט אים . . .

(8)

ניסן איז געליגן אין גרובן הינטערן בית עולם, נאָכגעפאָלגט אַ ווייס פּוך וואָלקנדל, ווען ער האָט דערהערט טריט. ער האָט זיך אַ צאַפּל געטון, ווי אַלע מאָל, ווען עס האָט זיך דערטראָגן עפּעס אַ גערויש פון בית עולם . . . דערזען איציע דעם קברן, האָט ער זיך געטון אַ שטעל אויף, גרייט אַ שפּרונג טון, לויפן. איציע דער קברן האָט שוין געהאַט זיין צייט ווען ער פלעגט אַרונטערקומען, ברייגנען ניסנען עסן, זיצן אַ ביסל, כאַפּן אַ שמועס, אָבער איצטער א, אינמיטן דרינען? עפּעס מוז . . .

— עמיצער פרעגט זיך אויף דיר, — האָט איציע דער קברן סודותדיק אַ זאָג געטון, מיט די אויגן ווייזנדיק אויף אַרויף.

— אויף מיר? — דאָס אויג, אַפילו דאָס גלעזערן אויג, האָט געפרעגט: ווער?

— עפּעס אַ גוי. אַ גוי מיט אַ באָרד.

— אַ באָרד? — ניסנס אויג האָט זיך אנגעשטרייגנט צו זען דעם גוי, דער עיקר די באָרד.

— אַ באָרד. אַ בערדל, — האָט דער אַלטער איציע מבטל געמאַכט די באָרד. — אַרויסגעגאַנגען באַקוקן דאָס פעלד, ערשט הינטער אַ מצבה, זע איך, ליגט עמיצער. צוגעגאַנגען, האָט ער זיך אויפגעזעצט — גוט מאָרגן, גוט יאָר. א וואָרט פאַר אַ וואָרט, ער זוכט עמיצן, אָנ־געגעבן דיינע אַלע פּרימעטעס, געזאָגט ער קומט מיט דיר פון איין שטעטל, פון זוויהיל, הייסט עס. דער גוי, קענטיק אַן ערליכער גוי, זיך זייער נאָכגעפרעגט אויף דיר, אָבער הייגטיקע צייטן . . .

— וואָס האָט ער געזאָגט, איז זיין נאָמען?

— זיין נאָמען? איוואַן צי סטעפּאַן, עפּעס אַזוינס.

— סטיאָפּאַ!

— אַ היימישער, הייסט עס.

— וואו איז ער? — האָט ניסן זיך אַ ריס געטון, שיר ניט אומ־וואָרפנדיק דעם אַלטן איציע.

— לויף ניט אַזוי, לויף ניט אַזוי, — האָט אים איציע דער־קברן צוריקגעהאַלטן.

— דו זיץ דאָ. דיר אים אַרונטערשיקן. געזאָגט, איך ווייס ניט צי איך קען דיך געפינען. זיץ דאָ, איכ׳ל אים דיר גלייך אַרונטערשיקן.

ניסן האָט ניט געקענט איינזיצן. ווען ער האָט פאַרנומען טריט אין דער הויף האָט ער א לויף געטון אַרויף באַרג, סטיאָפּא האָט זיך שנעל אַרונטערגעלאָזט. איינער איז אַריינגעפאַלן דעם צווייטן אין די אָרעמס.

— סטיאָפּאַ!

— אָט, דיך געפונען!

— אָבער ווי אַזוי? — האָט ניסן אַ שיינענדיקער געפרעגט.

— זאָגט זיך דאָך: דער צונג וועט קיין קיעוו דערפירן, און דער באָז קען ניסנען דערשפּירן. איז אָט — דערשפּירט!

סטיאָפּא האָט באַטראַכט ניסנען, ניסן סטיאָפּאַן. אָט דאָס איז עס די באָרד. זיך פאַרלאָזט א באָרד. אַ שטרויען בערדל. און וויפיל היי פּעדים! ווערט גרוי . . .

— אָבער ווי האָסטו געטראָפן אַ ה ע ר? — האָט ניסן א וויי געטון צום בית עולם.

— געקומען אַ קוק טון אויף דיין מצבה, — האָט סטיאָפּאַ

כלומרשט געשפּאַסט, — און דער מת גייט גאָר אַרום. נו, גוט אַזוי. פאַרשטייסטו מיך, — האָט שוין סטיאָפּאַ גענומען אָן ערנסטערן טאָן, — געקומען אין שטאָט בין איך נאָך נעכטן, געזען אַ פּאָר מענטשן, גערעדט, זיך נאָכגעפרעגט, לויט אַלע סמנים האָסטו זיך געדאַרפט געפינען דאָ ערגעץ, האָב איך אויף נאכטלעגער זיך פאַרקליבן אַהער. פאַר אונזער איינעם איז אַ בית עולם דער זיכערסטער פּלאַץ. טויטע שווייגן. ניט אַזוי?

— דאָס ווייס איך ניט.

ניסן האָט זיך פאַרקוקט אַרויף צום בית עולם, סטיאָפּאַ האָט זייטיק געקוקט אויף אים, חבריש איבערגעצויגן זיין ארעם איבער ניסנס פּלייצע. — נו, וואָס, פאַררויכערן?

ניסן האָט זיך צוריקגעקערט צו סטיאָפּאַן, צום גרובן, וואָס האָט אין משך פון עטליכע טעג שוין געוויזן שפּורן פון מענטשליכן זיין דאָרט. געווען שוין אַן אָרט וואו ניסן איז געליגן, א שטיין אויף וועלכן ער איז געזעסן, א בוים אונטער וועלכן ער האָט זיך צוגעשפּאַרט. צו דעם בוים האָט ער צוגעצויגן סטיאָפּאַן. מיהאָט זיך אַוועקגעזעצט, פאַרדרייט ציגאַרעטלעך, פאַררויכערט. אַרויסגעלאָזט דעם ערשטן צוג רויך, האָט זיך דערפילט דאָס שווייגן, א וואַרטעניש האָט געהויערט.

— נו, ניט דערוואַרטעט, — האָט ניסן אַ זאָג געטון. די שטיל־קייט איז געבראָכן געוואָרן, די וואַרטעניש האָט זיך אַ וואַקל געטון.

— דערצייל זשע, ווי אַזוי? וואָס?

סטיאָפּאַ האָט א הויב געטון דעם קאָפּ, אַ גלעט געטון די באָרד.

— וואָס זשע דערציילן? — ער האָט ווידער אַרויסגעלאָזט רויך, אָט ווי דער בלאָז פון רויך וואָלט שוין אַלץ דערציילט. דער רויך האָט זיך געדרייט, געשפּרייט זיך און געסודעט: דאָס איז בלויז אַן אנשטעל, אַ רויך־נעץ, דער אמת איז — ניסן חלשט הערן, סטיאָפּאַ וויל ריידן, זיך אַראָפּריידן . . .

— געדיינקסטו־אַך ווען איר זייט אַוועקגעגאנגען, — האָט סטיאָפּאַ אַ זאָג געטון, נאָכפאָלגנדיק דעם רויך, — געבליבן אַליין, איז מיר געוואָרן אומעטיק, זייער אומעטיק. האָט מיר ווי געטון וואָס איר זייט אַוועקגעגאנגען און אויף זיך האָט מיר פאַרדראָסן — ניט גע־קענט איינהאַלטן. אפילו דיך ניט געקענט איינהאַלטן. טאָ וואָס פאַר

אַ קאָמאַנדיר בין איך? געליגן, געטראַכט, געטראַכט. ווייסט־אַך, אין דער אַרמיי, אַ קאָמפּאַניע מעג פֿאַרלירן צוויי דריטל מענטשן, גיסט מען אַריין נייע אין דער זעלבער קאָמפּאַניע, בלייבט זי אַ קאָמפּאַניע, מיט אַ פּאָן, אַ קאָמאַנדיר, צעשטורעמט מען אָבער דאָס רעשטל צווישן אַנדערע, איז אויס, אויס קאָמפּאַניע, אויס קאָמאַנדיר. זיך געוישובט: גיין זוכן נייע מענטשן? און וועלן די נייע זיין בעסער? ניט קיין קאָמאַנדיר. זיך אויפגעהויבן און אַוועקגעגאַנגען צו מיכאַילאָן.

ניסן האָט פֿאַרקוועטשט זיין פּאַפּיראָס צווישן די פינגער, צעדריבלט און אַראָפּגעטרייסלט אויף דער ערד. סטיאָפּאַ האָט קוים באַמערקבאַר אַ שמייכל געטון.

— געקומען צו מיכאַילאָן: ווען מיך אַריינגעמען? און ער: און דיינע חברה וואו זיינען? אַוועקגעגאַנגען. לויט זייער רעכענונג שטימט נישט דער חשבון . . . און ער: אָט זויג קינדער! וואָס האָבן זיי ערוואַרט? אַ גלעט איבערן קעפּעלע? מיט די ווערטער. — איך וואָלט זיי . . . — סטיאָפּאַ האָט אַ קוק געטון אויף ניסנען, געזען זיין אומצופֿרידענע מינע. „נו וואָס, בלייב. אָן אַרבעט טון צוזאַמען"‚ — האָט מיכאַילאָ אַ זאָג געטון און אונטערגעוואונקען. פֿאַרשטאַנען עפּעס קאָכט זיך. אויפֿן דריטן טאָג האָט ער מיר פֿאַרטרויט — דעם קאָמאַנדיר ברעקענבאַכער אפּראַמען. אָבער ניט טשאַטעווען, דערשיסן, נאָר ביי אים אויף דער קוואַרטיר, אים דערשטיקן, דערוואַרגן. פֿאַר די תּליות. ער האָט עס געגעבן די באַפֿעלן — הייבגען. אַ געוואָגט שטיקל אַרבעט. אָבער דאַרויף איז דאָך עס מיכאַילאָ. ווער? וואָס? ווען? שוין זען. געוואָרן נאַכט. אַ הייסע, שטיקנדיקע נאַכט, אָט ווי עס מאַכט זיך אַמאָל אין דער צייט פֿון זומער. זאָלסט עס זאָגן אַ ווינטעלע. הייס, שטיקנדיק און פֿינסטער. — קלייבט זיך אַ שטורעם, — האָב איך אַ זאָג געטון. — נאָך בעסער, — האָט מיכאַילאָ געענטפֿערט. קום!

— איצטער, אויב דו געדיינקסט, לעבן די קאַזאַרמעס ביים בריק איז געשטאַנען אַ הויז, אַ אָסאַבניאַק. די קאַזאַרמעס אַוועק מיטן רויך, דער אָסאַבניאַק געבליבן. דאָרטן האָט זיך עס איינגעקוואַרטירט דער ברעקענבאַכער. פֿונם אָסאַבניאַק זיינען געגאַנגען טרעפּ גלייך אין טייך אַריין. דער ברעקענבאַכער, אַ לאַנגער, אַ דאַרער דייטש, אָבער אַ

דראָטיקער, האָט געהאַלטן פון באָדן זיך, אין די שלאָף קליידער אַרונטערגעגאנגען זיך באָדן. פאַרשטייט זיך, ביי די טרעפּ איז געשטאנען אַ וואַך, בייטאָג און ביינאכט. זיינען מיר מיט די טרעפּ ניט געגאנגען. דער ברעקענבאַכער האָט אויך געהאַלטן פון לופט, פרישע לופט. צוויי פענסטער פון זיין שלאָף צימער זיינען אַרויסגעגאנגען איינער צום שטאט, דער צווייטער צום וואַלד. צו יענעם פענסטער האָבן מיר זיך עס דערקליבן. מיט דער וואַך דאָרט זיך ספּראוועט נאָך איידער זיי האָבן באוויזן אַרויסזאָגן: האַלט! דער פענסטער אפן, אין צימער פינסטער, שטיל. איך בין אַריין דער ערשטער, זיך געשטעלט ביים טיר, אַזוי איז געווען אפּגערעדט, מיכאילא נאָך מיר, ניט אַריינגעקראָכן, נאָר אַריינגעשפּרונגען. אז פריץ טוט זיך ניט אַ זעץ אויף אויפן בעט, אן עפן געטון דאָס מויל, און מיכאילא אויף אים! מיט איין האַנט פאַרמאַכט דעם פּיסק, מיט דער צווייטער אים א צי געטון פון בעט. אַ דיקער, שוואַרצער זשוק שלעפּט א גרויסן, ווייסן פעדער, אַזוי האָט עס אויסגעזעזן ווי זיי האָבן זיך געראַנגעלט אויפן פאדלאגע, אַ שארעניש, א סאפעניש און „וועסט. הייגען? הייגען וועסטו?" האָב איך געהערט, און ווען איך האָב דערהערט ווי דער ביין, אָט דאָ אָ, דער נאקן, האָט א קנאַק געטון, האָב איך דערפילט מוראשקעס האָבן א לאָף געטון איבער מיין רוקן ביין. דאָס איז געווען עטוואָס שרעקליכעס. מיכאילא האָט א בערשטל געטון איין האַנט אן דער צווייטער, אַ זאָג געטון: געגאַנגען! און זיך אַריבערגעקייקלט איבערן פענסטער. איך נאָך אים. מיר האָבן זיך אַריבערגעשיפּט צוריק. זאָלסט עס זאָגן אַ הונט זאָל אַ ביל טון, אַ האָן זאָל עס א קריי טון. געגאנגען, געשוויגן, ערשט פאַר דער זעמליאנקע טוט ער אַ זאָג: די חברה זיינען שוין אויך דאָ צוריק. הערן וואָס זיי האָבן אויפגעטון.

זיי זיינען באפאלן אַ סקלאַד, פאַרכאַפּט געווער. אַוועקגעלייגט פיר פריצעס, פאַרלאָרן איינעם — טראכימען.

— אָט אַ שלימזלדיקער האָז, — האָט מיכאילא געשפּעט. — לעצטן מאָל פאַרוואונדעט געוואָרן, דאָס מאָל דערהרגעט. א שלימזל אַ מוזשיק געווען. באהאלטן? נו, זאָל אים דאָרטן די ערד גרינג זיין, און דעם אָ זאָל אפילו די ערד אַרויסוואַרפן.

— ווּעמען?

— ברעקענבאכער! דעם קאמאנדיר.

— ברעק . . . דעם קאַ־מאנ־דיר!

— אַלע האָבן אויפגעריסן די אויגן. מיכאַילא האָט אַ גלעט געטון זיינע וואָנצעס, ווייסטיאַך, און גענומען דערציילן פּאמעליך, מיט איינצלהייטן . . . „אַז איך האָב אַ נעם געטון דעם האַלז זיינעם, אַ לאַנגער האַלז געווען ביי דעם פּריץ, א גאנער, אַ לאנגער און אַ שטייפער, אַ דראָטיקער, אז איך האָב אים אַזוי א בויג געטון, אַ בראָך געטון . . ."
געזען זיין פּנים ביים דערציילן, זיינע אויגן, האָט פינסטערע אויגן דער מענטש, האָב איך מורא געקראָגן פאַר אים, מורא און, ווי זאָל איך דיר זאָגן, דרך ארץ, דערפאַר אָבער זיי, די איבעריקע . . . האָסט באַדאַרפט זען זייערע פּנימער! האָבן זיי אים באוואונדערט? האָבן זיי מיטגעוואָרגן, מיטגעבראָכן דעם ביין? איך ווייס ניט. איך ווייס נאָר, מיך האָט גענומען איבלען פון זיי. פאַרשטייסט, זיי האָבן שוין ניט געהאסט דעם דייטש, זיי האָבן זיך פּאסמאקעוועט מיט מאָרד און מיכאַילא האָט זיך פּאסמאקעוועט מיט זיינע רייד, גערעדט, גערעדט...

— איך האָב אים ניט ליב, — האָט ניסן שטיל א זאָג געטון.

— ליב? ווער דאַרף אים ליב האָבן? מיכאַילא איז ניט פון די מענטשן וואָס ווערן געבוירן מ׳זאָל זיי ליב האָבן, פאַר מיכאַילאן איז געענוג אַז מ׳האָט פאַר אים מורא. און מ׳האָט מורא. אפילו זיי, די דייטשן, האָבן פאַר אים מורא. זיי האָבן זיך דערוואוסט עס איז זיין שטיקל אַרבעט, אויסגעהאנגען פלאַקאָטן, פאָרגעלייגט הונדערט טויזנט רובל פאַר זיין קאָפּ און . . . אויפגעהאנגען דרייסיק מענטשן.

— דרייסיק מענטשן. זעקס גרופּעס. פונם בריק ביזן שטאָט גאָרטן. אויפן צווייטן טאָג, ווען איך בין אַרויסגעגאנגען, זיינען זיי נאָך געהאָנגען. איך בין געגאַנגען פון איין עק שטאָט ביזן צווייטן ווי געצויגן מיט צוואַנגען. געקומען צום שטאָטישן גאָרטן, געווען שוין פאַרנאַכט, די זון האָט זיך גע זעצט, האָט אפּגעשיינט אויף זיי. איינער, דעם קאָפּ פאַרדרייט אויף אַ זייט, איין אויג פאַררריסן אויף אַרויף, די זון אויפן אויג . . . יעסט מיר גלויבן? איך האָב ממש געזען ווי ער האָט געוואונקען צו מיר: נו, ווי געפעלט דיר דיין שטיקל אַרבעט? איך האָב זיך ניט געקענט אפרייסן פון אָרט. אין די שלייפן האָט גע־

האמערט, „דאָס איז ניט קיין שלאַכט, דאָס איז א שלאַכט הויז!"
מענטשן — רינדער. און די צונגען . . . מיר האָט גענומען קערן צום
ברעכן. איך האָב געמיינט איכ'ל אויסברעכן דעם צונג פון מויל. איך
האָב זיך אפּגעריסן, גענומען גיין, אז דער מאָגן טוט מיר ניט א כאַפּ,
אָבער אַ כאַפּ געטון! כהאָב געמוזט אַריינלויפן אין אַ הויף, זיך
אַוועקזעצן . . . זיך אויסגעליידיקט, אויפגעשטאנען, האָב איך זיך
קוים געהאַלטן אויף די פיס. הייזון, ניט קיין ביינער אָדער פלייש,
און א שוויס, א קאַלטער שוויס האָט מיך באשלאָגן. איך האָב זיך
ווי עס איז דערשלעפּט צום ברעג, געפונען אַ מולטערל, זיך אַריבער-
געשיפט און אַוועקגעגאנגען אין זעמליאנקע. ניט צו מיכאילאָן. אין
אונזערער. כ'האָב ניט געקענט גיין צו אים. געפילט איכ'ל רעדן צו
אים וועט ער זיך אויסלאַכן. אים זאָגן אַז איך גיי אַוועק וואָלט ער
מיך דערשאָסן, וואָלט אפילו ניט א פינטל געטון מיט אַן אויג.
און . . . ער וואָלט אפשר געווען גערעכט . . .

— בין איך געליגן אין דער זעמליאנקע, געטראַכט, געטראַכט . . .
וועגן דער געשטארבענער ווייב, דעם זון אויפן פראָנט, ניט געהערט
פון אים שוין . . . זינט זיי זיינען אַריין אין זוויהיל, און די געהאָנגענע
האָבן זיך געבאמבלט פאַר די אויגן: נו געפעלט דיר? דיין שטיקל
אַרבעט! „אַ שותף צום תליון". און אויפן האלז געפילט היטלערס
האלזטוך. אַזוי טראַכטנדיק קענטיק איינגעדרימלט. ווייס ניט. איך
געדיינק נאָר איך האָב געפילט איך ווער דערשטיקט, און ווען איך
האָב זיך אויפגעכאַפּט איז מיך באַפאַלן אַ שרעק. אָבער א שרעק!
געמיינט . . . ניט פאַר זיי, פאַר די דייטשן, פאַר זיי . . . אַ שפּיי.
מיך איז באַפאַלן אַ שרעק פאַר דער ערד. איך ווייס ניט צו דו וועסט
עס באַגרייפן. איך בין אויסגעוואַקסן אויף דער ערד. האָב ליב געהאַט
די ערד. האָסט אמאָל פאַרזוכט ערד? קיינמאָל ניט. און איך האָב
פאַרזוכט. ווען איך בין נאָך געווען א קינד, אריינגענומען אין מויל
און צעקייט. ניט שלעכט. און דאָ מיט אַמאָל געקראָגן אַ מורא. די
זעמליאנקע — אַ קבר. זיך אויפהויבן! אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ,
האָט די פרישע לופט מיך פאַרשכורט. אַ קלאָרער הימל, שטערן, און
מיר האָט זיך פאַרביינקט נאָכן הימל, דעם ריינעם קלאָרן הימל. פליען.
זיך אויפהויבן, ניט אין א אעראָפּלאַן, אויף אייגענע פליגל, און פליען,

פליען אן אן אויפהער, אָן אן אפשטעל, פארשווינדן. איך ווייס ניט צו ווען עס באגרייפן . . .

— בין איך אַריין צוריק אין זעמליאנקע, איינגעפּאַקט וואָס איך האָב באדאַרפט און זיך אַרויסגעלאָזט. שוין געווען פאַרטאָג. געוואָרן טאָג האָב איך אנגעשפארט אין לובטשיטש. געטראַכט — אַרייַנגיין צו וואַסילן. ביים וועג.

— וואָס מאַכט ער, דער וואַסיל?

— ער מאַכט שוין ניט. דערשאָסן.

— ניט פאַר אויסבאַהאַלטן א אידן?

— וועגן וואָס רעדסטו?

— וועגן וואַסילן, — האָט ניסן ביטער געשמייכלט. — אַוועק־געגאנגען דאן, געקומען קיין לובטשיטש, זאָגט פיאטר . . .

— טאַקע, פּיאָטר. פאַרגעסן. וואו איז ע ר ?

— יעסט הערן, זאָגט פיאטר: לאָמיר אַריינגיין צו וואַסילן. גע־ווען נאַכט. קלאַפּן אָן, געפרעגט, געענטפערט, אַריינגעלאָזט. זאָגט פיאָטר: וואָס מכח צושפּארן זיך ביי אייך אַ ווײַלינקע, איך און . . .

„ער? ווער איז ער?"

דערקלערט אים פיאָטר: אַן אייגענער.

„אַן אייגענער? בלאנד און אַלץ, אָבער זעט מיר אויס ווי אַ איד, ניין?"

— אַ איד, געוויס, אָבער אַן אייגענער.

און וואסיל — „הייגגען פאַר אויסבאַהאַלטן אַ אידן וויל איך ניט. דו קענסט בלייבן, און ער . . . "

האָב איך גענומען מיין זעקל און אַרויסגעגאַנגען. פּיאָטר געבליבן. מער האָב איך אים ניט געזען. בעסער אַזוי . . .

— פּיאָטר איז אַ נאַר וואָס אַ נאַר הייסט. און דער וואַסיל? ער איז קיין נאַר ניט געווען, און געווען אפילו אן ערליכער מענטש, אויף זיין שטייגער. ווען מ'האָט גענומען שאפן קאלכאזן איז ער געווען דער איינגעשפּאַרטסטער מוזשיק: עריט נ י ש ט אַוועקגעבן ז י י ן לאַנד. טעג און נעכט מיט אים איינגעטענהט. דערפאַר אָבער ווען ער האָט זיך אונטערגעגעבן איז ער געווען דער בעסטער אַרבעטער. ביי אים איז א קערנדל תבואה ניט געגאַנגען אין ניוועץ. און פאַר אַ קערנדל

תבואה, צי פאַר אַ היפּטל קרויט איז ער דערשאָסן געוואָרן. דאָס האָט זי מיר דערציילט, די וואסיליסא. זיי האָבן געהאַט אַ ציג. געהאַט האָבן זיי אַ בהמה, האָט מען זי צוגענומען, איז געבליבן אַ ציג. די ציג האָט ער שוין געהאַלטן אין וואַלד, צוגעבונדן צו אַ בוים. יעדן טאָג געגאַנגען זי מעלקן, איר געבראַכט וואַסער, אַ ביסל בלעטער. דאַרף זיך מאַכן אַז ווען ער האָט זיך געקליבן אין וואַלד אַריין, צו דער ציג, זאָל אָנקומען פריץ. „אַזוינער און אַזוינער, וואָס טראָגסטו דאָרט? באַהאַלטסט, האַ?" און וואסיל: איך באַהאַלט גאָרנישט. דאָס איז אַ ביסל גרינס פאַר דער ציג. „וואָס! אַ ציג! און דו האָסט אויסבאַהאַלטן!" באַץ! דערשאָסן גלייך אויפן אָרט.

— געוויינט די וואסיליסא, אויסדערציילט איר שווער, ביטער האַרץ, געבעטן איך זאָל בלייבן א ווײלע. בין איך געבליבן. אַ טאָג, צוויי, איך נעם זיך גרייטן אין וועג אַריין, און זי: וואוהין איילסטו זיך? וועסט נישט פאַרשפּעטיקן, זיי דאָ נאָך אַ ווײלע. און ווידער מיר דערציילט אירע צרות, מיך געפירט אין איר סקלאַד. וואָס ער האָט דאָרטן געהאַט פאַרגראָבן! וואָס דו ווילסט נאָר אַליין, עסנוואַרג, תבואה. ווען האָט ער דאָס באַוויזן צו טון? אַ באַלעבאָס אַ מענטש געווען. זי ווייזט דאָס מיר אַלץ און קלאָגט: פאַר וועמען? מיר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק — אַפשר וויל זי גאָר מיך באַווייבן! נו יאָ, אַ פרוי אַליין. זיץ איך אַזוי איין פאַרנאַכט און טראַכט: היינט ביינאַכט הויב איך זיך אויף און גיי אַוועק אָן א זיי געזונט. ערשט ווי איך זיץ, אהא! פריץ קומט אָן. שכור ווי אַ בעסטיע, קוים וואָס ער האַלט זיך אויף די פיס, געמעגט שווערן די ביקס האָט אויפגעהאַלטן זיין גלייכגעוויכט, און גלייך אנגעהויבן גודערן: אזוינע און אַזוינע! הינער! הינער מוז ער האָבן. זיין מאַטילדעס געבורטסטאָג, און ער מוז פייערן דעם געבורטסטאָג מיט געבראָטענע הינער. אז די וואסיליסא גיט אים ניט אַ זאָג: הינער ווילסטו? גיי כאַפּ! ניטאָ קיין הינער. איינע אַ הון, זאָל איך זי אים אַוועקגעבן. און ער: שווייגן! גלייך כאַפּן די הון, אַניט שיס איך. אלעמען. דיך, אים, די הון. זיינען מיר אַרויסגעגאַנגען כאַפּן די הון, ער נאָך אונז. גענומען כאַפּן די הון — אַ קאָמעדיע. איך יאָג די הון צו דער וואסיליסאַן, זי צו מיר, קיינער כאַפּט זי ניט. און דער פריץ טופּעט מיט די פיס, קלאַפּט מיט דער ביקס — כאַפּט!

אַניט שיס איך! נעמט די ביקס אויפן האַנט און אַליין קוים ער האַלט זיך אויף די פיס. אז איך טו ניט אַ יאָג די הון גלייך צו אים און אַז מיין פריץ טוט זיך עס ניט אַ צי נאָך דער הון, און זיך אויסגעצויגן מיטן נאָז אין דער ערד. איך אויף אים. מיטן פריקלאד אים דער־קאַנטשעט. גיב פאַררויכערן. פּ־פּ־ף . . .

— נו, זאָג איך צו וואסיליסאַן, דער הון איז קאפּוט . . . מדארף אים באהאלטן, באגראָבן, און זי: איך וויל נישט ער זאָל מיר פאַר־שטינקען מיין ערד. דאָ ליגט וואסיל.

— טא ווי דען?

— דו, מאַכט זי, העלף מיר נאָר אים אַריינשלעפּן אין שטאַל אַריין, דאַן נעם דיין פּעקל און טראָג זיך אָפּ. איכ'ל שוין אַליין . . . איכ'ל אים פאַרברענען צו אַל די שוואַרצע יאָר. אַלץ פאַרברענען. וואָס דאַרף איך עס? זיצן דאָ איינע אַליין ווי אַ סאווע. אַוועקגיין צו מיין שוועסטער אין פּולין. אַלץ אַוועקגיין מיטן פייער. זי האָט מיך אַריינ־געפירט אין סקלאד, מיר אנגעלייגט א טאָרבע מיט עסנוואַרג. „גיי מיט גאָט"! מיך אַ קוש געטון אין שטערן. — סטיאפּא האָט א וויש געטון דעם שטערן, פאַרשעמט א שמייכל געטון. — אפּגעגאנגען אַ שעה דריי, אַ דריי געטון דעם קאָפּ, געזען דער הימל אין יענעם ווינקל רויטלט זיך, געהאלטן וואָרט די וואסיליסא. פון דאָרט אָן זיך אין ערגעץ ניט אפּגעשטעלט. געגאנגען מייסטנס מיטן וואַלד. אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן גאָר ווערן אַ וואַלד וועכטער. און דו, זיך אָפּגעטעסעט א ביסל?

— אָפּגעטעסעט? — ניסן האָט א לייג געטון די האַנט צום קין, אַ פיר געטון איבער די באַקן און א מאַך געטון מיט דער האַנט און קאָפּ — גאָרניט!

— דאָס אָ, — האָט סטיאפּא א ווייז געטון אויפן פוס.

— דאָס? דאָס איז גאָרניט, — האָט ניסן מבטל געווען דעם פוס. — אַ קראַץ געטון. אַ לייב וואונד, פּוסטיאקי! — ער האָט זיך געטון א שטעל אויף ווי צו ווייזן אַז מיט זיין פוס איז גאָרניט . . . געווען ערגערס ווי דאָס.

ניסן האָט גענומען אַרומשפּאנען היין און צוריק בלויז עטליכע טריט, און ס'האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט זיך געטאפּטשעט אויף איין

אָרט. סטיאָפּאַ האָט געוואַרט, מיט זיין שווייגן געמאַנט. ווען ניסן איז געבליבן שטיין, אַלץ ניט גערעדט, האָט סטיאָפּאַ אַ פרעג געטון: וואָס, דער חשבון האָט ווידער נישט געשטימט?

— פאַרשטייסט? — ניסן האָט אַ רייב געטון דעם קאָפּ, געבליבן שטיין, — צ ו ו י י ה ו נ ד ע ר ט א ו ן צ ו ו ע ל ף מ ע נ ט ש ן! ניין, ניט ריכטיק, צוויי הונדערט און ד ר י י צ ן. דער דרייצנטער אַן עופּהלע, אַ קינד פון אַ חדשים זיבן־אַכט. געווען ניט געזונט, טאַטע־מאַמע געגאַנגען מיט דעם צום דאָקטאָר, טאַקע דאָרטן זיי פאַרנומען, מיטן דאָקטאָר אינאיינעם. דאָס האָט מיר דער אַלטיטשקער שוין דערציילט. — ניסן האָט ווידער אַ שפּאַן געטון. — עס איז ניט די צאָל. דער אופן! אָט דאָס דרייצנטע . . . ד ע ר ציפער קען ניט אַריין אין קיין חשבון . . . עס שטעלט זיך ניט אַריין! אפילו מיין מאַמעס טויט קומט ניט צו דעם. דער מוטערס קוויטש . . . — ער האָט אַ לייג געטון די האַנט צום אויער. — זיך אַריינגעשטאָכן. שטעקט נאָך דאָרט, וועט שוין אַזוי שטעקן ביז . . . אָט וואָס! אָט דאָס דרייצנטע . . .

— און דו? — האָט סטיאָפּאַ אַ ווייז געטון אויפן פוס, אַזוי אַרום געוואָלט אים אפּרייסן פון דעם עופּהלע. — ווי האָסטו זיך . . .

— איך? גאָרניט. זיי האָבן גענומען שיסן מיט מאַשין ביקסן האָב איך, ווי אַ סאָלדאַט, גענומען זוכן דעקונג, עס האָט אָבער געהאָלפן מיט קוילן, געטראָפן אין פאַלקע דאָ. — האָט ער אַ ווייז געטון. — אַ וואונד אַ נישטיקע, קענטיק אָבער אַ סך בלוט פאַרלוירן, זיך אַראָפּגעקייקלט אַהער ביז איך געבליבן באַוואוסטלאָז. זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך ווי ס׳איז זיך דערשלעפּט צום אַלטיטשקען. אַ גוטער אַלטיטשקער. מיר אויסגעוואַשן די וואונד מיט „בערעזאוועקע", זיינע אַן אייגענע פּאַפּראַווע, בראָנפן אַרויפגעגאָסן אויף בערעזאוועקנאָספּן, געברענט ווי פייער, אָבער אויסגערייניקט, האָט באַנדאזשירט, גאָר ווי אַ פעלשער, נאָכדעם מיך אויסבאַהאַלטן דורך די נעכט, בייטאָג מיר אפילו געבראַכט עסן אַהער. אַ וואוילער אַלטיטשקער, מער ניט, רעדט אַ ביסל צופיל . . . — ניסן האָט זיך אַוועקגעזעצט.

— יאָ, אויפן וואָרט איז ער ניט קאַרג . . . — האָט סטיאָפּאַ צוגעשטימט מיט אַ שמייכל.

— האָט מיר דערציילט פון די זיידעס, די טאַטעס, וואָס ער האָט באַגראָבן, פון די זין, וואָס מ׳באַגראָבט איצט אָן אים. אים, זאָגט ער, האַלטן זיי דערווייל, אַ נוצליכער איד . . . א קברן . . . ער העלפט באַגראָבן. ער זאָגט קדיש, ווייסט׳אָך א מאַליטווע, נאָך די באַגראָבענע, אָבער ווער, פרעגט ער, ווער נאָך אים קדיש זאָגן? וועגן וואָס אַ מענטש זאָרגט זיך! אים געפרעגט פאַרוואָס גייט ער ניט אַוועק, האָט ער געענטפערט: פון טויט אַנטלויפט מען ניט. זיין פּראָפעסיע, צי זיין גלויבן אין גאָט, אָבער טויט מיינט פאַר אים גאָרניט. האָט מיר געוויזן, האָט שוין תּכריכים אָנגעגרייט, די קליידער אין וועלכע מ׳באַגראָבט ביי אונז אידן, זאָגט ער האָט זיי שוין אָנגעמאָסטן, פּאַסן אים זייער גוט, — האָט ניסן א שמייכל געטון. — האָט מיר פאַרטרויט, ער טראַכט וועגן טראָגן זיי אונטער די קליידער, טאָמער כאַפּן אים די דייטשן אומגעריכט. ער האָט זיי אָבער נאָך ניט אָנגעטון, דאָס ווייס איך, דער אַלטיטשקער איז זיכער ער׳ט זיי איבערלעבן. מיט אים א רעד געטון. נו וואָס, זאָגט ער, אָן אָנשיקעניש פון גאָט, אָט ווי אַ שטורעם. אַזוי האָט ער טאַקע געזאָגט, א שטורעם. באַהאַלט זיך א ווײַלע ביז דער שטורעם וועט פאַראיבער, אַזוי, האָט ער געזאָגט, שטייט געשריבן אין די הייליקע ספרים. מיר געראָטן איך זאָל זיך אויסבאַהאַלטן, טאַקע דאָ, ביים מלאך המות אויפן שויס . . .

ניסן האָט אַ קוק געטון אויף סטיאַפּאַן. א שמייכל האָט געשי־מערט אין זיין אויג — ביסט׳אָך אויך עפּעס אַ מענטש פון די הייליקע ספרים, ציטירסט די עוואַנגעליע . . .

— מ׳יאַ, — האָט סטיאַפּא געצויגן, — שרייבן שרייבט זיך אפשר אַזוי, טון טוט זיך א נ ד ע ר ש, — האָט ער אַקצענטירט דעם „אַנדערש", און א קוק געטון אויף ניסנען: וואָס דיינקסטו?

— יאָ, טון טוט זיך אַנדערש. געטראַכט וועגן דעם. טעג געליגן דאָ, געטראַכט, געטראַכט . . . ניט נאָר פון טויט, פון לעבן קען מען אויך ניט אַנטלויפן. די ערשטע דריי־פיר טעג ניט געקענט אַ טראָט טון, געמוזט ליגן, זיך געשטעלט אויפן פוס, האָט עס גענומען ציען אַהין . . . די ערשטע זאַך געגאַנגען אַרויסנעמען דעם בראַונינג. אים באַהאַלטן אַריינקומענדיק אין שטאָט. געפונען. געגאַנגען צוריק, האָב איך דערזען אַ פרוי רעדן מיט אַ דייטשן סאָלדאַט. איך בין געבליבן

שטיין, ניט געקענט גלויבן. די פרוי האָט א דריי געטון דעם קאָפּ און איך האָב געזען זי האָט געשמייכלט. מיך האָט גענומען וואַרפן אין קדחת. איך האָב איינגעקלאַמערט דעם בראַונינג — שיסן! זיי ביידן דערשיסן! אפּגעלאָזט דעם רעוואָלווער, האָב איך געפילט הענט און פיס האָבן מיר זיך אפּגעלאָזט. לויפן! אַנטלויפן! זיך קאָנטראָ־לירט, ווען איך בין אבער אהערגעקומען בין איך אוועקגעפאַלן, הענט און פיס — ליים און אין קאָפּ א סומאַטאָכע.

— נערוון, — האָט סטיאָפּא אַ זאָג געטון.

— נו יאָ, נערוון. ווייסט ניט וואָס דאָס מיינט זען אַ פרוי, א פ ר ו י שמייכלען צו פריצן... — ניסן האָט א לייג געטון די האַנט צום אויער, דאַן מיטן אנווייזנדיקן פינגער צוגעקוועטשט דעם ווינקל פון אויג, אַזוי אַרום אפּשטעלנדיק דאָס צוקן. — יאָ, ס׳איז אָדער גיין מיט פריצן, אָדער אויף פריצן. ס׳איז רויט אָדער טויט, קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ. אָבער ווי אַזוי? איין מענטש אַליין איז ווי אַ ריטל פון אַ בעזים, ניט עס וואַקסט אויף דעם אַ בלעטל, ניט מיקען מיט דעם אויסקערן די שטוב. געטראַכט, אפשר א טעות געמאַכט, באדאַרפט געווען בלייבן אין זעמליאַנקע...

— אויך געטראַכט וועגן דעם. געגאַנגען און געטראַכט: אָט, אַוועקגעגאַנגען, קומט אויס — אַ דעזערטיר, אַנטלאָפן פון פּאָסטן. אפשר גערדאַרפט געווען בלייבן ווי מיכאילא... אנדערע. און צוריק־געטראַכט: מיכאילא, ער איז ווי געבוירן דערצו, איך קען ניט. מיין לעבן אַוועקגעבן, דאָס יאָ, אָבער אַזוי פיל תליות זען, דאָס ניט. קען ניט. וואָלט עס געווען אויף אַ קורצער ווײַלע וואָלט ניט אויסגעמאַכט, איז, ווי זאָגט דיין אַלטיטשקער דאָ, באהאַלט זיך א ווײַלע ביז דער שטורעם וועט פאַראיבער, אָבער עס איז א לאַנגע מלחמה. ניסן, איך האָב מורא עס וועט זיין אַ לאַנגע מלחמה, און א לאַנגע מלחמה קען מען הינטערן פראַנט ניט פירן. דאָס פאָלק וויל עסן. דאָס פאָלק וועט זיך ארונטערלאָזן, מ ו ז זיך אַרונטערלאָזן, דערפאַר אָבער אַז מיעט דערלאַנגען אַ קלאַפּ דאָרטן, אויפן פראָנט, דעם ריכטיקן קלאַפּ, וועט מען שוין ניט דאַרפן ניט מיך און אפילו ניט מיכאילאָן. מיט העק, מיט היי גאָפּלען וועט מען זיי פאַרטרייבן, די פריצעס, ווי די ווערים וועט מען זיי צעטרעטן, מיט די פיס זיי דערקוועטשן, מיט די הענט זיי

צערייבן. מירין זיי באצאָלן, פאַר אַלץ באצאָלן. און אייערע, אידן מיין איך, וועלן נאָך דאַרפן באצאָלן מיט א ווערד.

— ווי מיינסטו עס?

— מיט אייערע באגייען זיי זיך גאַר גרויזאם.

ניסן האָט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ. וואסיל פון לובטשיטש האָט אים דערמאָנט אן זיין אידישקייט, פיאָטר . . . איצטער סטיאָפּא. ער אויך? ניין.

— יאָ, דאָס איז אַזוי, — האָט ניסן שווער צוגעגעבן. — קיינמאָל ניט גערעדט מיט דיר וועגן דעם, געדיינקט דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, פּריוואַט, אָבער אַז דו האָסט עס דערמאָנט איז, ווי זאָל איך דיר זאָגן, איך צווייפל זייער שטאַרק צו מירין קענען אנמעסטן אָט דעם ווערד. ווען מירירט זיך צו צו אייזן, וואָס איז אנגעגליט ו ו י י ס פילט מען ניט קיין ברי. מיין האָס איז ווייס אנגעגליט, דערגרייכט דעם גרעניץ, און וואָס קען איך טון? קען איך צערייסן זייערס א קינד אין צווייען בלויז דערפאַר ווייל עס איז זייערס? אפילו מיכאילא וואָלט עס ניט געקענט. ניין, אפילו מיכאילא ניט. און איך בין א סאָלדאט. אויפן פראָנט שיסן, דאָס יאָ, אָבער אַזוי . . .

— אויפן פראָנט. דאָס איז ריכטיק. און אויפן פראָנט גייען מיר.

— גיין גייען מיר, אָבער ווי? שטעל זיך פאָר, צוליב א נאַרישקייט, אַ העמד, א פאָר פאַדעשוועס פאַרקראָכן אַהער, פאַרהרוזגעט געוואָרן.

— נו, ברודערקע, דאָס איז אַ נאַרישקייט, א קלייניגקייט.

— ווייס אַז ס'איז א קלייניגקייט. אָבער קלייניגקייטן פירן אמאָל צו גרויסע געשעענישן. אזא קלייניגקייט ווי אַ פאָר פאַדעשוועס, צי גאָר א הייסע גלאָז טיי, האָט מיך געבראַכט אַהער אויפן בית עולם . . .

— אויך אמת. דאָס גאנצע לעבן פון אַ מענטשן איז א באַרג קלייניגקייטן, אָבער אַ מענטש לאָזט זיך ניט אויפעסן פון אַ באַרג מוראַש־קעס. ניטאָ קיין פערד פאָרט מען מיט אקסן. ביי די גנבים, אפשר ווייסטו, מיינט פערד א פאָר שטיוול. ניטאָ קיין שטיוול באגייט מען זיך מיט פאַסטאלעס, מיוויקלט אַרום די פיס מיט אניטשעס און — היידא, געגאנגען. פאַר אַ גויט, איז גאָר בארוועס. איז וואָס, גייען מיר? ווי איז דיין פוס? וועט קענען גיין?

— דאָך שוין געגאַנגען אַרויסנעמען דעם בראַונינג. אַ גאַנץ לאַנגע שטרעקע.

— איז געגאַנגען. דאָ האָב איך איינגעהאַנדעלט אַ ביסל מאַכאָרקע, אַן אַלטע צייטונג געקראָגן, אַפילו אַ שטיקל זייף פּאַציאַפּעט! — האָט ער מיט שטאָלץ געוויזן זיין מציאה.

זיי האָבן זיך געזעגנט מיט איציע דעם קברן. ער האָט געקוקט פון ניסנען צו סטעפּאַנען, פון סטעפּאַנען צו ניסנען, אין זיינע אויגן שטוינונג: וואוהין איז? און בייזקייט אויף סטעפּאַנען וואָס ער נעמט ביי אים צו „זיין" ניסן, די פינגער האָבן נערוועז געצויגן דאָס סיווע בערדל.

— גייט מיט גאָט, — האָט ער געזאָגט אין אוקראַיניש צו זיי ביידן, און צו ניסנען אין אידיש — דער אויבערשטער זאָל דיך שומר און מציל זיין. גיי געזונטערהייד. — זיינע אַלטע אויגן האָבן גענומען טרערן.

(9)

זיי האָבן זיך געשניטן קיין קיעוו.

אַ שווערער וועג. פון שאָסיי, אַפילו זייטיקע וועגן געמוזט וויכן, אויסגעקומען גיין דורך פעלד און וואַלד, און אויך דאָרטן האָט מען ניט געקענט גיין מיט אויסגעטראַטענע סטעזשקעס: אַן אויסגעטראָטענע סטעזשקע קען זייער לייכט פאַרפירן אין אַ פּאַסטקע. פעלד און וואַלד פרעמד, די שטערן ניט קיין זיכערער קאָמפּאַס, געמוזט גיין בייטאָג. אין וואַלד איז מען געווען זיכער. אַ טרעשטש פון אַ בוים, אַ שאָרך פון בלעטער, אַ געשריי פון אַ פויגל האָט אנגעזאָגט: איר זייט ניט די איינציקע, דאָ נאָך עמיצער. האָט מען אַ דריי געטון די קעפּ, אנגעשפּיצט די אויערן און ווייטער געגאַנגען. אַזוי איז שוין דער וואַלד — יעדער בוים באַזונדער שטייט מיט אָפענע אָרעמס: נאַ, נעם מיך אַרום, און דער גאַנצער וואַלד — מיט די אָרעמס ניט אַרומצונעמען, מיטן אויג ניט צו באַנעמען, נאָר דער אויער פאַרנעמט די שטילקייט, די סודותדיגקייט, יעדער קלאַנג אַ וואָרנונג. די שטיל־קייט, די שאָטנדיגקייט אַ סודותפולע וואָרנונג און אויך אַ פאַר־טרויליכע פאַרזיכערונג — מירן דיך ניט אַרויסגעבן. גאַנץ אַנדערש

דאָס פעלד. אָפן, נאַקעט ליגט עס: נאַ, זע, איך פאַרהויל גאָרניט, באַהאַלט קיינעם. האָט זיך באַוויזן אַן אָפּגעברענט פעלד, האָט דער שוואַרצער פאַרך געשמאַרצט די אויגן, דער זויערער ריח האָט געביסן די נאָזלעכער; איז אונטערגעשפּרונגען אַ פעלד מיט שטייענדיקער תבואה, א גאָרטן מיט גרינס, האָט עס א שטאָך געטון אין אויג און דאָס אויג האָט געזוכט די פויערן, די פויערטעס וואָס שניידן, קלייבן, דעם דייטשן זשאַנדאַרם וואָס שטייט און היט . . .

— קענטיק ניט אַלע פויערן פאַרברענען.

— ווייסט ניט, ניסען, וואָס עס מיינט פאַר אַ פויער צולייגן אַ שוועבעלע צום פעלד. סיטוט זיך ניט אַזוי לייכט. איינער דיינקט ביי אים וועט מען ניט צונעמען, א צווייטער דיינקט ער וועט אויסבאַהאַלטן . . .

— און אַ דריטער . . .

— דאָ א דריטער אויך, — האָט סטיאַפּא אומעטיקליך צוגעגעבן.

— קלייבט זיך אַ רעגן, — האָט סטיאַפּא א זאָג געטון, פאַרקוקנדיק צום הימל, און ניסנען האָט זיך געדוכט סטיאַפּא האָט פאַרקוקט צום הימל כדי זיך אוועקצורייסן פון דער ערד, פון די פויערן, די פעלדער.

— איך פיל עס אין די ביינער, — האָט סטיאַפּא זיך אַ קנייטש געטון,

— דאַרף זיך דערשלאָגן צו אַ נאַכטלעגער. —

. . . אין דער וווייטן האָט זיך געטונקלט דער וואַלד, א שוואַרץ בלויע וואַנט, נאָענט דערביי האָט זיך געזען אַ שטיבל, אַ איין און איינציק שטיבל, אָט ווי פאַרלוירן אינמיטן פעלד. אפשר אַ פאַרפאָסטן פון אַ ישוב, אין שטיבל אָדער אין וואַלד? די נאַכט האָט גענומען צופאַלן. זיי האָבן זיך געלאָזט צום שטיבל.

דער פויער, אַ זעכציקער, מיט אַ ברייט באַוואַקסן פּנים, אַ נידעריקן שטערן, די האָר אָפּגעשאָרן אין אַ קיילעכדיק קרייזל, ווי אונטערגעהאַקט מיט אַ האַק, האָט א הויב געטון זיינע קליינע ביר קאָליר אויגן, באַטראַכט די אריינגעקומענע און זיי פאַרבעטן צום טיש.

מיהאָט געעסן הייסע, יונגע קאַרטאָפליעס מיט קאַלטער, בלויליכער זויערמילך, קאַשע מיט הייסער מילך. געעסן געשמאַק, גרינטליך און געשוויגן. דאָס וואַרימע געקעכץ האָט דערקוויקט די אורחים, זיי האָבן זיך אפילו דורכגערעדט מיט די אויגן: גוט, האַ? נאָכן עסן,

מיהאָט פאַררויכערט, האָט דער באַלעבאָס אַ פרעג געטון: פון וואַנען? סטיאַפּאַ האָט אַ ווייז געטון מיט דער האַנט — פון דאָרטן.

— און וואָס הערט זיך אין אייערע מקומות?

— מלחמה, — האָט סטיאַפּאַ פאַרעוו אַ זאָג געטון.

— מלחמה, ווייסט מען. און וואָס איז מכּח ערד?

— ערד?

— געהערט מיטיילט ערד.

— דאָ שוין געטיילט?

— דאָ נאָך ניט, אָבער געהערט מיטיילט.

— און ווי טיילט מען עס? לויט די נפשות?

— אי לויט די נפשות, אי לויט דעם וויפיל איינער האָט געהאָט פריער . . .

דער פריער איז געוועזן אָנגעלאָדן מיט אַ פערטל יאַרהונדערט.

— און וויפיל וואָלט עס אויסגעמאַכט אויף אייער חלק?

— אַ דעסיאַטין פופציק.

— א פיין שטיקל ערד.

— יאָ, מיר זיינען אַמאָל געווען גאַנץ פיינע באַלעבאַטים. מיט פופציק דעסיאַטין לאַנד וואָלט מען זיך שוין געקענט פאַזשיווען, ווען מיזאָל לאָזן צורו.

— וואָס זשע?

— פרעמדע נעמען צו, אייגענע פאַרברענען. גאָטס גאָב פאַרברענט מען.

— איידער פרעמדע זאָלן נעמען שוין בעסער אייגענע זאָלן פאַרברענען.

— ניט אַלץ נעמען זיי צו. וואָס סיאיז ניטאָ נעמט מען ניט. — זיינע אויגן האָבן געזאָגט: פאַרשטייסט וואָס איך מיין. סטיאַפּאַ האָט פאַרשטאַנען.

— און אַז מיעט קומען זוכן?

— זאָלן זיי זוכן דעם ווינט אין פעלד. קלוגערע פון זיי האָבן ניט געקענט געפינען . . .

סטיאַפּאַ האָט געקענט זען דעם פויער ווי ער האָט באַהאַלטן אין די צוואַנציקער יאָרן.

— דאָס וואָס איך האָב געטענהט צו די היץ קעפּ אין אונזער קאָלכאָז: נאָכוואָס פאַרברענען? פייער איז אַ מוסר, די ערד איז אַ מוטער, וועט ניט אויסגעבן . . . מיט זיי, מיט די היץ קעפּ, זיך ספּראַווען . . . זיך ספּראַווען מיט די דייטשן אויך. קומען נאָכאַמאָל, וועלן מיר זיי זאָגן: ווילסט תבואה? גיב זריעה, גיב ערד.

— און אַז זיין ניט געבן?

— זיין מוזן געבן! ברויט דאַרפן זיי? נו אָט, דאַרפסט ברויט, גיב זריעה, גיב ערד, אַניט . . . אַניט זייען מיר ניט און פּטור.

סטיאָפּאַ האָט ווידער דערזען דעם פייער אין די צוואַנציקער, ווי ער זייט ניט, טרייבט אַרויס די פּי אין וואַלד אַריין, קוילעט אויס די בהמות, טרעטט אויף דעם בויך פונם ברויט קאָמיסאַר און פילט אים אָן מיט תבואה. ער האָט געקענט אָט דעם פייער, האָט אים איצט ווידער דערקענט און אים האָט אַרומגעכאַפּט אַ שנאה צו אָט דעם מענטשן. ער איז ניט געווען זיכער אַז ער וועט אויסהאַלטן. ער האָט זיך איבערגעקוקט מיט ניסנען, זיך אויפגעהויבן, ניסן איז שוין געווען אויף די פיס.

— און איר וואוהין?

סטיאָפּאַ האָט א ווייז געטון מיט דער האַנט — אהין, און צו ניסנען א זאָג געטון: גייען מיר?

— וואוהין וועט איר איצט גיין? נאַכט. נעכטיקט שוין דאָ איבער. די וועגן זיינען איצט ניט אַזוי זיכער ביינאַכט.

— דער נאַסער האָט קיין מורא פאַר וואַסער, דער הוילער האָט קיין מורא פאַרן קוילער, — האָט סטיאָפּאַ שוין גערעדט אויף זיין פאָלקסטימליכן שטייגער. — ווי ווייט איז עס דען פון דימידעווקע? אַ ווערסט צען? דערשפּאַנען. אַ דאַנק פאַר אנקאַרמענען.

— געמיינט איריט איבערנעכטיקן.

— אַ דאַנק. האָט קיין פאַראיבל. שוין ווי עס איז דערגיין. אַ גוטע נאַכט.

זיך דערווייטערט פון הויז, האָט סטיאָפּאַ שמייכלענדיק אַ זאָג געטון: פאַרלאָרן אַ נאַכטלעגער, וואָס?

— שוין בעסער ליגן אויפן נאַקעטן פעלד, זיך ווייקן אין רעגן, איידער שלאָפן ביי אַזאַ . . . „מיט די היץ קעפּ זיך ספּראַוועט".

וואָלט אונז פאַרשפּאַרט אין א שטאַל און געלאָזט וויסן זיינע „ברויט־געבער" ער האָט פאַר זיי צוויי העכט . . .

— אַזוי ווייט וואָלט ער אפשר ניט געגאנגען, אָבער ווען ער האָט גענומען ריידן וועגן ערד האָב איך געפילט ווי אַן אַלטע וואונד, פאַר־צויגן, אויסגעהיילט, האָט זיך ווידער געעפנט און מאטעריע גענומען רינען. נאָך דאָ אַ היפּש ביסל מאטעריע. די מלחמה איז געקומען אַ ביסל צו פרי. נאָך דאָ אַ ביסל אלטוואַרג. כאַפּט אים דער טייוול, און איבערנעכטיקן וועט אויסקומען . . . ביין, ס׳וועט נאָך אַזוי גיך ניט רעגענען, — האָט סטיאַפּא א זאָג געטון, פאַררייסנדיק דעם קאָפּ צום פינסטערן הימל. — זיך דערציען צום וואַלד. די בוימער רעדן ניט וועגן ערד . . .

זיי זיינען געליגן אויף די רוקנס. דער וואַלד — אַ סקעלעט פון אַ ריזיקער געביידע, א געפלעכט פון סטויפּעס, באַלקנס, קראַקוועס, מער ניט דער דאַך פעלט; דער הימל, אַ פינסטערער, אַ דיקער, ווייכער, גרויער פליוש איז נידעריק געהאנגען, אַט אָט לאָזט ער זיך אַרונטער אויף די בוימער און די בוימער, ווי ערוואַרטענדיק עפּעס זיינען שטיל, הכנעהדיק געשטאַנען: באַשערט א רעגן וועלן מיר אים אננעמען. דער ריח פון זשיוויצע איז געווען אַזוי שאַרף אַז מ׳האָט אים געפילט ניט נאָר אין נאָז נאָר אויך אויפן צונג. אַ פויגל, א זי, האָט קלעגליך א פּישטשע געטון: ס׳קעט באַלד רעגענען, האַ? אַ צווייטער פויגל, אַ ער, האָט אפּגעריסן געענטפערט: רעגענען? שלאָף! און דער וואַלד איז שטיל געוואָרן, די שטילקייט האָט זיך שאַרף געהערט. פון ווייטן האָט זיך דערטראָגן אַ שטילער וואסער געמורמל.

— אַ וואַרימע בעט, מיט קישנס, מיט קאָלדרעס, אַ געזונטע יונגע ווייבל ביי דער זייט, וואָלט געווען גוט, האַ? — האָט ניסן דער־הערט, און אים האָט זיך געדוכט דאָס רעדט עמיצער ארונטער פון בוים, רייצט זיך מיט אים. ער האָט זיך אַ דריי געטון, געוואָלט דערזען סטיאַפּאס פּנים. „אַ יונגע ווייבל" . . . זינט זיי זיינען אַריין אין זעמליאנקע זיינען זיי געוואָרן אַ מין נזירים, אויס פרוי, זי איז אָבער ניט פאַרשוואונדן, זי איז נאָכגעגאנגען מיט אומזיכטבאַרע טריט, איצט האָט סטיאַפּא זי אַרויסגערופן, אין דעם שאַרפן סאסנע ריח האָט זיך אַריינגעשניטן א גערוך פון מענטשליכן, פרויען לייב . . .

— געהערט וואָס איז געוואָרן פון נאַזאַרן?
— נאַזאַר? וואָס זאָל זיך הערן? דערשאָסן.
— און מאַריא?
— מאַריא? מאַריא געוואָרן אַ שליוכע.
— אַ שליוכע?
— אַזוי האָב איך געהערט. זאָגט זי וויל זיך נוקם זיין פאַר נאַזאַרן, וויל אנשטעקן אַלע דייטשן מיט סיפיליס. דערווייל ברייגגען זיי איר עסן און זי שלאָפט מיט זיי. נו, מירן אויך כאַפּן אַ דרימל, — סטיאַפּא האָט זיך איבערגעדרייט מיטן רוקן צו ניסנען — וויל ניט רעדן. דאַרף ניט ריידן. ניסן איז נאָך לאַנג געליגן געקוקט אין דער פינסטערניש צו די בוימער קרוינען, דעם געלעכערטן דאַך וואָס פאַר־שטעלט פונדעסטוועגן דעם הימל, מאַכט אים נאָך טונקעלער, פינסטע־רער. איבער דעם דאַך, הינטער דעם גרויען פאַרהאַנג מוזן זיין שטערן, גרויסע, ליכטיקע שטערן . . . ניסן האָט געשוועבט ערגעץ אין די שטערן וועלטן, זיך אַריינגעשוועבט אין דרימל, אין שלאָף.

עס האָט געברענט. ניסן איז געלאָפן צום טייך, געשעפּט וואַסער און געלאָפן צוריק צום שטיבל, אַ גאַס געטון אַן עמער וואַסער. אויפן דאַך, איינגעהילט אין פלאַמען איז געשטאַנען די מאַמע. זי האָט אויסגעשפּרייט די אָרעמס, זיך אַ לאָז געטון, ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט, זי איז אויפכאַפּן, זי איז אַריינגעפאַלן צו אים אין די אָרעמס, אים אומגעוואָרפן. זיך אויפהויבן. זיך אויפהויבן! ער האָט זיך אַ הויב געטון . . .

— רעגנט עס טאַקע יאָ, — האָט סטיאַפּא, מעשה וועטער נביא וואָס האָט ניט געטראָפן, שולדיק אַ זאָג געטון. — נו, אָבער זיך אויסגעשלאָפן. הויבט שוין אָן טאָגן. לאָמיר גיין. ניט צעווייקט ווערן.

מיאיז געגאַנגען שווייגנדיק. דער רעגן האָט זיך געשטאַרקט. שוין געווען טאָג, מער ניט דער טאָג איז געווען ערגעץ הינטער דעם געדיכטן רעגן פאַרהאַנג, פאַר זיי איז געהאַנגען אַ גרוי־ווייסער ליילעך, גרוי, נאַס, קאַלט, הינטער זיך האָט ניסן נאָך אַלץ געזען אַ שרפה, דאָס שטיבל, די מאַמע . . . ער איז געבליבן הינטערשטעליק.

— וואָסי? — האָט סטיאַפּא אומגעדרייט דעם קאָפּ, זיך אָפּגע־שטעלט. — די פוס טוט וויי? — ער האָט אָנגעוויזן אויף ניסנס היפּט.

— ניין, דאָ נאָיעט בלויז, — האָט ניסן צעטראָגן געענטפערט. — אַ קלייניגקייט.

— דאָ אָ, — האָט ער אָנגעוויזן אויף די טריט, פינגער, — גוואזשעט, קען ניט פאַרטראָגן.

— ווייסטו גאָר וואָס? לאָמיר אויסטון די שטיוול.

מיהאָט זיך אַנידערגעזעצט אַרונטערציען די שטיוול.

— זעט אויס דער רעגן פאַרנעמט זיך אויף אַ גאַנצן טאָג. גאָר ניט קיין זומערדיקער רעגן. אַזוי קאַלט. אפשר שטעלט זיך שוין גאָר דער הארבסט.

— איין שוועלבעלע ברייגנט ניט דעם פרילינג, איין רעגן ברייגנט ניט דעם הארבסט. ווייבערישער זומער, און אַ ווייב, אָט וויינט זי, אָט לאַכט זי.

די זון — אַ פייערדיק אויג — האָט אויפגעריסן די וויעס, הימל און ערד ביים האריזאָנט, אַ קוק געטון.

— זעסטו? אָט איז זי דאָך. —ביידע האָבן געקוקט צו דער שמאלער רויטער עפענונג ביים האריזאָנט. רייצט זי זיך מיט זיי? דאָ די גאנצע צייט, נאָר איר זעט מיך ניט, אָדער זאָגט זי אַן א שיינעם טאָג? — יטזיך אויסלייטערן, — האָט סטיאַפּא באשלאָסן.

— און מיר — שפּאַנען!

סטיאַפּא האָט הנאָה געהאט פונם גיין בארוויסערהייד. — נו, ווי גייט זיך דיר? ניט געוואוינט. מיגעוואוינט זיך צו איז אַ מחיה. גוט צו פילן די ערד אונטער די פיס. עפּעס פילט מען זיך זיכערער, היימישער, ניטאָ די מחיצה צווישן לייב און ערד. געקומען צום אויפ־נעם פונקט, דער דאָקטאָר קוקט, טאַפּט, סימנים פון עטליכע וואונדן, פון די צוואנציקער, שאקלט מיטן קאָפּ: קען מיך ניט אַריינגעמען אין דער אַרמיי.

— וואָסי, פעלט מיר עפּעס?

„פעלן פעלט גאָרניט, חוץ אַ פּאָר ריפּן, אָבער זאָל דיר אויס־קומען מאַכן אַ פעלד גאַנג, אַ צען צוועלף שעה אין רעגן, קעלט, וועט עס דיך איינדרייען אין דרייען." — אפגעזאָגט און פאַרטיק. און אָט גיי איך, און דער שוואַרץ יאָר נעמט מיך ניט. דרייט צוביסלעך, אָבער

ווען מען ערט עס? — האָט ער אַ דריי געטון דעם שמייכלענדיקן פּנים צו ניסנען.

— אפשר וואָלסטו טאַקע אנגעטון די שטיוול? קענסט זיך פאַר־קילן.

— און אַז מיפאַרקילט זיך איז וואָס? שטאַרבט מען שוין? משטאַרבט ניט אַזוי גיך. און שטאַרבן? נו וואָס, צוויי מאָל שטאַרבט מען ניט און, ווי זאָגט מען: ווען מיזאָל ניט קראַפּירן איז אַ טאָג פאַרלירן.

— יאָ, דאָס ביסטו גערעכט, צוויי מאָל שטאַרבט מען ניט, אָבער דאָס איינע מאָל ווילט זיך אויך ניט, — האָט ניסן אַ שמייכל געטון.
— עס ווילט זיך נאָך לעבן, זען אַ . . . בעסערע וועלט און . . . פאַרזוכן פון איר . . . — ניסן האָט אַ קוק געטון אויף סטיאַפּאַן: פאַרשטייסטיאָך, ניין?

— נאָך לעבן, סאָקאָליק, נאָך לעבן. און זען אַ בעסערע וועלט אויך. לאָמיר נאָר פאַרטיק ווערן מיט פריצן. זיך ספּראַווען מיט אים. לאָמיר נאָר קומען קיין קיעוו. און ווייסט? אַז מירין קומען אַהין, — האָט סטיאַפּאַ געגומען רעדן פאַרטרויליך, — מיעט אונז אנהויבן באַקוקן, באַטאַפּן, דיין אויג, מיינע ריפּן, קורץ, מיעט אונז ניט וועלן נעמען צום פראָנט, וועלן מיר זיי זאָגן: הערט אויס, חברים, מיר זיינען טאָקער, זיינען מיר, יאָרן לאַנג געטאָקט האָלץ, איצטער גיט אונז אַ פלאַץ, שטעלט אונז אַוועק טאָקן טשאָל, פאַר טאַנקען, אעראָפּלאַנען, קאַנאָנען. אין א וואָך צייט לערנען מיר זיך אויס, ניט אַזוי?
— זיכער.

— און זיין עס טון. כימיין זייין אונז אוועקשטעלן אַרבעטן.

— אודאי וועלן זיי עס טון. כאָטש איך וויל בעסער אויפן פראָנט. אָבער דאָס וועלן מיר שוין זען. לאָמיר זיך נאָר דערלאַנגען אַהין.

— זיך דערלאַנגען. ברודערקע. אַ טאָג, צוויי, העכסטנס דריי וועלן מיר זיין דאָרטן. איז היידא — געגאַנגען!

(10)

זיי זיינען אנגעקומען קיין קיעוו ווען כמעט דאָס גאנצע מיליטער

האָט זיך שוין געהאט צוריקגעצויגן פון שטאָט, ווען די ציווילע באַפעלקערונג וואָס האָט געקענט פאַרלאָזן האָט זיך שוין געשלעפּט אויף די וועגן, ווייטער, ווייטער פון שונא, ווען דאָס ביסל סאָלדאַטן און די ציווילע האָבן זיך געשלאָגן שוין ניט מיט דער האפענונג צו געווינען, פאַרטרייבן דעם שונא, נאָר מיט ווייטיק און פאַרצווייפלונג — תמות נפשי עם פלשתים. ביסנען און סטיאַפּאַן האָט שוין קיינער ניט געפרעגט: פון וואַנען, נאָכוואָס? אַ מענטש איז געפאַלן, זיין ביקס איז געבליבן, איז די ביקס געגאַנגען צו דעם וואָס האָט זי אויפגעהויבן. מיהאָט זיך שוין געשלאָגן פון גאַס צו גאַס, פון הויז צו הויז.

אין דעם הויז וואָס זיי האָבן פאַרטיידיקט זיינען זיי געווען צוועלף אירע. אַ הויז ביים ענדע פון אַ בלינדער גאַס. הינטער דעם הויז זיינען געווען אַ פּאָר הונדערט מענטשן, מענער, פרויען און קינדער, וואָס האָבן געוואַרט דאָס הויז, די פאַרטיידיקער, זאָלן פאַר זיי פריי מאַכן דעם וועג. אין דעם הויז זיינען שוין ניט געווען קיין פענסטער, עס האָט שוין געפעלט די טיר, שטיקער דאַך זיינען שוין געליגן אויף דער ערד, די שיסערייַ האָט פונדעסטוועגן ניט אויפגעהערט — פריי מאַכן דעם וועג! אָבער באַפרייַ דעם וועג ווען אַ מאַשין ביקס האָט געשטעפּט פונקט אַנטקעגן, ניט געלאָזט קיינעם מאַכן אַ טראָט.

— אויב מירין ניט פאַרמאַכן דאָס מויל דער „קוקאָוועץ" וועט דאָס הויז זיין אונזער קבר.

— איר פאַרשטאָפּן דעם גאַרגל, אַ רוח אין איר מאַמע אַריין!

— און גיי פאַרשטאָפּ!

דער „קוקאָוועס" גאָרגל, האָט זיך געדוכט, איז פאַרשטאָפּט געוואָרן. דאָס שטעפּעריי האָט זיך ניט געהערט. ווי לאַנג האָט עס געדויערט? אַ סעקונדע? אַ מינוט? אַלע האָבן אַרויסגערוקט די קעפּ, זען, הערן. זיי האָבן דערזען אַ פרוי פון הינטערן הויז האָט זיך אַ לאָז געטון. זיי האָבן ווידער דערהערט די מאַשין ביקס שטעפּעריי, און אין דעם שנעלן טרעשטשען האָט זיך מיט אמאָל אַריינגעשניטן אַ הילכיקער קוויטש, זיך אַריינגעשניטן, און צעשפּליטערט געוואָרן. די פרוי איז געבליבן ליגן, די מאַשין ביקס האָט ווייטער געשטעפּט.

ניסן האָט אַ לייג געטון די ביקס, אַ טאַפּ געטון דעם גאַרטל און זיך אַ לאָז געטון דרויסן.

— ביי־סען! — האָט סטיאפּא א געשריי געטון, אַ לאַף געטון נאָך אים. צו שפּעט. דעם קאָפּ איינגעגנורעט, האָט ניסן אַ שניט געטון די ברייט פון גאָס. אקאַרשט ביי דער צווייטער זייט גאַס איז ער ווי אונטערגעשפּרונגען, אַ פּאַל געטון.

— אומגעקומען אַ מענטש, — האָט עמיצער אַ זאָג געטון. סטיאפּא האָט פאַרקנייטשט די אויגן, די האַנט האָט געקלעמט די ביקס.

דער „אומגעקומענער" מענטש האָט מיט דער זייט זיך אַ שאַר געטון, זיך אַ הויב געטון. אַן אויסגעבויגענער אין דער סקאַס האָט ער א הויב געטון די האַנט, אַ וואָרף געטון אַ גראַנאַט. איין מאָל. קראַך. א צווייטן מאָל, אומגעפאַלן. די מאַשין ביקס האָט אויפגעהערט שטעפּן . . .

די עלף פון הויז, די מענטשן פון הינטערן הויז האָבן זיך אַ לאָז געטון ליינג אויס דער גאַס. סטיאפּא האָט א לייג געטון די ביקס, זיך אַ לאָז געטון אין דער ברייט פון גאַס.

— וואוהין איז?

סטיאפּא האָט ניט געהערט. ער איז צוגעלאָפן, אַ נעם געטון ניסנען, אים אַ טרייסל געטון . . . סטיאפּא האָט זיך אָנגעבויגן נאָך נידעריקער. אַ קרעפּטיקער הויב, און ער האָט אַרויפגענומען ניסנען אויף דער פּלייצע, זיך אויסגעגלייכט און א מעסט געטון די גאַס. איינצלנע שאָסן האָבן זיך געטראָגן. סטיאפּא האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ, א נורע געטון, איבערגעלאָפן די גאַס, אַריין אין הויז. אַוועקגעלייגט ניסנען, איז סטיאפּא געשטאַנען, געשאָקלט מיטן קאָפּ — עך, ניסען, ניסען! סאַקאַליק דו מיינער! ניט געוואָלט שטאַרבן. געוואָלט נאָך זען אַ בעסערע וועלט . . .

דאָס אויגן לעדל איבערן גלעזערן אויג האָט זיך ניט אַרונטערגעלאָזט. דאָס גלעזערן אויג האָט געקוקט אויף סטיאפּאן: איך זע. איך זע אַ בעסערע וועלט . . .

סטיאפּאַ האָט זיך אנגעבויגן, אַרונטערגעצויגן דאָס לעדל איבערן אויג, אַ דריק געטון מיטן פינגער, דאַן זיך צוגעבויגן, אַ קוש געטון

דעם שטערן און זיך אויפגעהויבן. ביי דער טיר שוין האָט ער זייטיק
אַ קוק געטון אויף ניסנען.ביידע אויגן זיינען געווען צוגעמאַכט.
„לאָז די טויטע באַגראָבן זייערע טויטע". דאָס האָט ער אים געזאָגט
ווען זיין מוטער איז געליגן אַ דערשאָסענע, איצטער . . .

סטיאָפּאַ האָט א שפּאַן געטון אויף יענער זייט טיר. ער האָט אַ נעם געטון די ביקס, אַרויפגעלייגט אויפן אַקסל, א טרייסל געטון און זיך געלאָזט גיין.

צום פראָנט!
צום זיג!

1942 —



# ע ל נ ה ר ה אָ ד ס אָ ן

אין גאַס איז שוין געווען געפערליך צו גיין, דער טעלעפאָן האָט נאָך געאַרבעט. חברים, פריינט האָבן זיך איבערגערופן.

— . . . ליענין אנטלאָפן קיין פינלאַנד? פון ווען אָן איז ער עס זיך סומך אויף ליענינען? אהא, די קעפּ. נו יאָ, דער עיקר זיין קאָפּ. מילא, וואָס איז מיט דיר? איך אויך. יאָ, מידאַרף זיך צוזאַמענקומען, דורכריידן. אפשר נאָך היינט. האללאָ! האללאָ! האל־לאָ! טויב.

ברוך האָט אַראָפּגעלייגט דאָס טרייבל האלטנדיק די האַנט דאַרויף, עס גענומען נאָכאמאָל צום אויער. טויב. איבערגעריסן, אָדער אַ שטערונג בלויז? טאקע טויב. ער האָט אַראָפּגעלייגט דאָס טרייבל, זיך איינגעהערט צום דרויסן.

— ווער האָט עס געקלונגען?

— שוואַרצמאַן.

— וואָס האָט ער געזאָגט?

— גאָרניט. לייזער טעפּליצקי קלייבט זיך אין וועג אַריין.

— נאר לייזער? אַ ל ע קלייבן זיך.

— אַלע? אַ „פּאָר" אידן וועלן נאָך בלייבן.

— ווער עס קען זיך ראַטעווען ראַטעוועט זיך.

— און וואָס איז מיט די וואָס קענען זיך ניט ראַטעווען?

— וועסט די וועלט ניט פאַרזאָרגן.

— די וועלט ניט, אָבער זיך יאָ.
— דאָס וואָס איך זאָג.
— וואָס מיינסטו?
— וואָס מיינסטו וואָס מיינסטו?
— איך מיין וועגן וואָס רעדסטו?
— גוט יום טוב, געליע! רעטעך טראָג איך. מירעדט און מירעדט, און ער — וועגן וואָס רעדסטו? אָפּגערעדט צו טרעפן זיך מאָרגן אינ־דערפרי ביי דער פּראַגער בריק.
— אָפּגערעדט זיך טרעפן? ווער האָט עס זיך אָפּגערעדט?
— וואָס הייסט ווער? אַלע! לייזער טעפּליצקי, יאַנקל פישביין, נח שטערנפעלד, קלמן דאיכעס, אַלע . . .
— אַזוי גאָר? און איך ווייס גאָרניט דערפון.
— וואָס מאַכסטו זיך געפּגרט, וואָס? ער ווייסט ניט דערפון. די שטאָט ברענט, אַלע אַנטלויפן וואוהין די אויגן טראָגן, און ער ווייסט ניט. מאָרגן זעקס אינדערפרי לאָזן מיר זיך אין וועג אַריין.
— מ י ר ? — ברוך האָט אנגעשטעלט די אויגן אויף זיין ווייב. עלף יאָר מאַן און ווייב, און איר אויסזען איצט — א נייער. זי האָט אויסגעזען העכער, זי האָט אַרונטערגעקוקט אויף אים. אירע גרויע אויגן האַרט, בייז, באַפעלעריש. ער האָט שטיל אַרויסגערעדט: איך בלייב.
— וואָס?! — איצט האָט שוין רבקה געקוקט אויף איר מאַן, פאַרחידושט, ניט גלויבנדיק. — דו בלייבסט? וואָס מיינסטו?
ברוך האָט זיך אויפגעהויבן, אַ קנייטש געטון מיט די אַקסלען.
— דאָס וואָס דו הערסט. איך בלייב דאָ.
— אהאַ, יעזוס האָט דיר געלאָזט גריסן.
ברוכס בלאַנד בערדל האָט זיך פאַרשפּיצט אויף אַרויף, זיינע בורשטין אויגן האָבן אַ בליק געטון אויף זיין ווייב, באַגעגנט אירע גרויע אויגן, איצטער שפּאַטיש, אפּלאַכעריש. שעהן לאַנגע דיסקוסיעס צו זאָלן די פירער בלייבן אויף די ערטער, נעכט פון נישט שלאָפן, טראַכטנדיק און איבערטראַכטנדיק דעם ענין זיינען אָפּגעווישט גע־וואָרן פון אַט דעם שפּאַטישן קוק: אַ מאַרטירער ווילט זיך דיר זיין, יעזוס האָט דיר געלאָזט גריסן. ברוך האָט געוואוסט אַז זיין אויסזען,

דאָס געכאַליעט בלאַנד בערדל האָט דערמאָנט אן די קאָנווענציאַ־נעלע קריסטוס בילדער, האָט שוין אפילו געוואָלט אמאָל אָפּשערן דאָס בערדל, האָט זי ניט געלאָזט. זי האָט געדרייט איר פּנים אונטער דעם בערדל, געדרייט אַזוי קונציק אַז די האָר האָבן קוים אָנגערירט איר הויט, אירע באַקן, דערפאַר אָבער האָבן אירע ליפּן זיך צוגעזאָגט צו זיינע, זי האָט אַזש געברומט . . . איצטער א . . .

— מידאַרף ניט זיין קיין מאַרטירער צו בלייבן דאָ, מידאַרף נאָר זיין ערליך, אפילו ניט דאָס אויך, פּשוט אַנשטענדיק . . .

— טאָ ווייס אַז דו האָסט די גאַנצע צייט געלעבט מיט אַן אומאַנשטענדיקער פרוי. איך לאָז זיך מאָרגן אין וועג. שלמקע! שלמהלע! וואו איז ער אַהינגעקומען? של . . .

— פּאַפּאַ! פּאַפּאַ! עראָפּלאַנען! עראָפּלאַנען! קוק, קוק, מאַ!

טאַטע מאַמע האָבן אַרויסגעשטעקט די קעפּ דורכן פענסטער, דאָס קינד האָט זיך קאַראַבקעט, אויך געוואָלט דערלאַנגען דעם פענסטער, אַרויסקוקן, די עלטערן האָבן אַריינגעצויגן די קעפּ. קיין עראָפּלאַנען האָבן זיי ניט געזען, זיי האָבן אָבער געהערט. איצט זיינען זיי געשטאַנען, זיך איינגעהערט.

— גיי אַוועק פון פענסטער! — האָט דער פאָטער אַ זאָג געטון, אַ צי געטון דאָס קינד און פאַרהאַקט דעם פענסטער.

— איך האָב זיי געזען! אַזוי פיל! אַזוי פיל! אַ טויזנט עראָ־פלאַנען!

שלמקה האָט זיך געחידושט וואָס זיינע עלטערן זיינען ניט נתפּעל פון די „טויזנט" עראָפּלאַנען, זייער שווייגן האָט אים אָפּגע־נומען דאָס לשון. וואָס טוט זיך עס דאָ מיט זיינע טאַטע מאַמע? עראָפּלאַנען גייען זיי ניט אָן, זייערע פּנימער . . .

— קום! — האָט די מאַמע אים א צי געטון פאַרן הענטל, — מירין גיין . . .

— וואוהין איז?

— מידאַרף דאָך עפּעס איינקויפן, ניין?

— אַט איצטער אָ?

— ניין, מאָרגן. קום שלמהלע.

— לאָז דאָס קינד דאָ!

— גאָרניט געוואוסט דו זאָרגסט זיך אַזוי שטאַרק פאַר דיין קינד.

— לאָז דאָס קינד דאָ! — ברוך האָט אַ צי געטון שלמקהן, אים „אַרויסגעריסן" פון דער מוטערס האַנט. רבקה האָט אַ קוק געטון אויף ברוכן. אַ פאַרשפּיצטער קוק, אַנגעהויבן דיק, בייז און פאַרענדיקט מיט אַ שמייכל — דאָס קינד איז אין א י ר ע הענט, זיין אַרויסרייסן עס איצט דער בעסטער באַווייז — עריט מיטגיין. זי האָט אַ נעם געטון איר מאַנטל, היטעלע, זיך געלאָזט אין גאַס.

— וואו איז די מאַמע געגאַנגען?

— אין גאַס אַריין, עפּעס קויפן.

— קויפן וואָס?

— ברויט.

— און די עראָפּלאַנען?

— ניטאָ קיין עראָפּלאַנען! — האָט ברוך שאַרף אַ זאָג געטון.

— איך האָב געזען אַזוי פיל! אַזוי פיל! ווער פליט אין די עראָ־פּלאַנען?

ברוך האָט אָפּגעריסן געענטפערט אויפן קינדס פראַגן ביז דאָס קינד איז אומצופרידן אַנטשוויגן געוואָרן, אַרויסגעגאַנגען אין צווייטן צימער. ברוך האָט אַרומגעשפּאַנט איבערן צימער, געגלעט דאָס בערדל. די האַנט איז געבליבן רוען אויפן בערדל, די פיס האָבן אויפ־געהערט גיין. יעזוס האָט דיר געלאָזט גריסן. אַ נאָדל לויפט אַרום אין קערפּער, אומגעריכט טוט זי אַ שטאָך. אַנטלויפן איז טאַקע מיאוס, אָבער איז זיין פאַרלאַנג צו בלייבן ניט קיין . . . געשיכטליכער?" . . . און ווען מיהאָט ברוך פינקלשטיין געפירט צו דער תליה, איז ער געגאַנגען שטאָלץ, מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ, און ווען שוין מיטן שלייף אויפן האַלז, האָט ער אויסגעשריען . . ." ברוך האָט אַ הויב געטון די אויגן, דערזען זיך אין שפּיגל, דער מענטש דאָרט באַקאַנט, דאָך פרעמדליך. — פּאָזע! — האָט ברוך דערהערט. האָט עס דער דאָרט אין שפּיגל אים אַ וואָרף געטון אין פּנים אַריין? ברוך האָט אַ שפּאַן געטון. פּאָזירן פאַר דער געשיכטע? ניין! ברוך האָט אַנטשיידן אָפּגעוואָרפן דעם געדאַנק, אַ ריב געטון דעם פּנים, דאָס בערדל ביז איבערן האַלז. די תליה לאַקט אים ניט. ניין, הייננען וויל ער ניט.

ער וויל . . . מישלאָגט, מיהרגעט, מענטשן זיינען דערשלאָגן, פאַר־לאָרן, ער דאַרף זיי מונטערן, העלפן. מיט וואָס? שרייבן, רעדן. וועט ער עס קענען? איז ער דאָך שוין געזעסן אין טורמע און פון דאָרט אַרויסגעשמוגלט א צירקולאַר פאַרן ערשטן מאַי. ליענין, זאָגט לייזער, איז אנטלאָפן. אמת. אָבער ווער האָט פאַרשפּרייט ליענינס וואָרט, ווער איז געגאַנגען אויף אַ זיכערן טויט, אויב ניט די ניט אנטלאָפענע, די אַנאָנימע קדושים. יאָ, אנאָנימע קדושים. אין קיין געשיכטע איז זייער נאָמען ניט דערמאָנט. — אָבער קדושים, — האָט ברוך געהערט אַ בייסיקע שטימע. — אַ קדוש ווילט זיך דיר זיין, אויב אפילו אן אנאנימער. איך, ברוך פינקלשטיין, בין ניט אנטלאָפן. לייזער, אַנדערע זיינען אנטלאָפן, איך בין געבליבן, איך בין א פּיינערער מענטש, א . . . קדוש, — איז זי דאָך גערעכט, רבקה. אירע גרויע אויגן, איר שפּאטישער קוק. וויפיל ער האָט זיך נישט אָנגעשטריינגט דערזען נאָכאמאָל אָט דעם שפּאטישן קוק האָט ער אים נישט געקענט כאַפּן געווני, אנשטאט דעם האָט ער געזען אירע גרויע אויגן אפירקוקנדיק פון אונטער דעם פּיין געוועלבטן שטערן, די שוואַרצע האָר, די צעפּ איבערגעלייגט איבערן קאָפּ. שוואַרצע האָר, גרויע אויגן, אָט די קאָמ־בינאַציע האָט דאָס ערשטע זיך געוואָרפן אים אין די אויגן ווען ער האָט זי דערזען מיט . . .

אויפהויבנדיק די אויגן צו דערזען דאָס יאָר, דעם טאָג ווען ער האָט רבקהן דערזען צום ערשטן מאָל, האָט ער דערזען איר בילד אויף זיין שרייב טיש. ער האָט עס א נעם געטון. — וואוהין איז זי דאָס אַוועקגעגאנגען? — האָט ער אומרואיק א שטעל געטון דאָס בילד צוריק. און שלמקה? וואו איז ער אהינגעקומען? — שלמקה! שלמקה! — ברוך האָט אן עפן געטון די טיר, אַרויסגיין זוכן זיין זעקס יאָריק קינד, ווען דאָס קינד איז געלאָפן אויף די טרעפּ שרייענדיק: עראָ־פּלאַנען! עראָפּלאַנען! ברוך האָט אים אַריינגעכאַפּט אין שטוב, פאַר־שלאָסן ראש די טיר, געוואָלט אויסריידן זיין קינד פאַר אַרויסלויפן אין גאַס, ווען ער האָט דערהערט אַ מאדנעם פייף, אָט ווי אַ שטורם ווינט וואָלט א שניט געטון די לופט גלייך דערביי און באַלד דער־הערט אַ דונער האָט א קראַך געטון, ערגעץ דאָ, איבער זיין קאָפּ. ער האָט דערפילט דעם קינדס הענטלעך אַרום זיינע קני, דערהערט אַ

בראָזג פון גלאָז, דערזען קאַלך פאַלן פון סופיט. ער האָט אַ ריס געטון דאָס קינד, באַפרייט זיינע קני און געצויגן דאָס קינד מיט זיך צו דער טיר. ער האָט געריסן די טיר מיט אַלע כחות ביז ער האָט זיך געכאַפּט זי איז פאַרשלאָסן. אפגעשלאָסן, איז ער אַרונטערגעלאָפן די טרעפּ, פאַטער און קינד אין אַ מין געיעג — ווער וועט פריער אַרונ־טערקומען.

אין קעלער זיינען שוין געווען אַלע שכנים פון הויז. מיאיז געזעסן, געשטאַנען, מאַמעס האָבן איבערגעפרעגט די קינדער צו זיינען זיי דאָ, ווען עס האָט זיך דערטראָגן אַ פאַרדעמפּטער קראַך זיינען אַלע אנטשוויגן געוואָרן, בלויז אַ „רבונו של עולם", געזאָגט אין אַ גע־פּליסטער, האָט זיך פּאַמעליך געשפּרייט איבערן קעלער, אַ דינער שיכט רבונו של עולם, וואָס האָט זיך געשפּרייט איבערן גאַנצן קעלער, אַריינגעדרונגען אין אַלע שפּאַלטן, אין יעדנס אויער.

— מאַמע! — האָט שלמקה אַ זאָג געטון מיט אַ וויינענדיק קול,
— וואו איז די מאַמע?

— זייט באַלד קומען, — האָט ברוך שנעל אָפּגעענטפערט און, אַרויסגעזאָגט די ווערטער, האָט ער דערפילט אַ שטעכיקע אומגעדולד, ער איז אַזש אין כעס געוואָרן אויף זיין ווייב. אַוועקגעגאַנגען! אַט איצטער אָ! ער האָט זיך איינגעהערט, אפשר קען מען שוין אַרויס־גיין, אַ קוק טון, דערהערט אַ פאַרדומפּענעם קראַך און אַ פּליסנדיקן „רבונו של עולם". ער האָט ניט געזען דעם אידן וואָס האָט אַרויס־געשיקט אָט דעם רבונו של עולם, ער האָט אים אָבער פיינט געקראָגן. אַ מענטש זאָל אַזוי היסען רבונו של עולם! דאָס קראַכן האָט געטרייסלט די נערוון, דער רבונו של עולם איז, ווי שאַרפער עסיק, אַריינגעדרונגען אונטער דער הויט, זי געצונדן, געריסן פון לייב. וואו איז זי? וואו איז זי אהינגעקומען? זי זאָל כאָטש . . .

דער קעלער האָט זיך איינגעהערט. קיין קראַכן. איינציקווייז האָט מען גענומען זיך אַרויסרוקן. ברוך מיט זיין קינד זיינען אַרויס־געגאַנגען. אַרויפגיין אין שטוב, אַ קוק טון? — וואו איז די מאַמע? — האָט דאָס קינד ווידער אַ פרעג געטון און ברוך האָט שוין ניט געטראַכט וועגן אַרויפגיין אין שטוב, צו זיך אויפן דריטן שטאָק, ער

האָט געקוקט לייבג אויס דער גאַס, די אויגן אנגעשטריינגט, מאָנענ־
דיק ביי דער גאַס — מיין ווייב! רבקה! די גאַס, אַ פּאָר מינוט צוריק
טויט, פאַרלאָזן, האָט אנגעהויבן באַלעבט ווערן, א מענטש האָט פאַר־
זיכטיק זיך אַרומגעקוקט, א לאָף געטון, דאַן געגומען גיין פאַמעליכער,
דעם קאָפּ פאַרריסן אויף אַרויף. ברוך האָט אויך פאַרריסן דעם קאָפּ.
אַ ווינקל פון פערטן שטאָק קעגנאיבער זיין דירה איז געווען אויס־
געבראָכן. א דריי טוענדיק דעם קאָפּ האָט ער דערזען אַ פאַרבעטע
בעט, ביים בעט אַ ביינקל איבערגעקערט, דאָס ווענטל אויפן בעט.
איז דאָס אַ ביינקל?

— וואָס שטייסטו?

— מאַמע!

— וואו ביסטו געווען?

— געמיינט איך בין שוין דערהרגעט געוואָרן?

— חכמהט זיך.

די אומרואיגקייט איז פאַרשוואונדן, געבליבן אַ בייזקייט, אַ
אויפגערעגטקייט. גייענדיק אויף די טרעפּ האָט ברוך געפילט חרפה
גייט אים נאָך מיט קעצישע טריט. ער האָט געזען זיין ווייבס רוקן,
אירע שיינקלען, זאָקן, און אים האָט זיך שטאַרק געוואָלט זי איבער־
יאָגן, אַרויפגיין דער ערשטער אין שטוב אַריין. ווי דאָס גייט זיך
אַזוי רואיק! אַרויפגעקומען אויבן, געעפנט די טיר, האָט רבקה גלייך
אין פאָדערצימער זיך אַרונטערגעלאָזט אויף אַ ביינקל, דאָס פּעקל
האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון איר האַנט. ברוך איז געבליבן שטיין.
די קנאה צו רבקהן פאַר איר רואיגקייט איז פאַרשוואונדען, איר בלאַס־
קייט האָט אים איבערגעשראָקן. — גיב מיר אַ ביסל וואַסער, — האָט
זי אַרויסגעבראָכט. ער האָט זיך א וואָרף געטון נאָך וואַסער. ער האָט
געזען ווי דורשטיק זי האָט געטרונקען, זיין האַלז קנאַפּ האָט זיך אזש
אַ וויג געטון. צונעמענדיק די גלאָז, האָט ער געפּרואווט איר העלפן
זיך אויפהויבן. — איבערגעגאַנגען, — האָט זי באַזייטיקט זיין
האַנט און זיך געלאָזט אין צווייטן צימער. גלאָז אין האנט האָט ער
נאָכגעפאָלגט.

— שטעל אַוועק די גלאָז! וואָס האלסטו זיך?

ברוך האָט זיך געכאַפּט ער האַלט די גלאָז און ערשט דאַן ניט

געוואוסט וואו זי אהינצוטון. רבקה האָט מעשה באַלעבאָסטע שוין באַטראַכט די גלאָז שערבלעך, דעם קאַלך אויפן דיל, אַרויפגעקוקט צום סופיט. — נאָך מיט חסד. וואָס ווייסטו וואָס סיטוט זיך אין שטאָט.

— און דו האָסט עס באַדאַרפט גיין, געמוזט?

— דערלאַנג דאָס פּעקל דאָרט, — האָט זי ווייך אַ זאָג געטון.

— וואָס האָסטו געבראַכט, מאַמע?

— וואַרט, וועסטו זען. — זי האָט שווייגנדיק אויסגעפּאַקט דאָס פּעקל.

— אַ לייבעלע! אַ לייבעלע! — האָט זיך שלמקה דערפרייט, צוגעלייגט דאָס לייבעלע צום ברוסט, דאַן געפּרואווט עס אַריבערציען איבערן קאָפּ.

— צי ניט! וואַרט, דיר אנמעסטן. נאַ, דאָס איז פאַר דיר, — האָט זי דערלאַנגט ברוכן אַ פּאָר וואָלענע זאָקן, — די לעצטע פּאָר געווען, — האָט זי סוחריש א זאָג געטון, — פון די הענט האָט מען זיי מיר שיר ניט אַרויסגעריסן.

ברוך האָט געהאַלטן די זאָקן, ניט געוואוסט וואָס צו טון מיט זיי, געקוקט אויף זיין ווייב. — האָסט באַדאַרפט זען וואָס סיהאָט זיך געטון אין שטאָט. חושך! דער לויפט אַהער, דער אַהין. א נס וואָס כיהאָב נאָך פאַרכאַפּט אָט דאָס אָ. די שדים זיינען אָנגעקומען איז קיין לעבעדיקער נפש ניט געבליבן אין גאָס. זיך אריינגעכאַפּט אין אַן אריינגאַנג, איבערגעוואַרט. ווי דאָ?

— זעסטאָך!

— נאָך מיט חסד. כאָטש איבערשלאָפן די נאַכט. קום אַהער, שלמקה, דיר אנמעסטן דאָס לייבעלע.

— שיין, זייער שיין, — האָט ברוך פּאַטאַקעוועט זיין קינד וואָס האָט זיך געגרויסט מיט זיין נייעם לייבעלע. ער האָט געזען ווי דעם קינדס אויגעלעך — דער מאַמעס גרויע אויגן — האָבן געלויכטן און אים האָט פאַרקלעמט ביים האַרצן פון דעם קינדס פריילעכקייט.

— איצט טו עס אויס! — האָט די מוטער באַפוילן. דאָס קינד האָט זיך געקווייבקלט.

— מאָרגן, מיין קינד, דיר אנטון דאָס לייבעלע, מאָרגן אינדערפרי.

ברוך האָט דייטליך געהערט די רייד, פאַרשטאַנען זיין ווייב

רעדט ניט צום קינד, צו אים רעדט זי. מאָרגן אינדערפרי. זי האָט באשלאָסן. עריט ניט גיין. זאָל זי גיין אַז זי וויל, ער . . .

— געטראָפן ראבינאוויטשן, — האָט זי שוין גערעדט דירעקט צום מאַן, צונויפלייגנדיק דעם קינדס לייבעלע. ברוך האָט א הויב געטון דעם קאָפּ. ראבינאָוויטש? טאקע וואָס מכח אים? ער האָט געוואָלט הערן. — אַרומגעלאָפן ווי אַ פאַרסמטע מויז, זוכן אַ דראזש־קאָרזש, א פור . . . מאָרגן מוז מען זיך לאָזן אין וועג, און דאָ איז אים די ווייב אַוועקגעפאַלן, זיך אנידערגעלייגט מיט היץ, כאָטש נעם לאָז זי איבער . . .

— איבערלאָזן אַ קראַנקע ווייב?

— אַ ווייב אַ מאַן מעג איבערלאָזן?

האָט זי געשמייכלט, אָדער אים האָט זיך עס געדוכט? ברוך האָט עס זייער געוואָלט וויסן, ער האָט אָבער מער ניט געוואָלט קוקן אויף איר. ער האָסט זי. זאָל זי גיין, זאָל זי . . .

דער טעלעפאָן איז געווען טויב. שוואַרצמאַנען האָט ער ניט געקענט קריגן. סיידן גיין צו אים. אָבער ווי גייט מען? קיין אורא־פלאַנען האָבן זיך ניט געזען, עס האָט מער ניט געדונערט איבערן קאָפּ, אָבער די לופט איז געהאנגען א שטיקנדיקע, אָט אָט פלאַצט זי. אפשר אין אָוונט. דערווייל האָט ער זיך קיין אָרט ניט געפונען. רבקה האָט שוין אויפגעראָמט דאָס גלאָז, דעם קאלך, האָט פאַרהאנגען די פענסטער און זיך שוין געפּארעט אין קיך. ברוך איז אַרומגעגאַנגען, זיך אָפּגעשטעלט ביי דער ספרים שאפע. א קליינע ביבליאָטעק האָט ער פאַרמאָגט. איצט האָט זיך אים געדוכט — אַ וואַלד מיט ביכער און איבערן וואַלד האָט ער קיין בוים ניט געזען, אַ בוך, איין בוך אַרויסנעמען, יאָ, איצטער אַ בוך, זיך פאַרלייענען, ניט טראַכטן פון . . .

פון אַלע ביכער האָט די האַנט אַרויסגעצויגן אַ קליין תנכל. ער האָט אַן עפן געטון: ירמיה.

„אַזוי האָט גאָט געזאָגט: דער וואָס בלייבט זיצן אין דערדאָזיקער שטאָט וועט שטאַרבן פון דער שווערד, פון דעם הונגער און פון דער פּעסט, און דער וואָס גייט אַרויס צו די כשדים וועט בלייבן לעבן; זיין נפש וועט אים זיין צו געווינס און ער וועט בלייבן לעבן".

אַ שפּיצל. עמיצער האָט אים אָפּגעטון אַ שפּיצל . . . דוקא אַרויס־ציען דעם תנך, דוקא אויפמישן דאָ אַ. ער האָט ראש א מיש געטון עטליכע בלעטער.

„אויב איריט בלייבן אינם דאָזיקן לאַנד וועל איך אייך אויפבויען און ניט צעשטערן, איך וועל אייך איינפלאַנצן און ניט אויסרייסן . . . איר זאָלט ניט מורא האָבן פאַרן מלך פון בבל".

דערזעלבער ירמיה. „און דער וואָס בלייבט וועט שטאַרבן" און „איריט בלייבן . . . וועל איך אייך אויפבויען". איין פינגער אינם ספרל, האָט ברוך גענומען אַרומשפּאַנען. בלייבן? ניט בלייבן? ער האָט זיך אַנידערגעזעצט, ווידער אַן עפן געטון דאָס ספרל: יחזקאל.

„אָבער אַז דער וועכטער זעט די שווערד קומען, און ער בלאָזט ניט אין שופר, און דאָס פאָלק ווערט ניט געוואָרנט, און די שווערד קומט, און נעמט פון זיי צו אַ נפש, איז ער צוגענומען געוואָרן פאַר זיינע זינד, אָבער זיין בלוט וועל איך מאָנען פון וועכטערס האַנט. און דו, בן אדם, אַ וועכטער האָב איך דיך געמאַכט פאַר דעם הויז פון ישראל, אַז ווען דו וועסט הערן פון מיין מויל אַ וואָרט, זאָלסטו זיי וואָרענען . . ."

ער האָט פאַרמאַכט דעם ספר, אַ גלעט געטון דאָס בערדל, זיך אויפגעהויבן, גענומען אַרומשפּאַנען . . . וועכטער . . . זעט די שווערד קומען און בלאָזט ניט אין שופר . . . וואָרענען . . . וואָס איז דאָס וואָרט? בלייבן? אַנטלויפן? „דער וואָס וועט בלייבן וועט שטאַרבן . . ." „אַז איריט בלייבן וועל איך אייך אויפבויען . . ." בלייבן . . . בלייבן.

— קום צום טיש!

ברוך האָט צעמישט א קוק געטון אויף רבקהן. צום טיש? ער האָט זיך געכאַפּט זי רופט אים עסן, דערזען מיט אמאָל עס איז שוין טונקל — פאַרנאַכט.

איין מאָכל, צוויי, דריי מאכלים. — וואָס פאַר אַ יום טוב?

— דאָס קען מען ניט מיטנעמען. אויפעסן וואָס מיקען, — האָט רבקה זאַכליך געענטפערט. און ברוך האָט מקנא געווען רבקהן אויף איר זאַכליכקייט, אויף איר וויסן גענוי וואָס צו טון, און צו דערזעלבער צייט זיך געוואונטשן קעגן איר. נאָכן עסן גייט ער גלייך אַריבער צו שוואַרצמאַנען.

— וואוהין איז?
— דאַרף ערגעץ צוגיין.
— אַט איצטער אַ?
— איך דאַרף צוגיין.
— וועסט ניט גיין! — זי האָט זיך אנידערגעשטעלט מיטן רוקן צו דער טיר. ווען ער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג זי אָפּציען פון דער טיר האָט זי א י ם א צי געטון און אים צוגעפירט צום פענסטער: זעסט?

די שויבן — אַ מחיצה צווישן שטוב און גאַס — אויסגעקלאַפּט, אַוועקגענומען, איז די שטוב געוואָרן אַ דרויסנדיקע, און אין דעם דרויסן האָבן עטליכע פייערן, אין פאַרשידענע טיילן פון שטאָט, ווייט פון זייער היים, באַלויכטן דעם אונטיקן הימל. די ר ו א י ג ק י י ט פון די פייערן האָט געשפּרייט א טיפע אומהיימליכקייט. — מיר ברענען, — האָבן זיי רואיק גערעדט, — קיינער קען אונז ניט שטערן, פאַרברענט ווערן מוז די שטאָט.

— איצט זעסטו? קיין לעבעדיקער נפש ניטאָ אין גאַס. קום לייגן דאָס קינד שלאָפן.

דאָס קינד האָט געוואָלט מיטנעמען דאָס לייבעלע אין בעטל אריין.

— מאָרגן, מיין קינד, מאָרגן אינדערפרי דיר אָנטון דאָס לייבעלע, פאָרן צום פעטער.

— וואָסיער פעטער?

— זאָל מיך אַזוי וויסן צרות.

— זאלמיכאזוייוויסנצארעס? וואָס פאַר אַ פעטער איז עס? זאָל־מיכאזויוויסנצארעס. זאָל־מיכ־אַזוי־וויצנ־סארעס, — האָט דאָס קינד הנאָה געהאָט פון איבערחזרן דאָס „וואָרט״, וואריאירן.

— זאָל מיך אַזוי וויסן צרות, — האָט די מוטער געענטפערט שוין מיט אַ שמייכל.

— זאָלמיכאזוייוויסנצארעס, — האָט דאָס קינד צום וויפילטן מאָל איבערגעחזרט, אנגעקוואלן. פאָטער און מוטער האָבן זיך איבערגע־קוקט, געשמייכלט. דאָס קינד האָט געכאַפּט זיי געפּעלט עס, און שוין בענומען פלוידערן, אפציען דאָס לייגן זיך שלאָפן.

— נו, טו א קוש דעם פאפא און לייג זיך שלאָפן.

דאָס קינד האָט אַרומגעפלאָכטן די הענטלעך אַרום פאָטערס האלז, געקושט אים און געפלאפלט: מיר פאָרן צום פעטער זאַל־מיכאַזיויוויסנצאַרעס, יאָ, פאפא?

— יאָ, יאָ, לייג זיך שלאָפן, אָט אַזוי. — ער האָט אַריינגעלייגט דאָס קינד אין בעטל, און מיט אַמאָל האָט ברוכן אָ קלאַפּ געטון: דאָס לעצטע מאָל! ער האָט זיך איבערגעבויגן איבערן בעטל, שאַרף אַנגע־קוקט דאָס קינד, זיך צוגעבויגן, א קוש געטון. א לאַנגער, פאַרצויגענער קוש און ראש אפגעגאנגען פון בעטל.

אַ שטילקייט איז אנטשטאנען אין הויז, ברוכס אָ טראָט, רבקהס אָ ריר איז געווען אָ גערודער, מיהאָט געקענט הערן די ליכט ברענען, די ליכט — א פרעמדע, ניט קיין היימישע, באַלד וועט זי אויסגיין, אַרויסגיין אין גאַס. פון גאַס איז ניט אַריינגעדרונגען קיין קלאַנג. אַ בית עולם שטילקייט האָט געווייעט פון דרויסן. איכה ישבה בדד . . . און דער וואָס וועט בלייבן וועט שטאַרבן . . . דער טויט האָט שוין געשוועבט . . .

— ווענסט מיר העלפן איינפאַקן?

ברוך איז וואך געוואָרן. ער האָט דערזען צוויי רענצלעך, געעפנט, די בייכער ווארטנדיק זיי אנצופילן. ער איז צוגעגאנגען צו דער קא־נאפע, ניט געוואוסט וואָס צו טון, צו וואָס זיך נעמען.

— נאָ, לייג דאָס אַריין אַהער. — רבקה האָט קאמאנדירט, ברוך האָט געפאָלגט. איין מאָל האָט ער געפרואווט טון ניט ווי זי האָט געהייסן, האָט זי מיט אָ שמייכל אים אפגעשטעלט. — גיי, ביסט אָ קינד. מער ווי די צוויי רענצלעך קען מען ניט מיטנעמען, אפשר די צוויי אויך ניט דערטראָגן, מימוז פאַקן אַזוי אַז אין יעדן רענצל זאָל זיין פון אַלץ צו ביסלעך, קליידער, עסן, מעדיקאמענטן. גיי, כ׳על שוין אַליין דערענדיקן. — דער הינטערטאן — וואָס דו קענסט שוין אויפטון. ברוך האָט פונדעסטוועגן זיך ניט געפילט באליידיקט. רבקה איז געווען גערעכט, ווי דער שטייגער, אין אירע פראקטישע זאַכן, איז זי אָבער גערעכט אין . . .

ער האָט זיך אנידערגעזעצט מיטן פנים צו דער שאפע ספרים. ער האָט ניט געזען קיין איינצעלנע ביכער, ער האָט נאָר געפילט אַז

דאָס אפשיידן זיך פון די ביכער, פון דעם אַלעמען, אַוועקגיין איז . . . שלעכט, איז . . . ניט שיין, ניט . . .

— נו, וואָס זיצסטו און טראַכסט? — רבקה איז ווי אויסגעוואַקסן לעבן זיין שטול.

— איך טראַכט . . . איך טראַכט אַז ס'איז אַ . . . נאַרישקייט, וואו וועט מען לויפן?

— זאָל מיך אַזוי וויסן צרות, — האָט רבקה אַרויסגערעדט מיט דער אינטאָנאַציע פון דעם קינדס ריידן און דער פריערדיקער שמייכל האָט זיך געטראָגן פון דער מוטער צום פאָטער, זיי דערנענטערט. זי האָט זיך אַ שאַר געטון צו אים, ער האָט זי אַ צי געטון, זי איז שוין געזעסן ביי אים אויף די קני. — מיעט גיין וואוהין די אויגן וועלן טראָגן, אבי דאָ ניט בלייבן. — זי האָט זיך צוגעטוליעט נאָך נעענטער.

. . . דער וואָס וועט בלייבן וועט שטאַרבן . . . — בלייבן דאָך מענטשן, — האָט ער אַרויסגעבראַכט.

— בלייבן. ווער בלייבט? ווער עס קען ניט אנטלויפן. ווער עס מוז בלייבן, ווער עס איז אפשר ניט אין אַזאַ געפאַר. מעגסט זיין זיכער אַז דויסט זיין דער ערשטער אויפן צעטל דערשאָסן צו ווערן. ברוך פינקלשטיין? דער שרייבער? דער רעדאקטאָר? דערשיסן דעם . . .

— אמווייניגסטן קען איך דאָך דערשאָסן ווערן.

זי האָט זיך עטוואָס אפגעטיילט פון אים. — דערשאָסן ווערן? איך וויל ניט! איך וויל ניט, — האָט זי שיר ניט א געשריי געטון, צוגעפאַלן צו אים און, מיט אַ פאַרשטיקט, וויינענדיק קול אַריינגע־רעדט צו אים אין ברוסט — איך וויל ניט מיין קינד זאָל בלייבן אַ יתום, איך וויל ניט! — אירע פינגער האָבן זיך איינגעקלאמערט אין זיין לייב. אים האָט וויי געטון און ער האָט הנאה געהאַט פון דעם ווייטיק, פון אירע פינגער אין זיין לייב, פון איר לייב לעבן זיינעם. ער האָט געגלעט אירע האָר, איר פּלייצע. — נו שא, באַרואיק זיך, דערווייל נאָך ניט דערשאָסן. ניט דערשיסן.

— ניט דערשיסן, זאָגסטו? — האָט זי זיך אויפגעזעצט גלייך.

— אַניט ווייסטו וואָס עס טוט זיך? זיי שאַנעווען דאָך ניט אפילו קיין קינדער. און צוליב וואָס? וואָס איז דאָס פאַר אַ זין?

— און אנטלויפן איז אַ זין?

— פאַטש ראַטעווען דאָס לעבן.
. . . זיין נפש וועט אים זיין צו געווינס . . .
— ניט אַזוי לייכט, רבקה!
— און מיר איז לייכט? זעסט אַט דאָס אַ? דאָס האָט מיר די מאַמע געשיינקט צו דער חתונה. און אַט דאָס הדסל זעסטו? דאָס איז אַ' ירושה פון מיין זיידן. און דאָס אַלץ איבערלאָזן, פאַר זיי, דערוואַרגן זאָלן זיי ווערן דערמיט.
— דאָס איז זאַכן. איך רעד פון מענטשן, חברים . . .
— מענטשן? איך האָב שוין גאָר קיין מענטשן? די משפחה פרנס איז דאָך אַ שבט אַ גאַנצער. אַרויסגעגאַנגען, געמיינט כאַטש אַריינגיין צו זעלדען, מיט איר זיך זעגענען, אַ שוועסטער! ערשט זי איז שוין ניט געווען, אינדערפרי נאָך אַוועקגעגאַנגען. אפילו ניט אָנגעקלונגען. אפשר האָט זי יאָ געקלונגען, מיך ניט געקראָגן. מיאַנטלויפט. יעדער איינער וואָס קען זיך נאָר ראַטעווען ראַטעוועט זיך.
— און די וואָס בלייבן?
— אוי, ברוך, הער אויף! הער אויף צו רעדן אַזוי. ווייסט גאַנץ גוט אַז דו קענסט גאָרניט טון, קענסט קיינעם ניט העלפן מיט דיין בלייבן. וואָס יעסטו טון? פאַרשטעקן די גרעבליע מיט אַ קול שטרוי? וועסט שרייבן אַרטיקלען? רעדן? עריט בלייבן. העלפן. העלף זיך, מיר, העלף דיין קינד.
מער האָט מען ניט גערעדט. ליפּ צו ליפּ האָט איינער איינגע־זאַפּט דעם צווייטן, לייב האָט זיך איינגעעסן אין לייב, קערפּערס האָבן זיך געצאַפּלט, געצעדערטלט און זיך ווידער געקלאַמערט און געקעפּלט. אַ טעמפּער קראַך האָט זיך דערהערט פון ערגעץ ווייט. רבקה האָט זיך אַ צאַפּל געטון, ברוכס אָרעמס האָבן זיך שטייפער פאַרצויגן אַרום איר רוקן. — דאָס קינד, — האָט רבקה אַ ברום געטון. — סיאיז ווייט, — האָט ברוך אַן ענטפער געטון. ביידע האָבן זיך איינגעהערט אין דער שטילקייט, און די שטילקייט האָט זיי ביידן אַרומגענומען, איינגעוויקלט . . .
— וואָס נעמט עס דיר אַזוי לאַנג? — האָט רבקה אומגעדולדיק אַנגעקלאַפּט אין וואַש צימער.

— כיגיי שוין, — האָט ברוך אייליק געענטפערט.

— פּאַפּאַ! מאַ! — האָט שלמקה אַ געשריי געטון ווען ער האָט דערזען דעם פאטער און רבקה האָט זיך אַ דריי געטון, ברייט אָן עפן געטון די אויגן. — וואָס . . . האָסטו געטון?

ברוך האָט אַ פּיר געטון מיט דער האַנט איבערן גלאַט ראַזירטן פּנים, געשמייכלט. אַ העל בילד אַרויסגעשפּרונגען פון אַ טונקעלער ראַם, נאַקעט אבער פריש. ברוכס פּנים, דאָס בערדל אָפּגעגאָלט, איז געווען נאַקעט, אָבער פריי, אָפן און יונג. פריער האָט דאָס בערדל דאמינירט דעם פּנים, איצט דער שטערן, די אויגן, און די אויגן האָבן יונג־פאַרשייט געשמייכלט. רבקה איז צוגעגאנגען, צוגעלייגט אַ האַנט צו זיין באַק, אַ פּיר געטון, דאן צוגעלייגט איר פּנים צו איין באַק, דער צווייטער.

— איך אויך! איך אויך! — האָט שלמקה גענומען שרייען, און דער פאָטער האָט אַרויפגעצויגן דאָס קינד צו זיך, געפּירט מיט זיינע באַקן איבערן קינדס פּנימל.

— נו גענוג נו, איצטער קריך אַרונטער. אָפּעסן און גיין.

— טו אָן! טו אָן! — איז רבקה באַשטאַנען.

— אָבער יס׳יעט׳אַך זיין הייס!

— יסעט זיין הייס ועסטו אויסטון. טראָגן אויפן האַנט איז שווערער ווי אויפן אַקסל. אַ מאַנטל מוז מען נעמען. איינפּאַקן ניט געקענט. אַזוי אויך שווער. טו א נעם.

ברוך האָט אַ נעם געטון אַ רענצל. ס׳איז געווען שווער. ער האָט עס אַרונטערגעלאָזט, זיך אַרומגעקוקט. ער האָט דערזען די שאפע ספרים, צוגעגאַנגען, אַרויסגענומען דאָס תנכל און צוגעמאַכט די טירלעך. ברוך איז געווען גרייט צו גיין.

— איך וויל אויך עפּעס טראָגן, — האָט דאָס קינד גענומען טענהן.

— נאַ, דויסט טראָגן דאָס אָ, — האָט אים דער פאָטער דערלאַנגט זיין שטעקן.

דאָס קינד, דרייענדיק דעם שטעקן, איז געווען דער ערשטער זיך אַרויסצולאָזן פון הויז. פאָטער און מוטער האָבן אַ וואָרף געטון מיט די אויגן איבערן שטוב, איבער די בעטן נאָר וואָס פאַרבעט, אויגן

האָבן זיך באגעגנט. מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגן האָבן זיי פאַרלאָזט דאָס הויז.

(2)

אַ באַרג רוקט זיך, רוקט זיך פּאַמעליך, קוים מיטן אויג צו באַמערקן, דאָך פילט מען אַז אַט אַט וועט ער זיך אַרונטעררוקן אינגאַנצן, צודעקן, דערקוועטשן אַלץ אין וועג, אַזוי האָט גדליה טרעגער זיך גערוקט אַנטקעגן ברוכן, זיך אָנגערוקט אויף אים. איז עס גדליה דער טרעגער? זיין גרוי־ווייסער שפּענצער — זיין ווינטערדיקע און זומערדיקע הלבשה — האָט פאַרלאָרן די מעל ווייסקייט, געבליבן עפּעס אַן אָפּגעקראַכענער מויז־גרוי, די שטריק אַרום זיינע לענדן — זיין פּאַספּאָרט — אַ טרעגער און אויך זיין געצייג — האָט געפעלט, אַן דעם מעל שטויב, אַן דער שטריק האָט גדליה דער טרעגער אויסגעזען ווי אַ ייד וואָס האָט שוין אַרונטערגענומען דעם טלית, אפילו דעם גאַרטל — אָפּגעדאַוונט, אָבער דער איינער אָרעם, באַנדאַזשירט אין אַ פרישער מעל־ווייסער בינדע, האָט צוגעגעבן עפּעס יומטובדיקס, גדליה דער טרעגער מיט אַ טלית אויף איין אַקסל . . .

". . . איך באַלאַנג נישט צו אייער חברה, אָבער אַז מיעט דאַרפן אונטערשטעלן אַ פּלייצע מעגט איר זיך פאַרלאָזן אויף מיר". גדליה דער טרעגער האָט עס געזאָגט ברוכן נאָך דער לעצטער רעדע וואָס ער האָט געהאַלטן, אויפפאָדערנדיק די אַרבעטער צו פאַרטיידיקן די שטאָט, דאָס לאַנד. האָט ער שוין אונטערגעשטעלט אַ פּלייצע?

גדליה דער טרעגער איז שוין געווען אַ פּאָר טריט פון ברוכן,ביידע האָבן זיך שוין דייטליך דערקענט, ביידנס בליקן האָבן זיך אויפגעכאַפּט און צוריקגעכאַפּט, געזען און ניט געזען. ברוך האָט געמאַכט אַ באַוועגונג איבערבייטן דאָס רענצל פון דער רעכטער האַנט צו דער לינקער, זיך אָפּשטעלן, זיך באַגריסן, זיך . . . זעגענען; גדליה האָט אַ מעסט געטון דעם שטח צווישן אים און ברוכן, זיך שיר נישט אָפּגעשטעלט, אָבער טאַקע נאָר שיר, זיינע פיס האָבן גענומען צייכענען אַ בויגן — אַרומגיין ברוכן מיט זיין ווייב און קינד, זייערע רענצלעך, און ער איז אַרומגעגאַנגען אַט ווי ברוך און די זייניקע

וואָלטן ניט געגאַנגען, נאָר ווי זיי וואָלטן געשטאַנען, אָדער גאָר ווי עפּעס וואָלט געליגן אויפֿן טראָטואַר, עפּעס צו וואָס מ׳טאָר זיך ניט צורירן, כאָטש עס ווילט זיך אַ טאַפּ טון, אַ שטורכע טון . . . ערשט ווען גדליה איז שוין געווען פֿאַרביי האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, זיך אומגעקוקט, פּונקט אין דעם מאָמענט ווען ברוך האָט אַ שטעל געטון זיין רענצל און זיך אומגעקוקט אויף צוריק, צו גדליהן. — געכאַפּט! — האָבן די בליקן אַ זאָג געטון און זיך צוריקגעכאַפּט. גדליה דער טרעגער האָט אַוועקגעשפּאַנט, רבקה האָט אַ פֿרעג געטון: שווער?

— שווער? ניין. — ברוך האָט אַ כאַפּ געטון דאָס רענצל, געמאַכט אַ פּאָר שנעלע שפּאַן. דאָס קינד האָט אונטערגעהאַלטן.

— לויף ניט אַזוי, — האָט רבקה געבעטן, פֿאַרגעוואָרפֿן. ברוך האָט פֿאַרפּאַמעליכט דעם גאַנג, דער קאָפּ, די פּלייצעס איינגעבויגן, פֿון איין אַקסל, פֿון סאַמע שלאָס ביין האָט זיך אַרונטערגעלאָזט ניט קיין האַנט נאָר אַ שטריק, צו דער שטריק צוגעבונדן אַ שווערער שטיין, דער שטיין ציט, ציט אויף אַרונטער, דער אַקסל טוט ניט וויי, עס פֿילט זיך נאָר אַ מין מורא — באַלד וועט די שטריק זיך אָפּטשעפּען, זיך אַראָפּשאַרן פֿון אַקסל, וועט ניט בלייבן. ברוך האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ — טרעגער! צענדליקער מענטשן גייען ווי ער, טראָגן, שלעפּן זאַכן, אַלע געוואָרן טרעגער, נאָר ניט גדליה דער טרעגער, אַלע גייען, נאָר ניט אין שטאָט אַריין, וואוהין? די בריק! די פּראַגער בריק!

— דאָס גאַנצע געזינדל! אַלע דאָ! — האָט ברוך דערהערט, דערזען לייזער טעפּליצקין, אַנדערע חברים. צווישן זיי האָבן שאַטנס זיך געשלייכט, די שאַטנס פֿון גדליה דעם טרעגער, אַנשעל שוואַרצמאַן, אַנדערע חברים, וואָס זייַנען נ י ט געווען.

— אַלע? אַנשעל שוואַרצמאַן איז . . .

— משוגע, — האָט לייזער טעפּליצקי אַ זאָג געטון מיט ביטול.

— אין דער לעצטער מינוט זיך איינגעשפּאַרט ע ר גייט ניט. אָך אים קען מען זיך ניט באַגיין. עריט . . .

— עמיצער דאַרף דאָך בלייבן.

לייזער טעפּליצקיס גרויסע, קיילעכדיקע אויגן האָבן אַ קאַסע געטון ברוכן. — אַ באַשלוס פֿונעם צענטראַל קאָמיטעט איז אַ באַשלוס, — האָט ער אויסגעשאָסן, פֿאַרהאַקט דאָס מויל, און דאָס פֿאַרהאַקט

מויל האָט געזאָגט: דער צענטראַל קאָמיטעט, דאָס בין איך! איך אַז איך הייס דאַרף מען פאָלגן! דאָס מויל האָט נאָכגעלאָזט. — וויל בלייבן איז עס אויף זיין אייגענער אחריות. מיין געוויסן איז ריין.

ברוך פינקלשטיין האָט מיט אמאָל דערזען לייזער טעפּליצקיס גלאַט ראַזירטן פּנים, אַזוי גלאַט ראַזירט אַז מ'האָט געקענט צווייפלען צו וואַקסט גאָר ביי דעם מענטשן א באָרד און דער פּנים אַזוי גלאַנציק, אַט ווי ער וואָלט נאָר וואָס אַרויס פון אונטער דעם מאַסאַזשיסטס האַנט, און עס האָט אַ בליץ געטון אין מח — אדעקאלאָן, און נאָך אַ בליץ — די פראַנצויזישע אַריסטאָקראַטיע פון לואי דעם זעכצענטן מיט אירע שאַרפע פּאַרפומען צו פאַרשטויסן דעם שווייס גערוך, די פּאַרוקן צו פּאַרדעקן די לייז. פון לייזער טעפּליצקיס גלאַטן, גלאַנציקן פּנים האָט געטראָגן עפּעס אומריינעס, פון זיין צעשפּיליעטן מאַנטל מיטן פוטערנעם קאָלנער, פון זיין בייכל האָט געוויייעט אַ באַלעבאַטישער גערוך. לייזער האָט זיך אַרויסגעלאָזט ניט אין גלות, נאָר אויף אַ געשעפטליכער רייזע, און אפילו דער פוטערנער קאָלנער, אנהויב סעפּטעמבער, אין דעם ליכטיקן פרימאָרגן — אַ העראָלד: ווייסט מיר זיינען ניט אבי ווער. ברוך האָט גאָרניט געזאָגט. זיינע אויגן האָבן אַ בלאַנזע געטון, באַנומען פרעמדע פּנימער, אפילו די באַקאַנטע, חברים אויך פרעמדליך.

—דאַרפן אַ קוק טון וועגן אַ פור, — האָט לייזער טעפּליצקי אַ זאָג געטון און אָפּגעטראָטן. ברוך האָט דערפילט אַ פּאַרלייכטערונג, געוואונשן אַז לייזער זאָל קריגן אַ פור און באַשלאָסן — ער אויף לייזערס פור פּאָרט ניט . . .

אַלע זיינען געגאַנגען, זיך געשלעפּט לײנג אויס דעם שאָסיי, מקנא געווען די גליקליכע וואָס זיינען פאַרבייגעפאָרן אין געפּאַקטע וואָגנס, די גאָר גליקליכע — משפחות פון מיליטער לייט — וואָס האָבן זיך פאַרבייגעטראָגן אין אויטאָמאָבילן, ביז די אויערן האָבן פאַרנומען אַ גערויש פון עראָפּלאַנען, און נאָך איידער די אויגן האָבן זיי דערזען האָט זיך שוין דערטראָגן דאָס טרעשטשען פון מאַשין ביקסן, און עס האָט זיך דערהערט — קיינער האָט געוואוסט פון וועמען — אַ באַפעל: אַרונטער פון שאָסיי! לייגט זיך!

אַ הינער הויף, וואוהין עס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ פוקס, הינער

לויפן אין אַלע ריכטונגען, און וואו זיי זאָלן ניט לויפן איז ניט זיכער, פון אַלע זייטן א פלויט, ביז איין הון נורעט זיך איין, גראָבט זיך אונטער אונטער דעם פלויט. מענטשן זיינען געלאָפן, איינער איבערן אַנדערן, איינער אַ נ ט ק ע ג ן דעם צווייטן, מענטשן זיינען געפאַלן, זיך געוורעט, זיך איינגעגראָבן אין דער ערד, און פון אויבן האָט זיך געטראָגן אַ בליי־רעגן, אַ שיטערער רעגן, איינצעלנע גרויסע טראָפּנס, דערפאַר אָבער וועמען אַ טראָפּן האָט געטראָפּן . . .

— אָט אַזוי אַ, בלייבן ליגן, ניט אויפשטיין, — האָט געטומלט ביי ברוכן אין קאָפּ ליגנדיק, דעם קאָפּ איינגעצויגן אין די אַקסלען, פילנדיק די ערד ביים פּנים. ער האָט אַ קער געטון דעם קאָפּ, זייטיק, מיט איין אויג אַ בליק געטון, דערבליקט רבקהן ווי זי האָט ליגנדיק געצויגן שלמקהן צו זיך, אונטער זיך, אָט ווי אַ קוואטשקע זוכט אַריינ־צונעמען איר לעצטע הינדעלע אונטער איר בויך, און ער האָט שאַרף אַ דריי געטון דעם קאָפּ אַרויף, צום הימל צו — אויב איצט זאָל אים טרעפן אַ קויל האָט ער עס כשר פאַרדינט. האָט ער נישט געהאט קיין מערדערישע מחשבות?

די מלאכי חבלה האָבן זיך פאַרבייגעטראָגן. מענטשן זיינען אויפגעשטאַנען. ברוך האָט געזען ווי לייזער טעפּליצקי האָט אָפּגע־קלאַפּט, אפּגעטרייסלט, נאָכדעם אָפּגעריבן דעם שטויב פון זיין מאַנטל מיטן פוטערנעם קאָלנער, האָט אַ קוק געטון אויף זיינע אייגענע אויס־געשמירטע מלבושים און זיינע אויגן זיינען מיט אַ באַזונדער הנאָה געבליבן רוען אויף אָט דעם ערד שטויב. גוט אַזוי. אויסגעשמירט. רבקה האָט אפּגעשטויבט דעם קינדס קליידער, אירע. ברוך האָט מורא געקראָגן זיך נאָך צוגיין אים אפּשטויבן, האָט ער אַ פּיר געטון מיט איין פאַר־ארעם איבערן מאַנטל, אפּגעפּוצט הייסט עס, און זיך געלאָזט אויפהויבן די רענצלעך. מ׳איז ווידער געגאַנגען, שוין ניט מיטן שאָסיי, נאָר אָן א זייט, דורך די פעלדער, וועלדלעך.

— פיסעלעך! טוען ווי פיסעלעך! — האָט דאָס קינד זיך גע־קלאָגט, זיך געפּעסטשעט. ברוך האָט איבערגענומען דאָס צווייטע רענצל, רבקה האָט גענומען דאָס קינד אויף די הענט. די משא האָט געצויגן די הענט, די אקסל, און אין קאָפּ האָט זיך געצויגן: אַ משא, ניט די רענצלעך, נאָר זי, רבקה, דאָס קינד, וועו ניט זיי . . . ער וואָלט

ניט געגאַנגען . . . און אויב אפילו גיין, איז אָן רענצלעך, אָן אַ מאַנטל, אָן גאַרניט, בגפו, גיין, אַוועקגיין, פאַרגיין . . . ער האָט אַרונטערגענומען דעם מאַנטל. די זון איז שוין געשטאַנען הויך אין הימל. די קליידער זיינען שווער געהאַנגען אויף די קערפּערס פון די גייער, די העמדער האָבן געקלעפּט צו די לייבער, דער שווייס אויף די פּנימער האָט זיך אויסגעמישט מיטן שטויב, די פּנימער האָבן געשמאַרצט, אין די העלזער האָט געטריקנט, די פיס האָבן געבראָכן. מיאיז שוין ניט געגאַנגען, מיהאָט זיך געשלעפּט. איינציקווייז, משפּחהסווייז האָט מען זיך צוגעזעצט, ווייבער האָבן גענומען עפענען רענצלעך, אויפבינדן זעקלעך. רבקה האָט אַרויסגעצויגן האַרטע אייער, ברויט, אפילו זאַלץ אין אַ פּאַפּירל און, עסנדיק, צוקוקנדיק ווי זיין קינד עסט, האָט ברוך אַ קוק געטון אויף רבקהן — ניין, ניט קיין משא, וואָס וואָלט ער געטון אָן איר?

נאָכן עסן האָט רבקה געקראָגן וואַסער צום טרינקען, רבקה האָט שפּעטער געפונען אַ נאַכטלעגער אין אַ פּויעריש שטיבל, און אויף מאָרגן האָט זי געקראָגן אַ פור! מיאיז געזעסן געפּאַקט ווי קערלעך אין אַ מילגרוים, אָבער מיאיז געפאָרן! וואוהין? קיין באַשטימטער פּלאַץ אָבי ווייטער, ווייטער פון די פאַרברענטע הייזער, פון דעם חורבן וואָס האָט זיך געשפּרייט, פון די רוישנדיקע עראָפּלאַנען, פון דעם בלייענעם רעגן.

איין פור, אַ צווייטע, דאַן ווידער צופוס, ענדליך — קאָוולע (קאָוועל), א שטאָט, אַ אידישער ישוב און די . . . רויטע אַרמיי. זי איז נאָר וואָס געהאַט אַריינגעקומען.

באַשטאַט זיך אין אָן אַרים אידיש הויז, האָט ברוך פינקלשטיין זיך ערנסט פאַרטראַכט: אפשר בלייבן דאָ? ווי ווייט איז דען פון קאָוולע קיין וואַרשע? און אַזוי נאָענט צו . . . סאָציאַליזם! געוויס, ער איז ניט געווען, איז נאָך איצט אויך ניט קיין באָלשעוויק, אָבער באָלשעוויקעס זיינען דאָך, קודם כל, סאָציאַליסטן, אַרבעטן אין קאָוולע מיט די באָלשעוויקעס מיינט דאָך, סוף כל סוף, אַרבעטן פאַר סאָציאַליזם אין וואַרשע . . .

אַ לאַנגער, שווערער ישוב הדעת, אַ שקלא וטריא, וואו צוואַנציק יאָר קעגנערשאַפט איז געליגן אויף איין וואָגשאָל און צוואַנציק טעג

גלות אויף דער צווייטער. די צוואנציק טעג האָבן געצויגן אויף אַרונטער, די צוואנציק טעג זיינען געווען אנגעלאָדן ניט נאָר מיט טויט שרעק פאַר זיך, ווייב און קינד, נאָר אויך מיט שולד באוואוסט־זיין — אנטלאָפן פון פּאָסטן, פון אַרבעט, און מיט אַ צוזאָג אויף אַרבעט דאָ, אַרבעטן אין קאוולע פאַר סאָציאַליזם, ניין, טון סאָציאַליסטישע אַרבעט.

ברוך פינקלשטיין, וואָס האָט קיינמאָל ניט דעבאַטירט אין דער הויך, ניט געשריבן עפּעס איידער ער האָט עס ניט דורכגעטראַכט פריער אין דער שטיל, האָט איצטער מער ניט געקענט פאַרטראָגן די „שטילע דעבאַטע", ער האָט געמוזט אַרויסזאָגן, פאַרטרויען עמיצן זיין געדאנקענגאַנג, און ער האָט אגב אורחאדיק אַ זאָג געטון צו רבקהן: אפשר גאָר בלייבן דאָ. וואָס דיינקסטו?

— נעכטן האָט מען אַרעסטירט וויקטאָר אלטערן, — איז געווען איר ענטפער.

— וויקטאָר אַלטער? אַרעסטירט! קען ניט זיין! פון וואַנען ווייסטו עס? ווער האָט עס דיר געזאָגט?

— לייזער טעפּליצקי.

— לייזער? — ברוך האָט ניט געגלויבט. ער מוז עס אַליין אויסגעפינען. ווען ער האָט זיך עס דערוואוסט אויף זיכער איז ער געווען אַזוי דערשלאָגן אַז ער האָט אפילו ניט געקענט עס איבעררריידן פאַר רבקהן, זיך אנטשולדיקן פאַר איר, איר עפּעס זאָגן. ער האָט געזען זי לויפט אַרום, פּאַדעט, פּאַרקויפט זאַכן, קויפט איין, גרייט זיך אין וועג אַריין און ער האָט ניט געפרעגט וואוהין. וואָס איז דער חילוק? אַ טעות געמאַכט. אַ טעות ניט נאָר אין זיינע אייגענע חשבונות נאָר אין וועלט חשבון. א י צ ט ע ר אַרעסטירן! אַרעסטירט ווערן? יאָ, פון די דייטשן, פּאָליאַקן, אָבער אַרעסטירט ווערן פון . . . סאָציאַליסטן! איצטער אָ! וויקטאָר אַלטער. פּאַרוואָס?

רבקה האָט ניט געלאָזט לאַנג טראַכטן. דער לעצטער צוג קיין ביאַליסטאָק האָט געהאַלטן ביים אָפּגיין, זי האָט געקראָגן אַ רייזע שיין, און ברוך, זיין ווייב און קינד האָבן זיך אַריינגעקוועטשט אין אַ וואגאָן, געפאָרן קיין ביאַליסטאָק.

אין ביאַליסטאָק, ווי אין קאָוולע, האָט רבקה געפירט די באַלע־באַטישקייט . . . ברוך איז געזעסן אין קאַפּע, געלייענט די צייטונגען וואָס מ׳האָט געקענט קריגן, געזעסן אַ סך באַקאַנטע, פריינט אפילו — אַ מין קיבוץ גליות — זיך איינגעהערט אין די דעבאַטעס, אַמאָל אפילו אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט, דער עיקר אָבער האָט אים אינטערעסירט די פּאָסט . . . יונגע מיידלעך זיינען געווען די פּאָסט פירער, פּאָסט ברייַנגער, אַריבער און פון יענער זייט גרעניץ. הונדערט גילדן אַ בריוו — אַ צעטעלע, עטלעכע ווערטער אויפן דינסטן שטיקל פּאַפּיר וואָס מ׳האָט געקענט קריגן. צוויי „בריוו" האָט ברוך געשיקט. עס האָט אים גענומען טעג ביז ער האָט די בריוו אנגעשריבן, איינעם צו שוואַרצמאַנען, איינעם צו גדליה דעם טרעגער. וואָס ער האָט ניט געשריבן האָט זיך אַרויסגעוויזן ניט גוט, שלעכט, פאַלש. דער בריוו צו גדליה דעם טרעגער האָט זיך ענדליך געלייענט:

„מיר האָבן זיך באַגעגנט, אָבער זיך ניט געזעגנט, אויב מירן זיך נאָכאַמאָל באַגעגענען וועלן מיר זיך דורכשמועסן, דערווייל דריק איך אייער האַנט. איך האָף זי האָט זיך שוין פאַרהיילט."

אויך ניט דאָס וואָס ער האָט געוואָלט, געפילט צו זאָגן, אָבער מער האָט ער שוין ניט געקענט רעדאַגירן. עריט פאַרשטיין גדליה. און שוואַרצמאַן וועט אודאי פאַרשטיין. די פראַגע איז, וועלן זיי קריגן די בריוועלעך? וועלן די „שיקסלעך" טאַקע אַריינגיין אין וואַרשע? און וועלן זיי געפינען די אדרעסירטע? שוואַרצמאַנען אפשר יאָ, זיין אַדרעס האָט ער, גדליהס אַדרעס? אַלץ וואָס ער האָט געוואוסט — גדליה דער טרעגער פון סמאָטשע גאַס.

די „שיקסלעך" זיינען געווען אין וואַרשע, ברוכס בריוו האָבן זיי ניט איבערגעגעבן. שוואַרצמאַנס הויז האָבן זיי ניט געפונען — אויסבאָמבאַרדירט, און גדליה דער טרעגער, געפרעגט אויף אים, קיינער האָט ניט געוואוסט.

די קאַפּע, די באַקאַנטע חברים, זייערע דעבאַטן, ביאַליסטאָק — פרעמד, אַלץ פרעמד. יענע צוויי! ניטאָ. אַ וואָרט פון זיי, וויסן אַז זיי זיינען דאָ, לעבן. אַן זיי, וואָס גייט אים אָן? אים גייט גאָרניט אָן.

— פאַרוואָס גאָלסטו זיך ניט אָפּ? — האָט רבקה געפרעגט, געמאָנט.

ברוך האָט א ריב געטון דעם קין, דערפילט די באָרד, פאַרשטאנען ער דאַרף זיך אפּגאָלן, א קוק געטון אין שפיגל — מאָדנע, די באָרד סטערנע גרוי בלאנד. די באָרד גרויט. אפשר גאָר פאַרלאָזן אַ באָרד. ניט קיין בערדל, א באָרד! אַ לאַנגע, גרויע באָרד. ער האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט — יאָ גאָלן, ניט גאָלן, אַלץ איינס.

— גיי גאָל זיך אָפּ. אין באַן וועסטו זיך ניט קענען גאָלן.

— באַן?

— מאָרגן גייט אָפּ אַ באַן קיין ווילנע. געקראָגן אַ דערלויבעניש.

— ווילנע? ווילנע! ירושלים דליטא!

אין ירושלים דליטא איז דער קיבוץ גליות געווען נאָך אַנזיכטיקער ווי אין ביאַליסטאָק. דאָ האָט ברוך געטראָפן חברים, באקאנטע, פריינט, דאָ האָט ער זיך דערוואוסט אַז הענריק ערליך איז אַרעסטירט געוואָרן אין בריסק, דאָ האָט ער געהערט אַז שוואַרצמאַן איז אַרעסטירט געוואָרן אין וואַרשע. ערליכס אַרעסט האָט אים פאַרדראָסן, שוואַרצמאנס אַרעסט האָט אים וויי געטון, עס האָט אים וויי געטון וואָס שוואַרצמאַן איז אַרעסטריט געוואָרן און וואָס אַרעסטירט געוואָרן איז שוואַרצמאַן. ע ר וואָלט געדאַרפט אַרעסטירט ווערן דאָרטן! זיין ד אָ ר ט ן! וואָס האָט ער צו טון אין ווילנע?

— ווי איך זע, האלט איר שוין אויך פון עמיגראַציע, וואָס? — אַ „פריינטליכע" פראַגע פון אַ פיינטליכן לאַגער.

— נו יאָ, — ענטפערט ברוך, — ביז איר האָט ג ע ר ע ד ט פון פאַלעסטינא האָבן מיר געטון אַרבעט אין פוילן, איצט אַז איר פ אָ ר ט קיין פ אַ ל ע ס ט י נ א, איז לכו ונלכה, פאָר איך אויך.

זרח שטיינבערג, דער פועל ציון, האָט שוין מער נישט געפרעגט. ער איז ניט געווען אַזוי זיכער אַז ער פאָרט קיין ארץ ישראל, און ברוך פינקלשטיין האָט געשמייכלט, דער שמייכל פון אַ הויקער ווען ער זעט אַ צווייטן הויקער. וואוהין פאָרט זרח שטיינבערג דער פועל ציון, וואוהין פאָרט ברוך פינקלשטיין דער בונדיסט? „זאָל מיך אַזוי וויסן צרות" . . . זאָל מיך אַזוי וויסן צרות . . . רבקה, שלמקה . . .

קיינער בלייבט ניט אין ווילנע, אין ירושלים דליטע, אַלע פאָרן,

און פאַר אַלעמענס אויגן שוועבט איין וואָרט — וויזאַ! קיין פּאַלעס־טינאַ, אַרגענטינאַ, בראַזיל, גוואַטעמאַלאַ, קאָלאָמביאַ, און דער עיקר קאַלאָמבוסעס מדינה — די פאַראייניקטע שטאַטן. אַ וויזאַ אַהין . . . !

— וויז . . . וויז . . . ז ז ז וויזע, — האָט געזומט אין קאָפּ, אין שטוב, אין קאָפּ. וויזע! אַמעריקע! און ווען אַט דאָס זומען האָט אויפגעהערט, די וויזעס זיינען שוין געווען אין קעשענע, מ'איז שוין געזעסן אין באַן, געפאָרן, געפאָרן טעג, וואָכן גאַנצע, איז ברוך גע־זעסן אַ פרעמדער. ניט נאָר זיינען די ישובים, די פעלדער און וועלדער וואָס האָבן זיך פאַרבייגעטראָגן געווען פרעמד, ער אַליין איז געווען אַ פרעמדער אויף גאָטס וועלט. פונדעסטוועגן, ביז מ'איז נאָך געפאָרן איבער דער ערד האָט ברוך נאָך געפילט באַדן אונטער זיך, געווען מאָמענטן, ווען מ'איז אַרונטערגעגאַנגען אויף אַ סטאַנציע, בעמען הייסע וואַסער, עפּעס עסן, האָט זיך אין אים דערוועקט אַ געפיל פון היימישקייט, אַ פאַרלאַנג צו בלייבן דאָרט, טאַקע אין אַט די סיבירער טאַיגעס, זיך דאָרטן איינגראָבן, איינוואָרצלען. דערפאַר אָבער, ווען מ'איז אַרויף אויפן שיף, די שיף האָט זיך אָפּגעשפּאַלטן פון ברעג, האָט ברוך דערפילט אַז זיין לעבן איז צעשפּאָלטן געוואָרן, צעשפּאַלטן, ניט פאַרריכט צו ווערן.

(3)

— ביי אונז רופט מען עס „אַ שפּריץ", — האָט די מרס. פעלד־מאַן שמייכלענדיק געזעדט. — נוצט עס געזונטערהייד, — האָט זי דערלאַנגט אַ שאַכטל מיט לעפל, גאָפּל.

רבקה האָט זיך געדרויטלט, צוגענומען די מתנה, אַנדערע מתנות, געהערט די דערקלערונגען: אַ מנהג אַזאַ — אַ ווייבל קלייבט זיך אין קימפּעט, מענטשן קלייבן זיך אַריין אין אַ נייער דירה, ברענגט מען מתנות, אַ „שפּריץ", רופט מען דאָס. הייסט עס, ניט רחמנות אויף איר דער קבצנטע, זייער פיין, דאָך שוין צו אַ שטאַרקער שפּריץ, אַ רעגן. לעפל, גאָפּל, ליילעכער, האַנטוכער, אַ גאַנצע באַלעבאַטישקייט. זי דאַרף עס, אוי ווי זי דאַרף עס! דאָך . . . די באַלעבאַטישקייט וואָס זי האָט געלאָזט דאָרטן . . . איצטער מתנות . . . זי האָט געשמייכלט,

געדאַנקט און געפילט אַז אַט אַט צעווייגט זי זיך. ברוך האָט געהאַלטן אין איין שאַרן די האָר אויף אַרויף, ניט געוואוסט וואָס דאַרף ער טון מיט די חפצים, מיט די מענטשן וואָס האָבן די חפצים געבראַכט, דער איינציקער וואָס האָט זיך געפרייט, האַרציק געפרייט איז געווען שלמקה. א וואגן האָט מען אים געבראַכט. אַ וואָגן אויף וועלכן מיקען אנלאדן זאַכן, אנגעמען דעם דישעל און שלעפן, אָדער גאָר זיך אַליין אַרויפכאַפּן אויפן וואָגן, מיט איין פוס שטופּן און פאָרן, פאָרן . . .

—ניטע, שלמקה! אין שטוב טאָר מען ניט פאָרן. אונטן וואוינען מענטשן, זיילן זיין ברוגז. אין גאַס, מאָרגן אינדערפרי אַרויסגיין אין גאַס, דאָרטן . . .

אַזוי זייגען שוין טאטע מאַמע, לאָזן ניט לעבן. דאָ א וואָגן, מיקען פאָרן, מיקען . . . און זיי — מאָרגן! איצטער גיין שלאָפן. אַז ער וויל נישט שלאָפן! אַז ער וויל פאָרן! מאָרגן. מאָרגן! אַ ברירה האָט ער? פאַרפאַלן. דערפאַר מאָרגן . . . דער מאָרגן — אַ זון וואָס רייסט זיך פון הינטער דעם וואָלקן, דער נאַכט. זייט אַרויסקומען, עריט פאָרן, פאָרן . . .

דאָס קינד איז איינגעשלאָפן מיט אַ שמייכל, די עלטערן האָבן ווידער איבערגעקוקט די געבראכטע זאַכן, ביים באטראַכטן א חפץ זיך איבערגעקוקט — א שפריץ! און דאָס וואָרט האָט געקלונגען אַ ביסל קאָמיש, דערמאָנט אן נאַקעטקייט, דערפאַר אָבער אויך נאָענט, אינטים, אַזוי אינטים, אַז ווען ברוך און רבקה האָבן זיך געלייגט שלאָפן זיינען זיי שטילערהייד צוגעצויגן געוואָרן איינער צום צווייטן — אין אַט דער טרויעריקער וועלט גוט צו פילן מענטשליכע פריינטשאפט, ליבע . . .

חוץ דער שטילער פריינטליכער אויפנאמע האָט אויף ברוכן, די אַנדערע געקומענע נאָך געוואָרט אן אפיציעלער קבלת פנים.

דער פולער זאַל האָט ברוכן אַריינגעבראַכט אין דער געהויבענער, נערוועזער שטימונג וואָס האָט אים אלע מאָל באַהערשט ווען ער האָט דערזען אַ גרויסן עולם איידער ער האָט זיך געדאַרפט שטעלן רעדן. אן עולם! זיצנדיק אויף דער בינע, האָט די נערוועזיטעט זיך איינגעשטעלט, די געהויבנקייט האָט זיך ביסלעכווייז אַרונטערגע־לאָזט. עפעס ניט ז י י נ ע מענטשן, ניט וואַרשע . . . עס א י ז

וואַרשע! לייזער טעפּליצקי האָט גערעדט. ברוך האָט קיינמאָל ניט געקענט פאַרטראָגן זיין שטימע, אַ שטאַרקע, אַ הילצערנע. „די קאלאקאטקע" האָט ער אים שטום באַטיטלט, און איצט האָט די קאלאקאטקע געקלאַפּט אים אין די אויערן, אין קאָפּ, אין האַרצן . . .

„מיר ווייסן זיכער, אַז אין די ביטערסטע שעהן פון טויט אנגסטן זיינען די העלדישע אידישע מאַסן דאָרט געבליבן פעסט ביי דער איבערצייגונג אַז זייער גאולה וועט קומען דורך אַ סאָציאַליסטישער וועלט און, מיר, וואָס רעפּרעזענטירן אָט די העלדישע, אונטערערדישע, סאָציאַליסטישע באַוועגונג, מיר, וואָס קעמפן . . ."

„מיר, וואָס קעמפן" . . . ברוך האָט זיך געדרייט אויפן ביינקל, האָט וויפיל מאָל געשאַרט די האָר אויף אַרויף, געריבן די הענט. ווען ער קען אַרונטערגיין פון בינע, אַרויסגיין, אנטלויפן. „מיר, וואָס קעמפן" . . .

א הילכיקע פּאַטשעריי. לייזער טעפּליצקי האָט געווישט זיין גלאַנציקן פּנים, אַ שיינענדיקער געדריקט די הענט, אַ צופרידענער זיך אוועקגעזעצט, זיינע גרויסע אויגן האָבן זיגעריש געקוקט פון דער בינע אַרונטער — מ י ר!

ברוך האָט געהערט דעם פאָרזיצער רעדן, געזאָגט די „פאָררעדע" איז פון זיינעטוועגן און דערפילט אַ קראַמף אין האַלז, און דערהערט: איך האָב די ערע פאָרצושטעלן דעם באַקאַנטן שרייבער און פּובליציסט, געננאָסע ברוך פינקלשטיין. דאָס מיינט מען טאַקע אים.

דאָס קלאַפּעניש אונטן אין זאַל האָט זיך דערטראָגן צו ברוכס האַרץ, ער האָט געפילט ווי זיין האַרץ האָמערט, די צעטרייסלטע לופט איז אַריינגעדרונגען אין זיינע קני. אזא ציטערן . . . איין האַנט זיינע האָט באַרירט דעם שטענדער, די צווייטע האָט געשאַרט די האָר אויף אַרויף, די ציטערניש האָט זיך איינגעשטילט. איצטער. אַ געניטער רעדנער ברוך. אַ ווײַלע דאַרף דער רעדנער שטיין שטיל, שווייגן, די שטילקייט, די שווייגעניש זאָל זיך איבערגעבן דעם עולם, ער זאָל וואַרטן אויפן וואָרט, דאַן . . . דער עולם, האָט ער געפילט, שווייגט שוין מיט אָט דער שווייגעניש, ער דאַרף אנהויבן, שוין אנהויבן, אניט וועט די אנגעצויגענע שווייגעניש איבערגעצויגן

ווערן, ווערט פּלאַצן. — אנהויבן! אנהויבן ! — האָט עס אים געַ־האַמערט אין די שלייפן, דאָס מויל האָט זיך ניט געעפנט. מיט גוואַלד האָט ער אַרויסגעריסן פון זיך — חברים! פריינט! — אַרויס־געקלאַפּט דעם קאַרעק! ער האָט אפּגעאָטעמט.

— מיר . . .

גלייך אין דער ערשטער רייע האָט ער דערזען איינעם מיט אַ פאַרבאנדאזשירטער האַנט און ער האָט דייטליך דערזען גדליה דעם טרעגער. ברוך איז געבליבן שטיין מיט אַן אָפענעם מויל. וואו איז ער געווען פריער? פאַרוואָס האָט ער אים פריער ניט געזען. ניט אנדערש . . .

— מיר דאָ, — האָט ער זיך א דריי געטון, א פיר געטון מיט דער האַנט איבער דער בינע, — מיר זיינען, אלעגפאַלס איך בין, דורך אַ צופאַל דאָ. אפשר האָט עס דער גורל אַזוי געוואָלט, — האָט ער, ווי ישובנדיק זיך, געצויגן די ווערטער, — אַז מיר זאָלן מגולגל ווערן אַהער, דאָ צו אייך אינם גליקליכן לאַנד. מיר וועלן אָבער זיין אומגליקליך אויב יענע, די וואָס זיינען געבליבן דאָרטן, דאָרטן, אין וואַרשע, אין לאָדזש, אין קראָקע, די וואָס שטייען טאָג טעגליך אין קאַמף, די וואָס קוקן דעם טויט אין די אויגן, — ער האָט פאַר־קנייטשט די אויגן, — אויב מירין זיי פאַרלאָזן, אויב מירין זיי ניט קומען צו הילף, שוין, היינט! — ער האָט שווער אַרונטערגעשלונגען, זיך אַ טאַפּ געטון ביים גארגל. — אויב ביי דער פאַרזאַמלונג, ביי אנדערע פאַרזאַמלונגען זאָל ניט געשאַפן ווערן גלייך קיין הילף וועט עס זיין ניט אַ קבלת פנים פאַר אונז, נאָר אַ חרפּת פנים פאַר זיי דאָרט. פאַרשעמט זיי ניט!

ברוך האָט קוים געפונען דאָס ביינקל הינטער זיך. זיך ארונטער־געלאָזט דארויף, האָט ער געפילט ער ווערט באַגאָסן מיט שווייס, זיין גאַנצער קערפּער צעקריכט זיך. ער האָט אַרויסגעצויגן אַ טיכעלע, זיך געגומען ווישן. צו זיינע אויערן האָט דערגרייכט אַ פאַראייגזאַמטע האַנט קלאַפּעריי. אפּגעווישט זיך, האָט ער א קוק געטון אויף אונטן. דער מיט דער פאַרבאנדאזשירטער האַנט, וואו איז ער? ער איז ניט געווען. וואו איז ער אַהינגעקומען? האָט ברוכס בליק אַ בלאנזע געטון איבער דער בינע און געכאפּט אַ בליק פון פאַרזיצער. דער בליק!

דער פּאַרזיצער, זיין קאָפּ אַ פּאַרמע פון אַן איי און אַזוי באַקעט ווי אַן איי, זיין שמאָל מויל אַ שטשערב אין דעם איי, האָט זיך אויף־שנעל אָריענטירט. דער לעצטער רעדנער — אזא יאָלד! — האָט אים איבערגעפּירט דעם אָוונט, נאָך אים פאַרשטעלן נאָך א רעדנער וועט פון עולם גאָרניט בלייבן, „יציאת מצרים", האָט ער געזען אין זאַל, מימוז „מאַכן דאָס בעסטע". מיט אַ . . . טראַגישער שטימע, זי האָט אַזש אונטערגעציטערט, האָט ער הילכיק אַ פרעג געטון: איר האָט געהערט וואָס אונזער ליבער גאַסט האָט נאָר וואָס געזאָגט: אויב מירן ניט העלפן אונזערע העלדישע קעמפער דאָרט וועט עס זיין ביט קיין קבלת פנים, נאָר אַ חרפת פנים, וועט איר זיי פאַרשעמען? וואָס איז אייער ענטפער? דאָ האָב איך דעם ערשטן ענטפער! הונדערט דאָלאַר פון . . .

די געלט זאַמלונג האָט זיך אנגעהויבן. אין זאַל האָט זיך אָנגע־הויבן דער געוויינליכער גערודער פון אַ געלט זאַמלונג, אויך אויף דער בינע האָט זיך גערודערט, מיהאָט געצויגן געלט פּאַפּירלעך פון אונטן אַרויף, דער פּאַרזיצער האָט אונטערגעוואַרימט דעם עולם, זיך איבערגערעדט מיט די געלט ברייננגער, אן די געסט האָט מען כמעט ווי פאַרגעסען. זיי האָבן זיך אויפגעהויבן, איינער האָט פאַררויכערט, אַ צווייטער איז אַרויסגעגאנגען. ברוך האָט זיך אַרויסגעשאַרט הינטער דעם פּאָרהאנג, צו די זייטיקע טרעפּ. רבקה איז דאָרטן געשטאַנען ווי געוואַרט אויף אים.

— וואָס איז דיר?

— אַ קאָפּ ווייטיק, — האָט ברוך אַ זאָג געטון און דערפילט אַ קלאַפּעניש אין די שלייפן.

— ווילסט גיין אַהיים?

— קום.

מיאיז שווייגנדיק געפאָרן אַהיים. אין רבקהס שווייגן האָט ברוך געפילט זיין דורכפאַל. ער איז דורכגעפאַלן. ברוכן דעם געניטן רעדנער האָט פאַרדראָסן זיין דורכפאַל, דער פאַרדראָס אָבער אַ פאַר־בייגייענדיקער, גלייכגילטיגקייט האָט זיך אַרויפגערוקט, גלייכגילטיק אפילו צו רבקהן למאי ז י דיינקט ער איז דורכגעפאַלן, זיין אין דערהיים, זיך אָוועקלייגן. ליגנדיק אין בעט האָט ער געטראַכט:

אפשר בעסער אַזוי . . . דער לייזער מיט זיין שטימע האָט אים דענערווירט. „מיר . . .“ ווען ניט לייזער וואָלט ער אפשר גערעדט אַנדערש, אָבער אַז עס האָט אַזוי פּאַסירט איז . . . בעסער אַזוי. ריידן . . . דאָ ריידן און דאָרט . . . דאָרט . . . ווען ער האָט פּאַרלאָזט איז דאָך געווען אָ . . . גן עדן, איצטער . . .

אינדערפרי איז דער דורכפאַל אַלס רעדנער ביים ערשטן אַרויס־טריט געווען פאַר ברוכן אַן עראינערונג פון אַ עקזאַמען, וואו ער האָט געקראָגן אַ מינוס, געוואַרט האָט אויף אים א צווייטער עקזאַמען, אַ שריפטליכער, וועט ער קריגן אַ פּליוס? ער האָט לאַנג געאַרבעט אויף דעם אַרטיקל און, ווען ער האָט אים צום לעצטן מאָל איבער־געלייענט, איז ער געווען צופרידן, ער האָט זיך אָבער געכאַפּט אַז ער דאַרף דעם אַרטיקל נאָך איבערגעבן אַ רעדאַקטאָר, אפשר גאָר לייענען פאַר אים, און אים איז געוואָרן אַ ביסל פּריקרע: ער, אַליין אַ רעדאַקטאָר, זיצן פאַר אַ רעדאַקטאָר . . . ער האָט א שמייכל געטון: נו יאָ, איך ווער יונגער . . .

דער רעדאַקטאָר האָט אַ „זוך געטון“ אַ ביינקל פאַר ברוכן, צוויי מאָל אַ זאָג געטון: זיצט! זיצט! א זוך געטון אויף זיין שרייב טיש, אַ קוועטש געטון די פינסגע אויפן נאָז בריקל און זיך אַ דריי געטון אויף זיין שטול אַזוי ראש אז ברוך האָט זיך אַ צי געטון עטוואָס אויף צוריק, דער רעדאַקטאָר זאָל זיך ניט אַרויפדרייען אויף אים.

— דער אַרטיקל אייערער איז ניט שלעכט אָנגעשריבן. איר קענט האַלטן א פען, דאָס זעט מען, — האָט ער מעשה מבין אַ קוק געטון אויף ברוכן. — אָבער דרוקן אים קענען מיר ניט.

ברוך האָט אַן עפן געטון די אויגן.

— ווי פאַנימאַיעטע, — האָט דער רעדאַקטאָר פּלוצלונג גענומען רעדן רוסיש און אַ גלעט געטון די רעכטע וואָנצע, — דער באַראַד האָט ניט ליב ווען מידערציילט אים שלעכטע זאַכן. אַ מענטש וויל הערן עפּעס אנגענעמעס, פריייליכס.

— נו, איריט מיר אנטשולדיקן, — האָט ברוך קריינקליך אַ שמייכל געטון, — אָבער שרייבן איצט פריייליכע זאַכן פון פוילן . . .

— אָט אָט, איך מיין ניט דוקא פריייליך. דאָס, פאַרשטייט זיך, קען מען ניט. אבער ווען איר שרייבט אָט דאָ אַ . . . וואו איז עס?

אַט דאָ אַ . . . „עס איז ניטאָ קיין האָפענונג סיידן די מלוכות וועלן קומען צו הילף", דאָס איז, דאָס איז ניט גוט. — ער האָט דערלאַנגט ברוכן דעם מאַנוסקריפּט. — ווי פּאַנימאַיעטע, וואָס די מלוכות וועלן טון ווייסן מיר ניט, מיר ווייסן אָבער יאָ אַז אויב עס איז ניטאָ קיין האָפענונג, און איך שטים אפשר איין מיט אייך, וועט דער לייענער, דער נאַראַד זיך טראַכטן אַז אויב עס איז ניטאָ קיין האָפענונג דאַרף ער שוין גאָרניט טון. נאָכוואָס זאָל ער זיך אָפּעסן דאָס האַרץ אומזיסט? פּאַנימאַיעטע? מדארף אינזינען האָבן דעם לייענער, דעם פּשוטן נאַראַד, אים דאַרף מען מינטערן, און אייער טאָן איז צו פּעסימיסטיש. יאָ, צו פּעסימיסטיש.

ברוך האָט געפּרואווט אַריינשטעלן אַ וואָרט, אָבער דער רעדאַקטאָר האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, אַזוי ארום זאָגנדיק: איך רעד! און גערעדט — דאָ זאָגן מיר: לאַך און די וועלט לאַכט מיט דיר, וויין און דו וויינסט אַליין. דאָ טאָר מען ניט וויינען. דאָ דאַרף מען זיין האָפערדיק. ערפּאָלג ברייננגט ערפאָלג. איר זייט נאָך אַ גרינער. איר קענט שרייבן, אָבער איר קענט ניט דעם נאַראַד. דער נאַראַד האָט ליב לייכטע זאַכן, זאַכן פון מענטשליכן אינטערעס, „היומאַן אינטערעסט", ווי מירופט עס דאָ, אָט וואָס דער נאַראַד וויל.

דאָס וואָרט „נאַראַד" האָט געקלאַפּט ברוכן אין מח. ער האָט געזען: דער „נאַראַד", עפּעס אַ מין פּעטיש, אַ האָזן־פּיסל, ליגט ביי אָט דעם אלטן אידן אין קאַמזויל קעשענע, ער איז באַלעבאָס איבער דעם און ציטערט פונדעסטוועגן איבער דעם — טאָמער חלילה פאַרלירט ער דאָס האָזן פּיסל, דעם נאַראַד . . . — דער נאַראַד, — האָט ברוך אַרויסגעקלאַפּט דאָס וואָרט, — וויל וויסן דעם אמת, דעם ריינעם, נאַקעטן, ביטערן אמת.

— ווי? וואָס? דעם אמת? דער נאַראַד וויל אמת? — די גרויע אויגן הינטער די ברילן האָבן אויפגעפינקלט. — יונגערמאַן! איר זייט אַ גרינער! יעס, איר זייט אַ גרינהאָרן, איר ווייסט ניט וואָס איר רעדט! איר . . .

דעם רעדאַקטאָרס ציטערנדיקע הענט האָבן געגומען שאַרן, מישן די פּאַפּירן אויפן שרייב טיש, די הענט האָבן זיך אָבער ניט באַרואיקט, איין האַנט האָט זיך אַ הויב געטון צו דער נאָז, געשטורכעט די פּינסנע

דאָרט, דאַן האָט ער געררייצט אַ קוק געטון אויף ברוכן: ביסט נאָך דאָ?
ברוך האָט זיך אויפגעהויבן, אַרויסגעגאַנגען.

די טירן מיט די גלעזערנע פּאַנעלן, די שרייב טישן, די שרייבער — ניט קיין רעדאַקציע, נאָר אַ קאַנצעליאַריע, וואוהין ער איז געקומען אַריינגעגעבן אַ פּראַשעניע און געקראָגן אפּגעזאָגט. ברוכן האָבן געפּלאַמט די אויערן. אין דרויסן! זיין אין דרויסן!

אין דרויסן האָט ברוך דערפילט אַ פרייקייט, אַ ליידיגקייט אַרום זיך. די ליידיגקייט איז אָבער באַלד אנגעפילט געוואָרן. מענטשן זיינען געגאַנגען, זיך געאיילט, איינער האָט זיך אנגעשלאָגן אָן אים, בייז אַ קוק געטון אויף אים: שטייט ווי אַ דראַנג! און אַוועקגעאיילט ווייטער. ברוך האָט נאָכגעקוקט דעם מענטשן, די אַנדערע, זיי גייען ניט, זיי יאָגן. וואָס יאָגן זיי אַזוי? פאַרשפּעטיקן דעם טויט? ברוך האָט זיך געלאָזט גיין מיט שטילע, פאַרטראַכטע טריט.

(4)

ברוך איז ניט נאָר דורכגעפאַלן אַלס רעדנער, שרייבער, ער איז אַרונטערגעפאַלן פונעם „אינטעליגענטן ביינקל" אויף וועלכן ער איז געזעסן זיבנט זיינע שול יאָרן, ער איז אויך כמעט ווי אַרויסגעפאַלן פון דער גרופּע פּליטים, זיינסגלייכן אינטעליגענטן, אַרבעטער פירער, מיט וועלכער ער איז געקומען קיין אַמעריקע נאָך אַ יאָר וואַגלעניש. איין ניט געלונגענע רעדע ביים קבלת פּנים, איין צוזאַמענשטויס מיט אַן אלטן רעדאַקטאָר, וואָס האָט געהאַלטן אין זיין קאַמזויל קעשענע דאָס האָזן־פּיסל, דעם „נאַראַד" און אויך כמעט אַלע שטעלעס און אמטן פון דעם פליגל פון דער אַרבעטער באַוועגונג, און ברוך פינקל־שטיין האָט זיך דערפילט כרועה בלי צאַן, אַ פּאַסטוך ביי וועמען די טשערעדע שאָף איז פּלוצלונג פאַרשוואונדן, אפילו זיין שטעקן און פייפל ניט געבליבן. וואו קען ער רעדן, וואָס קען ער שרייבן? רעדן, שרייבן, לייענען. ער האָט דאָך אפילו קיין בוך ניט אין שטוב, דאָס איינציקע בוך — דער תנך וואָס ער האָט פאַרכאַפּט מיט זיך דאַן.

דורכגעמאַכט די גאַנצע נסיעה מיט אים. ער האָט דערפילט אַ נאָענט־קייט, אַ חברישקייט צו אָט דעם קליינעם ספר. ער האָט אים א געם געטון, אַ בלעטער געטון. זיין אויג האָט געכאַפּט: יחזקאל.

„. . . און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן: מענטשנקינד, זאָג נביאות אויף די פּאַסטוכער פון ישראל . . . די שלאַפע האָט איר ניט געשטארקט, די קראַנקע האָט איר ניט געהיילט, די צעבראָכענע האָט איר ניט אַרומ־געבונדן, די פאַרשטויסענע האָט איר ניט אומגעקערט, די פאַרלאָרענע האָט איר ניט געזוכט . . . און זיי זיינען צעשפּרייט געוואָרן, ווייל אָן א פּאַסטוך, און געוואָרן צו שפּייז פאַר יעדער חיה פון פעלד . . . דרום, איר פּאַסטוכער, הערט דאָס וואָרט פון גאָט: זע, איך קום צו די פּאַסטוכער, און וועל מאָנען מיינע שאָף פון זייער האַנט, און וועל זיי אפּשאַפן פון פיטערן די שאָף, און די פּאַסטוכער וועלן מער ניט פיטערן זיך אַליין . . .״

ברוך האָט אויפגעהערט לייענען. די פינגער פון איין האַנט האָבן געגלעט דאָס בלעטל. „די שלאַפע ניט געשטארקט, די קראַנקע ניט געהיילט. זיי זיינען צעשפּרייט געוואָרן, ווייל אָן א פּאַסטוך . . . און די פּאַסטוכער וועלן מער ניט פיטערן די שאָף . . .״

ער האָט א קוק געטון אויפן ספר. אַמאָל, ווען ער איז נאָך געווען אַ אינגל אין זיין טאטנס ניט איבעריק פרומער הויז, האָט ער געלערנט חומש, „שוואַרבע״. מיט יאָרן שפּעטער, ווען ער איז שוין געווען אַ „מענטש פאַר זיך״, האָט ער נאָכאמאָל איבערגעלייענט דעם תנך, איבערגעלייענט ווי אַ בוך, ווי . . . האמעריס איליאַדע. אייניקע ספרים — איוב, ישעיה — אייניקע קאַפּיטלעך תהלים האָבן זיך „צוגעקלעפּט״, דעם ספר אַלס גאַנצן האָט ער ניט אַריינגענומען: צופיל זינד, צו זינדיק, זינד און זינד, און דער באַגריף זינד איז אים געווען פרעמד. זינד דאָס האָבן אויסגעטראַכט די טהעאָלאָגן. אַ מענטש קען טון גוטס, קען אָפּטון עפּעס שלעכטס, אָבער זינדיקן? אַ מענטש קען זיך פילן שולדיק, אָבער זינדיק? איצטער . . . „די שלאַפע ניט געשטארקט, די קראַנקע ניט געהיילט . . .״ ד אָ ס איז זינד ער איז זינדיק. „און וועל זיי אפּשאַפן פון פיטערן די שאָף״. דאָס איז

די שטראָף. אויס פּאַסטוך . . . „און די פּאַסטוכער וועלן ניט פּיטערן זיך אַליין". מ'דאַרף זיך פּיטערן . . . זוכן אַרבעט, פּאַרדינען אויפן לעבן. וואָס קען ער טון?

ער האָט באַגעגנט, ניין, זיך אנגעשטויסן אן שמואל פּאַרבער, אַ קאַמאַשן שטעפּער פון וואַרשע, באַלאַנגט צום פּאַראיין. יענער איז געגאַנגען שנעל, זיין גאַנג א האַפּערדיקער, דאָס פּנים האָט געשיינט פאַר פרייד. ער האָט גלייך אויסגעפּלאַצט: גיט מיר אַ מזל טוב! געוואָרן אַן אַמעריקאַנער בירגער! דאָס גיי איך איצט פון געריכט. אויס פּוילישער איד. אן אמעריקאנער בירגער!

— און וואָס איז אַזוי שלעכט א פּוילישער איד?

— וואָס אַזוי שלעכט פרעגט איר? ווער, ווער, איר ווייסט דאָך וואָס טוט זיך איצט אין פּוילן. מיר טוט נאָר באַנג וואָס איך בין ניט געקומען אַהער פריער מיט אַ יאָר צוואַנציק. אי ווען איך וואָלט שכל געהאַט פריער. צוואַנציג יאָר געהאָרעוועט, געשטעפּט קאַמאַשן, גע־קעמפּט פאַר אַ גראָשן, געסטרייקט, איר ווייסט דאָך, און וואָס? קוים געהאַט אויף מיין אויסקומעניש. דאָ, דאָ איז אַ טייערע מדינה, דאָ . . .

— וואָס זשע, דאָ סטרייקט מען ניט?

— מ'סטרייקט, אודאי סטרייקט מען, ס'ווענדט זיך ווער. איך סטרייק ניט מער. דאָס ערשטע יאָר געאַרבעט ביי יענעם, פּאַרדינט ניט שלעכט, באַלאַנגט צו דער יוניאָן, צום אַרבעטער רינג, באַלאַנג נאָך איצט אויך, כאָטש איך קום צו א מיטינג איין מאָל אין אַ יאָר אפשר, נאָכדעם האָב איך זיך אַרומגעזען — ס'קיין תכלית ניט. איינפירן סאָציאַליזם דאָ? אַמעריקע איז אַזוי ווייט פון סאָציאַליזם ווי איך פון כינע. האָב איך געעפנט א שאָפּ פאַר זיך, מאַך „ביל־פאָלדערס", בייטעלעך. פון אנהויב איז געגאַנגען ניט אַזוי גוט. באַדאַרפט קריגן קונים, זיך געמוזט פאַרלאָזן אויפן שותף, ער איז געווען דער דרויסנדיקער מענטש, דער פאַרקויפער, באשר בכן ער האָט געהאַט אַ געשליפן צינגל, און איך אַ שטומע צונג, א גרינער, האָט ער געמיינט ער איז דער באַלעבאָס, איך זיינס א שיק אינגל. בו, האָב איך געכאַפּט די שפּראַך אַ ביסל, וויפיל דאַרף מען מישטיינס געזאָגט, און געשלאָגן מיט אים כפּרות. אריינגענומען מיין עלטערן בחור, יענער רעדט ענגליש ווי אַ וואַסער, האָט שוין אפילו פאַרגעסן

דאָס ביסל אידיש וואָס ער האָט געקענט, די קלענערע איז דאָך אָפּגע־רעדט, זיי איז רק ענגליש, און דאָס געשעפט איז אוועקגעגאַנגען, הלואי אויף אַלע אידן געזאָגט געוואָרן. און איר? וואָס טוט איר? טוט שוין עפּעס? שרייבט אין אַ צייטונג? איך זע אַ אידישע צייטונג זייער זעלטן. שרייבט אין . . . ?

— ניין. איך זוך אַרבעט. אפשר קענט איר מיך אריינגעמען צו אייך אין שאַפּ, מאַכן בייטעלעך?

— גייט שוין גייט, איר שפּאַסט.

— איך מיין עס ערנסט.

שמואל פאַרבער איז אויך געוואָרן ערנסט. — איכ'ל אייך זאָגן דעם אמת, ביי מיר אין שאַפּ? ווי זאָל איך אייך זאָגן, ביהאָב מורא אַז איך קען דאָס ניט טון. איר פאַרשטייט? ערשטנס די יוניאָן. מיין שאַפּ איז אַ יוניאָן שאַפּ, און לערנערס לאָזט די יוניאָן אריין ניט געהן; צווייטנס, ווער וועט אייך לערנען, ווער? פון די אַרבעטער איז דאָך אָפּגערעדט, זיי אַרבעטן פון שטיק און ביי זיי איז אַ רענדל אַ מינוט; דער פאַרמאַן האָט אַזוי אויך אַרבעט איבערן קאָפּ, און איך? ווען בין איך דען אין שאַפּ? אַריין און אַרויס. אַזוי אַז . . .

— נו, אויב איר קענט ניט, קענט איר ניט.

— איך וואָלט עס גערן געטון, אָבער, איר פאַרשטייט דאָך אַליין . . . און, לאָמיך אייך זאָגן, ס'איז ניט קיין אַרבעט פאַר אייך. איר דאַרפט עפּעס זוכן אין אייער „לאַין", כ'מיין שרייבן, אַזוי עפּעס אַ קהלשער דזשאָב. ווי קומט איר צו אַזאַ אַרבעט? ניט פאַר אייך. נו, גוד ביי. זייער צופרידן וואָס איך האָב אייך געטראָפן. וואָס מאַכט די מיסעס? גריסט איר פון מייגעטוועגן. אַ גוטן.

שמואל פאַרבער האָט אויף שנעל זיך אָפּגעטראָגן, ברוך איז געגאַנגען פאַמעליך. אויס פּוילישער איד. אַן אַמעריקאַנער בירגער. מאַכט בייטעלעך, מאַכט געלט פאַר זיין אייגן בייטעלע, און איר, מר. ברוך פינקלשטיין, ניט פאַר אייך קיין אַרבעט . . . שמואל פאַרבער איז ניט געווען דער ערשטער אים דאָס צו זאָגן. פון עטליכע „געוועזענע" אַרבעטער האָט ער שוין געהערט דעמזעלבן פּזמון. ער'ט גיין צו די „גוים", אשר לא ידעו את . . . ברוך, האָבן ניט קיין . . . דרך ארץ פאַר שרייבער, רעדנער, צו פאַבריקאַנטן וואָס דאַרפן הענט! ער האָט

אַ דריי געטון די רעכטע האַנט, „דערזעהן" די דינע, לאַנגע פינגער, די ווייכע הויט, אַ שמייכל געטון און אַ זאָג געטון: זיך צוגעוואוינען, זיך איינאַרבעטן.

מ׳האָט געזוכט הענט. ניט אין ניו יאָרק, אַריבער דעם האָדסאָן, אין ניו דזשוירזי האָט מען געזוכט אַרבעטער, און ווען ברוך פינקל־שטיין איז געקומען אַהין האָט מען ניט בודק געווען זיינע הענט, מ׳האָט אים גלייך צוגענומען, אוועקגעשטעלט לעבן אַ „לעכער פּרעס". דער אויפזעער האָט אים געוויזן איין מאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל. — זעט? איר רוקט אַריין די פּלאַטע, רוקט זי אַריין פּאַמעליך, אָבער גיט אַכטונג זי זאָל אַריין גלייך, אָט אַזוי אָ, איצטער, ווען די פּלאַטע איז שוין אויפן אָרט, נעמט אָן דאָס הענטל, אָט אַזוי אָ, לאָזט עס אַרונטער, און . . . דאָ איז עס. אויסגעקלאַפּט אַ לאָך. אַ קנאַפּע תורה. נאָר גיט אַכטונג אויף אייערע פינגער.

אַ טאָג, צוויי, און דער טומל וואָס האָט געקלאַפּט אין די אויערן, אין קאָפּ, אין גאַנצן קערפּער, איז געוואָרן אַזוי נאַטירליך אַז ברוך האָט געהערט די שטילקייט וואָס איז אַנטשטאַנען מיטיק צייט, ניט דעם טומל ביי דער אַרבעט. די מאָנאָטאָנקייט פון אַ רוק, אַ צי, אַ קלאַפּ, אַזוי שעה איין שעה אויס, טאָג איין טאָג אויס, איז דערטרונקען געוואָרן אינם טומל. די האַלבע שעה מיטיק, ווען הונדערטער אַרבע־טער נעמען זיך צו זייערע קעסטלעך, עסן, רויכערן, בייטן איבער אַ וואָרט איינער מיטן צווייטן — אַ נייע וועלט, אַן אינטערעסאַנטע וועלט. אַמעריקאַנער אַרבעטער. אַפילו ער אין פּוילן האָט געשריבן, גערעדט וועגן דעם אַמעריקאַנעם אַרבעטער. איצט זעט ער אים, דעם אַמעריקאַנעם אַרבעטער. אין זיין אָפּטיילונג אַליין — איטאַליענער, פּאָליאַקן, סלאָוואַקן, איירישע, איין שוועד, עטליכע דייטשן, שאָט־לענדער, אַ פּאָר אידן. אַמעריקאַנער אַרבעטער. אַרבעטער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך. אָט איז די פאַראייניקונג. פאַראייניקט? מ׳קען ניט זאָגן צו אייניק. האָב איינזינען דיין אייגענעם עסק, דאָס איז דער הויפּט געבאָט, דאָך האָט מען איינזיבען אויך יענעמס עסק. דאָס קומט צום אויסדרוק אין זייער . . . הומאָר. אַ גראָבער הומאָר, דאָך הומאָר.

— נו, ווי געפעלט אייך אייער וואָרשט־מאָלער?

דאָס פרעגט אים דזשאהני ווי אים געפעלט די אַרבעט ביי דער לעכער פּרעס, וואָס צעמאָלט מענטשליכע פינגער, מאַכט וואורשטלעך.

— עס איז אַלל רייט, — ענטפערט ברוך גוטמוטיק, טוט אַ ווייז די האַנט.

— ניט געזאָרגט, זייט אייך אַריינקריגן. אַלעמען קריגט זי אַריין. זעט דאָס? — טראָגט אים דזשאהני אונטער צוויי פאַרשניצטע פינגער. — אָפּגעשניצט מיט איין מאָל. אָבער מיט חסד, בלויז די ערשטע ביינדלעך. איך קען אַרבעטן! אַ יאָ, איך אַרבעט פּונקט אַזוי גוט ווי פריער. נאָך בעסער. דער לאַנגער פינגער איז מיר ניט אין וועג. פאַרשטייט? ער איז מיר געווען אין וועג, דער הינטישער זון, אָפּגע־קירצט אים א ביסל, איז אַלל רייט. איצט דאַרפן די אַנדערע אַ ביסל אונטערשערן, אויסגלייכן. געזען אַ ביסל? אַ מענטש זאָל האָבן ניט קיין גלייכע פינגער! אַלע גלייך דאַרפן זיי זיין! ווי זיינען אייערע? הם . . . נישקשהדיק לאַנג, און דין אויך. געאַרבעט ווען עס איז פריער ביי דער אַרבעט?

— ניין. אַ נייער. איך בין אַ גרינער, — שטעלט ברוך זיך פאַר.

— ניט לאַנג אין לאַנד.

— דאָס קען מען דערשמעקן, — ענטפערט דזשאהני אָן קיין שום פאַרלאַנג צו באַליידיקן.

— פון וואַנען קומט איר?

— פוילן.

— אַ פּאָליאַק, הייסט עס?

— ניין, אַ איד.

— אַזוי? דאָ עטליכע אידן דאָ. און איך האָב געהאַט געדיינקט אַז אידן זיינען בלויז שניידערס, שוסטערס און באַנקירן.

— דאָ אַ פּאָר וואורשט־מאַכער אויך, — ענטפערט ברוך מיט אַ שמייכל.

— איר זייט אַ.קיי, — פּסקנט דזשאַהני מיט אַ שמייכל. — נו, איך גלויב מ׳דאַרף שוין באַלד גיין צום וואורשט־מאַלער, — טוט דזשאַהני א קוק אויפן זייגער. — יאָ, שוין באַלד צייט. זיך זען שפּעטער.

וואָס וואָלט דזשאַהני געזאָגט ווען ער ווייסט אַז ברוך איז געווען

א שרייבער? פאַר דזשאַהנען וואָלט עס אפשר געווען אַ קנאַפּער חילוק, פאַר זייניקע איז עס געוואָרן אַ גאַנצער ענין.

אין די דריי חדרים וואָס זיי האָבן באַוואוינט האָט רבקה באין אופן ניט געפונען קיין פּלאַץ פאַר זיינע קליידער אין וועלכע ער איז געגאַנגען צו דער אַרבעט און האָט זיי באַשטאַט אין דעם אַלמערל, וואו דער בעזים און אַנדערע שטוב מכשירים זיינען געשטאַנען, און געטראָגן אַהין האָט זי די קליידער אָט ווי זי וואָלט געטראָגן אַ געפּגרט מייזל פאַרן עקל, מיט די שפּיץ פינגער, די האַנט אויסגעשטרעקט.

— וואָסי? וואוהין שלעפּסטו עס?

— דאָס קען ניט הייגגען מיט די אַנדערע מלבושים!

— וואָסי?

— עס ציט אָן.

— עס ציט אָן? וואָס קען דאָרט אָנציען? איך אַרבעט דאָך אין אָווערעלס. עס האָט ניט וואָס אָנצוציען.

— דו פילסט עס ניט. ביסט שוין צוגעוואוינט. איך קריג אַ קאָפּ ווייטיק פון דעם גערוך.

ברוך האָט קיין גערוך ניט געשפּירט, אָבער רבקה האָט געקראָגן אַ קאָפּ ווייטיק פון דעם גערוך פון זיינע קליידער, און פון אַרויסקלייבן זיך, וואוינען נאָענטער צום אַרבעט פּלאַץ האָט זי אפילו ניט געוואָלט הערן. — זיך פאַררוקן ערגעץ אין אַ לאָך, ווייט פון מענטשן, ניט צו גאָט, ניט צו לייט.

די „לייט", חברים, באַקאַנטע האָבן אונטערגעשמייכלט. — געוואָרן אַ טשאַרנאַראַבאַטשי, — האָבן זיי כלומרשט גוטמוטיק געקיבעצט, אין זייער קיבעץ איז שוין אַריינגעקראָכן אַ טאָן פון איראָניע, זייער קוק — אַ קוק פון אויבן אַרונטער: האָסט זיך אַרונטערגעלאָזט, מיהאָט דאָך ניט געוואַגט עס זאָגן אָפן, ברוך פינקלשטיין — אַ יורד, וועמען קיינער רופט ניט צו זיך אויף קידוש, מיהאָט פונדעסטוועגן נאָך געגוג דרך ארץ אים ניט פאַרשטויסן אינגאַנצן.

ברוך האָט זיך ניט געריסן „גיין אויף קידוש" צו קיינעם. אכט שעה אַרבעט, דריי שעה פאָרן איז קוים געבליבן צייט איבערצולייענען אַ צייטונג, נעמען אַ בוך אין האַנט. דאָס ביסל פרייע צייט וואָס ער

האָט געהאַט האָט ער אָוועקגעגעבן אויף . . . שרייבן. ער האָט גענומען מאַכן פאַרצייכענונגען. פאַר זיך. אפילו רבקהן ניט געוויזן, ניט געלייענט.

„. . . די אַרבעט מאַנאַטאָן און ווייט ניט אנגענעם, אפילו אַלס שוואַרצע אַרבעט. מיקען אפשר איצט קריגן בעסערע אַרבעט, ווען מיפאַרגלייכט עס אָבער מיט דער אַרבעט דאָרטן . . . איז די אַרבעט, אין אַ געוויסן זין, א תשובה . . . עס זאָל זיין נאָך ערגער וואָלט אפשר נאָך געווען בעסער, כאָטש אויסגלייכן זיך מיט זיי דאָרטן . . . איז אוממעגליך. באשלאָסן ניט צו לייענען מער די צייטונגען, די ידיעות . . . אָבער לייען ניט, אַז עס רייסט די אויגן, די נערוון, און אפילו ווען מיזאָל ניט לייענען, עס טראָגט זיך אין דער לופט, טויט, כראָניִשער טויט, אויסראטונג, נאָך ערגער, מאטערניש, דערנידערונג, און זיי דאָ — „מיר קעמפן!" . . .

„בין איך ניט אַמאָל אַן אויפגעקומענער קבצן, וואָס נעמט זיך איבער מיט זיין קבצנעשאפט ווי דער פּארוועניו מיט זיין בייער גבירהשאפט? ניין. מיט קלאָפּן לעכער אין שטאָל קען מען זיך ניט איבערנעמען, אויב עס פילט זיך אַ שמץ פון שטאָלץ לגבי זיי, איז עס נאָר אַ מין פראָטעסט קעגן זייער וואוילגיין, קעגן זייער בראַוואַדע. וואָס ר י י ד ן זיי אַזוי פיל? פאַרוואָס ט ו ט מען גאָרניט? וואָס קען מען דאָ טון? בלייבט נאָר — שווייגן. און זיי ריידן, ריידן . . ."

„וואָס מער ז י י קוקן אַרונטער אַלץ זיכערער בין איך אַז איך טו ריכטיק. יאָ, זיי פונדעווען זיך איין, ווען די שעה וועט שלאָגן וועלן זיי שוין ניט קענען זיך אפּרייסן, וועלן זיין צו פ ע ט צו גיין, איך וועל זיין גרייט, און וועל האָבן עפּעס געלערנט אויך.

„און איך וועל משפטן צווישן דעם פעטן לאַם און
דעם מאָגערן לאַם . . . ווייל מיט דער זייט און מיטן אַקסל
שטופּט איר, און מיט אייערע הערנער שטויסט איר . . ."

יאָ, זיי האָבן עלנבויגנס . . . וועמען גייען זיי אָן?

ער האָט זיך דאָך באַגעגנט מיט זיי, ביי די זיצונגען. דאָס האָט ער ניט אויפגעגעבן. זייער אויבנאַרונטער קוק האָט באַגעגנט זיין שמייכל, אַ שמייכל — בלויז אַ שיין אין די אויגן, די שיין האָט זיי אָבער געבלענדט, זיי האָבן אים אויסגעהערט ווען ער האָט גערעדט,

זיי האָבן אָבער אויסגעמיטן צו קוקן אים אין די אויגן. פאַרשטייט זיך, צו אים אהיים זיינען זיי ניט געגאַנגען. ערשט ווען דער „אומגליק" האָט פּאַסירט זיינען זיי אַלע געקומען.

ווי האָט עס פּאַסירט? ברוך האָט עס אַליין ניט געוואוסט, ניט געדיינקט, אפילו דעם ווייטיק ניט געדיינקט. ער האָט אונטערגערוקט אַ פלאטע, זי האָט זיך אַריינגערוקט קרומליך, ער האָט זי געוואָלט אויסגלייכן און . . . ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט ער דערזען אַ באנדאזשירטע האַנט. ער האָט ניט געפילט קיין ווייטיק, ניט געוואוסט אפילו אז אים פעלט אַ פינגער, ער האָט געגומען טאַפּן, וואָלט אפשר געווען אויפגעבונדן, אַ קוק טון, ווען די וואָרטספּרוי קומט ניט אַריין פּונקט דאַן. זי האָט עס אים געזאָגט: גוט אפּגעשניטן. בלויז איין פינגער. געמוזט אַרונטערנעמען, געראַטעוועט די האַנט. נאָך אין דעמזעלבן טאָג, אַ ביסל שפּעטער ווי געוויינליך, האָט ער זיך געלאָזט אַהיים. א לאנגע נסיעה. האַלב דרעמלענדיק האָט ער געזען גדליה דעם טרעגער, אים דערלאַנגט די פאַרבונדענע האַנט, זיך געוויטעט מיט אים, און זיך אויפגעכאַפּט ביי זיין סטאַנציע, וואו ער איז יעדן טאָג אַרונטערגעגאַנגען.

רבקה האָט געוויינט, האָט דאָך ניט פאַרפעלט צו זאָגן: אַן אַרבעט זיך אויפגעזוכט! איינער נאָכן אַנדערן זיינען געקומען — לייזער טעפּליצקי, אהרן שטיינבערג, קלמן דאיכעס, אַלע, אַלע, און אַלע חוץ קלמן דאַיכעס, האָבן גערעדט וועגן דעם אַז ס'איז לכתחילה געווען אַ נאַרישקייט. — און אַז ניט אין קיין צייטונג, קען מען שוין קיין שטעלע ניט קריגן? געדאַרפט גיין האַקן לעכער אין שטאָל! — קלמן האָט געשוויגן. ער האָט געהאַט אַ שטעלע, געווען לייזער טעפּ־ליצקיס געהילף סעקרעטאר, אָבער וויפיל מאָל האָט ער שוין געוואָלט אוועקגיין אין אַ קריגס פאַבריק, גיין וואו ס'ניט איז, אבי . . .

אַלע האָבן גערעדט וועגן ברוכן אַז ער קען קריגן אַ שטעלע, אָבער די שטעלע איז צו ברוכן ניט געקומען, ער איז נאָך קיין שטעלע ניט געגאַנגען. ער האָט געקראָגן יעדע וואָך אַ טשעק פון דער פאַר־זיכערונג געזעלשאפט, און ווען זיי האָבן נאָכדעם געשליכטעט פאַר פינף הונדערט דאָלאַר, האָט ברוך געשפּאַסט, ער איז געוואָרן אַ גביר.

— געקראָגן אַ פּאָר טויזנט דאָלאר?

— וואָס בין איך אַ פידל שפּילער? פאַר אַ פינגער טויזנטער דאָלאַר? געקראָגן האָב איך פינף הונדערט, אויף אַזוי פיל האָבן זיי אָפּגעשאַצט די ווערט פון מיין פינגער, דאָס מיינט אָבער אַז איך פאַרמאָג נאָך פינף און פערציק הונדערט דאָלאַר, ווער שמועסט איך זאָל נאָך ווען רעכענען די פּיס . . . אַ גביר, ניין?

פאַר לייטן האָט דער גביר פינקלשטיין געשפּאַסט, אין זיינע פאַרצייכענונגען האָט ער ניט געשפּאַסט.

„. . . געמיינט ניט קענען שרייבן. זאָל מען ניט געפּרואווט ווערן צו דעם וואָס מ׳קען געוואוינט ווערן. שווערליך, אָבער איך שרייב".

„קען זיין גדליה דער טרעגער האָט צעבראָכן זיין האַנט, זיין אָרעם, ניט אונטערשטעלנדיק קיין אַקסל . . . צופעליק. קען זיין. זיכער איז אַז איך מיין פינגער האָב פאַרלוירן צופעליק, זינלאָז. וואָס פאַר אַ זין האָט אַזאַ פאַרלירן אַ פינגער? וואָס פאַר אַ זין ס ת ם לעבן? סתם לעבן איז אַ ביאָכעמישער פּראָצעס, ניט נויטיק צו זיין אַ מענטש צו לעבן ס ת ם. איך האָב שוין מיין באַנדאַזש אַרונטער־גענומען, האָט גדליה דער טרעגער אַרונטערגענומען זיין בינדע? לעבט ער? און אַנשעל שוואַרצמאַן? פון אים געהערט. די ידיעה וועגן זיין אַרעסט דאָך קענטיק געווען ניט ריכטיק. ער לעבט און שטעלט צו אַרבעטער דער אָקופּאַציע מאַכט. ווי טוט ער עס? שיקט זיך עס אַז . . . און איך? וואָס וואָלט איך געטון? וואָלטיך, זאָלטיך . . . איך בין דאָ, ער דאָרטן . . ."

פון אַנשעל שוואַרצמאַן איז אָנגעקומען אַ „גרוס". ברוך האָט בייטאָג נאָך געלייענט די נייעס אין די צייטונגען, אָבער ערשט אין אָוונט, ביי דער זיצונג פון קאָמיטעט, האָט ער געהערט דעם „גרוס" ריכטיק. ס׳איז אָנגעקומען דער אינהאַלט פון אַ צעטעלע וואָס שוואַרצ־מאַן האָט אַרויסגעשמוגלט פאַר זיין טויט. דער פאַרזיצער האָט געלייענט:

למען ידעו.

מיין לעצטער געשפּרעך מיטן דייטשן אַרבעטער שעף:

אַלס אידישער אַרבעטס שעף האָט איר ערליך דערפילט אייער

פליכט. איר האָט צוגעשטעלט די נויטיקע צאָל מענער צו דער אַרבעט. אָבער מיר דאַרפן אויך פרויען.

— פרויען?

— יאָ, פרויען, מיידלעך . . . פאַר דער אַרמיי . . .

— די אַרבעטער וועט דער אידישער אַרבעט שעף ניט צושטעלן.

— ווי? איר וואָגט זיך אָנטזאָגן? ווייסט איר די קאָנזעקווענצן?

— ווען איך האָב גענאָגט די אַרבעטער וועט דער אידישער אַרבעטס שעף ניט צושטעלן האָב איך קלאָר געוואוסט וואָס איך זאָג און וואָס מיך דערוואַרט.

— איר וועט לאַנג ניט דאַרפן וואַרטן.

— איך האָף אַזוי.

מיט דעם האָט זיך אונזער געשפּרעך געענדיקט. איך וויל נאָך צוגעבן: איך ווייס, איך האָב אַ סך אידן פאַרשאַפט עגמת נפש, שיקנדיק זיי צו דער אַרבעט, איך ווייס אָבער אויך אַז איך האָב גענומען, האָב איך איינגעשפּאַרט אַ סך צרות, און אפשר אויך אַ סך לעבנס. דאָס איז מיר בייגעשטאַנען אין מיינע אייגענע ליידן טאָג איין טאָג אויס. איצט זייט רואיק, לאַנג וועל איך ניט ליידן. איך האָב אַלעס גויטיקעס. ווען זיי וועלן קומען נאָך מיר וועל איך שוין זיין אין לאַנד פון אייביקער רו. איז, זייט געזונט, חברים, און גיט ניט אויף. ביז דער לעצטער מינוט.

—אַנשעל שוואַרצמאַן.

דער פאָרזיצער האָט געענדיקט לייענען. די שטילקייט איז צע־טרייסלט געוואָרן פון אַ פאַרשטיקטן כליפּ, וואָס איז מיט אַמאָל איבערגעגאַנגען אין א שלוכצן. דער פאָרזיצער האָט פאַרביסן די אויבערשטע ליפּ, האָט א קלאַפּ געטון מיטן האַמער:

— איך בעט ניט וויינען! — נאָך אַ קליינער הפסקה האָט ער צוגעגעבן: — מירן ערן דעם אנדיינק פון אונזער חבר אנשעל שוואַרצ־מאַן מיט אויפשטעלן זיך און שווייגן איין מינוט.

אַלע האָבן זיך א הויב געטון. ברוך פינקלשטיין האָט זיך אַ וואַקל געטון. רבקה האָט אים אונטערגעכאַפּט. ער האָט צוגעטראָגן די האַנט צום שטערן, זי אַראָפּגעצויגן איבער די פאַרמאַכטע אויגן. דאָס שווינדלען איז פאַראיבער. ווען רבקה האָט אים אָוועקגעזעצט אויפן

בײנקל האָט ער זיך אומגעקוקט. אַלע זײנען שוין געזעסן. דער פאָר־זיצער האָט געבלעטערט עפּעס פּאַפּירן, גענומען אַ בריוו אין האַנט. ברוך האָט זיך אַ הויב געטון און שיר ניט אַ געשריי געטון: פאָר־זיצער!

דער פאָרזיצער האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ.

— איך . . . איך מאַך אַ פאָרשלאַג צו שליסן די זיצונג, — האָט ברוך מאָדנע דײטליך אַרויסגעבראַכט, די װערטער האָט מען געקענט זען הײנגען אין דער לופט, פאַרן פאָרזיצערס טיש. ברוך איז געבליבן שטײן — אַ בעל חוב, װאָס װעט ניט אַװעקגײן ביז מ׳װעט אים ניט באַצאָלן.

— אַ פאָרשלאַג איז געמאַכט געװאָרן, — האָט דער פאָרזיצער געצױגן די װערטער, פאַרחידושט, ברוגזליך, — צו שליסן די זיצונג. איז דער פאָרשלאַג אונטערשטיצט?

— אונטערשטיצט. — שטיל, אָבער אַזױ דײטליך אַז דאָס װאָרט האָט װי זיך אװעקגעשטעלט לעבן ברוכס רײד, זיך אנגעשלאָסן, פאַר־אײניקט. דער פאָרזיצער האָט אָבער ניט געזען דאָס װאָרט, ער האָט אַ זוך געטון די שטימע, דעם מענטשן, דערזען קלמן דאַיכעס, און מיט אַ געררײצטן טאָן אַ זאָג געטון: דער פאָרשלאַג איז אונטערשטיצט. קײנע דעבאַטן. אַלע דערפאַר זאָלן באַצײכענען מיט דער האַנט.

מ׳האָט באַצײכנט.

שטיל, װי אין אַ קברות שטיבל, האָבן זיך מענטשן אויפגעהויבן פון זײערע פּלעצער.

— קום, — האָט ברוך אַ פליסטער געטון, אַ צי געטון רבקהן. קלמן איז צוגעגאַנגען, דערלאַנגט די האַנט. ברוך האָט מיט דער צװײטער האַנט אַ טרײסל געטון קלמנס האַנט אין זײנער און איז אַרויסגעגאַנגען.

אין שטוב שוין, האָט ברוך זיך אַרונטערגעלאָזט אויף דער גע־בעטער שטול, זײן היטל האָט זיך אַ רוק געטון פון דער פּאַטילניצע צום שטערן צו. אין אַ װײלע אַרום איז רבקה צוגעגאַנגען, אַרונטער־גענומען די היטל פון קאָפּ. — װאָלסט בעסער געגאַנגען שלאָפן.

— װעל גײן, — איז אַרויסגעפאַלן פון מויל, דער קערפּער האָט זיך ניט אַ ריר געטון. רבקה האָט שוין געהאַט אויסגעבעט די בעטן, האָט

זיך שוין געגרייט גיין שלאָפֿן, ברוך איז נאָך אַלץ געזעסן ווי זי האָט אים געלאָזט, מער ניט די אויגן פֿאַרמאַכט. שלאָפֿט ער? זי האָט אים אָנגערירט. ער האָט זיך אַ צאַפּל געטון.

— אײַנגעדרימלט?

ברוך האָט אויף איר א קוק געטון. אזא פֿרעמדער, ווייטער קוק.

— וואָס יסטו זיצן? — זי האָט זיך דערנעענטערט צו אים. — געקענט דערוואַרטן. — זי האָט אַרומגענומען זײַן קאָפּ, צוגעטוליעט צו איר ברוסט. איר באַוועגונג, איר קערפּער האָט געזאָגט: דיך אַרויסגעראַטעוועט! דו וואָלסט אויך . . . גוט וואָס דו ביסט דאָ.

ברוך האָט א דריי געטון דעם קאָפּ, און ווען זי האָט זיך אָפּגעטיילט פֿון אים האָט ער זיך אזש א טרייסל געטון. — גיי שלאָפֿן, — האָט ער שטיל אַרויסגערעדט. אין די צוויי שטילע ווערטער — פֿאַרוואורף, ווייטיק, באַליידיקונג. זי פֿאַרשטייט ניט. זי באַגרייפֿט ניט. גליקליך וואָס ער איז דאָ, צופֿרידן מיט איר אויפֿטו, האָט אַרויסגעראַטעוועט אַן אוצר, זי ווייסט ניט אז . . . ער וואָלט זיך געביטן מיט שוואַרצמאַנען. ברוגזליך איז רבקה אַוועקגעגאַנגען אין שלאָף צימער.

שפּעט אין דער נאַכט האָט ברוך נאָך פֿאַרצייכנט:

אַלע מאָל געדיינקט אז קיין שיינער טויט איז ניטאָ, אז יעדער טויט איז מיאוס, אַז דאָס מיאוסטע לעבן איז שענער ווי דער שענסטער טויט. אנשעל האָט באַוויזן דאָס פֿאַרקערטע — דאָ אַ חילוק צווישן זײַן טויט און שטאַרבן פֿון אַ געפּלאַצטן אַפּענדיקס, פֿון אַ בלינדער קישקע איז אויך דער טויט א בלינדער. דאָ אויך א בלינד לעבן און דער טויט נאָך אַזאַ לעבן איז א לאָך אין א ליידיקער קעשענע . . . דאָ א שיינער טויט, ניט פֿאַר דער געשיכטע . . . פֿאַר זיך אַליין, אנשעל האָט עס באַוויזן. און איך . . . איך באַווייז דאָס פֿאַרקערטע: דאָ א בלינד, מיאוס לעבן. מישלעפּט, אבי מילעבט. מיאוס! מיאוס!

(5)

ברוכס לעבן איז מיאוסער געוואָרן פֿון טאָג צו טאָג.

— איך גיי מאָרגן אַרבעטן, — האָט רבקה א זאָג געטון אין

אָונט, — וועסט אכטונג געבן אויפֿן קינד ווען עס וועט קומען פֿון שול.

שוין דאָס, וואָס רבקה, די פּרנס בת יחידה, וואָס האָט קיינמאָל ניט אָריינגעטון אַ פֿינגער אין קאַלט וואַסער, האָט באַשלאָסן צו גיין אַרבעטן, איז געווען אַ מין פּאַטש אין פּנים אים למאַי ער האָט דערפֿירט דערצו, און דער פּאַטש האָט אָפּגעקלונגען נאָך הילכיקער פֿון דעם אופֿן ווי זי האָט אים דערלאַנגט — פֿלוצלונג, ניט דערוואַרטעט. זי האָט אים אַפֿילו ניט דערציילט אַז זי קלײַבט זיך גיין אַרבעטן, זוכט אַרבעט.

— אַרבעטן? וואָס פֿאַר אַן אַרבעט?

— נייען קליידלעך.

— קענסט דען?

— זיך אויסלערנען. נויט לערנט אויס.

קלאָר. ברוך האָט מער גאָרניט געזאָגט. און ניט נאָר האָט ער אַכטונג געגעבן אויפֿן קינד ווען עס איז געקומען פֿון שול, ער איז אויך געוואָרן אַ באַלעבאָסטע, אײַנגעקויפֿט, צוגעגרייט עסן, געוואַשן דאָס געפּעס, און אים האָט ניט געאַרט וואָס ער האָט געוואַשן דאָס געפּעס: רבקה אַרבעט זיך אָן גענוג דעם טאָג, נאָר דער אופֿן ווי גלייך נאָכן עסן איז זי אוועקגעגאַנגען פֿון טיש, זיך אַוועקגעזעצט לייענען אַ צייטונג, זיך צוגעשפּאַרט, לאָזנדיק אים וואַשן — דאָס איז זיין אַרבעט, איז געווען אַ באַלעבאָס־משרת אופֿן. נו יאָ, זי איז געווען די פֿאַרדינערין, די ברויט געבערין. אַפֿילו דאָס קינד האָט שוין באַנומען אַז באַלעבאָס אין שטוב איז ניט דער טאַטע, נאָר די מאַמע.

— גיב מיר צען סענט! — האָט שלמקה געמאָנט ביי דער מאַמע, געצופּט איר קליידל אין אַ שבת נאָכמיטיק, ווען זי האָט געהאַלטן אין ראַמען די שטוב.

— וואָס דאַרפֿסטו צען סענט?

— גיין אין אַ מואווי.

— דאַרפֿסט ניט גיין אין אַ מואווי איצט. דער טאַטע וועט גיין, איכ׳ל גיין וועסטו מיטגיין.

— אַה, דזשי! אַלע אינגלעך גייען. גיב מיר צען סענט! — האָט ער שוין געבעטן מיט אַ וויינענדיק־פּראָטעסטירנדיקן טאָן, און געצופּט שטאַרקער איר קליידל. זי האָט אים אַ פּאַטש געטון איבערן הענטל:

רייס ניט דאָס קליידל! האָט ער זיך א וואָרף געטון אויף צוריק, זיך אָנגעשטויסן אָן פּאַטער וואָס איז געהאט אנגעקומען, צוגעהערט, צוגעזען. ברוך האָט אים א נעם געטון ביי די אַקסלען, אים א שטופּ געטון.

— לאָז די מאַמע צורו. די מאַמע זאָגט ניין, איז ניין.

— דאַנט פוש מי! — האָט דאָס קינד אויסגערופן. דער איינגליש, דער טאָן — א חוצפּהדיקער אַרויסרוף: דו, גאַרנישט, דו, דו דאַרפסט מיך נישט שטופּן, דו . . .

ברוך האָט שיר נישט א פּאַטש געטון זיין קינד. א ציטער האָט צעטרייסלט זיין גאַנצן קערפּער. ער האָט אויף שנעל פאַרלאָזט דעם צימער און, אַריינקומענדיק אין צווייטן, זיך אַרונטערגעלאָזט אויף אַ שטול, ער האָט געפילט ווי אַלע זיינע גלידער צעקריכן זיך. ערשט נאָך אַ ווײַלע זיצן האָט דער קערפּער זיך איינגעשטילט, ער האָט אנגעהויבן זען, הערן, געהערט ווי דאָס קינד איז אַרונטערגעלאָפן אין דרויסן. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, א קוק געטון אין פענסטער און געזען ווי שלמקה איז צוגעלאָפן צו נאָך אַ פּאָר אינגלעך, צוזאַמען מיט זיי אוועקגעגאנגען. הייסט עס, זי האָט אים יאָ געגעבן געלט.

— האָסט אים אוועקגעשיקט אין א מואווי?

— ניין, ער זאָל מיר דאָ ארומהייגגען, מיר דערגיין די יאָר! גענוג אַזוי אויך, אָן אים. וועט פון אים ניט אפּפאַלן אַז עריט גיין אין אַ מואווי מיט די קינדער.

— אָפּפאַלן וועט פון אים ניט, מיהאָט דאָך אָבער גערעדט אַז דאָס קינד זאָל ניט גיין אַליין. ווער ווייסט וואָס פאַר אַ מואווי עריט זען. אויב שוין יאָ גיין, האָסטו דאָך געקענט מיטגיין.

— און די שטוב ווער וועט אויפראַמען? די דינסט?

— די דינסט קומט גראַדע היינט ניט אַריין, — האָט ברוך ביטער געענטפערט, — אָבער האָסטיאָך געקענט גיין מאָרגן.

— טאָמער האָב איך איין טאָג זונטיק וועל איך אים גיין פטרן אין א מואווי, יאָ? די פּאָר שעה וואָס איך האָב וועל איך בעסער אַרויסגיין אין דרויסן, אין פּאַרק, האָבן אַ ביסל פרישע לופט, אָדער גיין זען עמיצן. א גאַנצע וואָך פאַרשפּאַרט, מיזעט דאָך אפילו דעם הימל ניט אָן.

אין פאַרלויף פון דעם גאַנצן געשפּרעך האָט דבקה ניט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, ניט א קוק געטון אויף אים, זי האָט געאַרבעט, געווישט שנעל, זייער שנעל, און אירע שנעלע באַוועגונגען, די ווערטער געוואָרפן היגטערווייִלעכס, זייגען געווען קלעפּ געוואָרפן פון א באַהעלטעניש אַרויס. ברוכן האָט זיך געוואָלט צוגיין, אַרויסרייסן די שמאַטע פון אירע הענט, אנגעמען איר קין, איר אַריינקוקן אין פּנים, איר . . . ער איז שטיל אַרויסגעגאַנגען פון דעם צימער אין צווייטן, דאָרטן געבליבן שטיין שטום, טעמפּ. — אַזוי, — איז אַרויסגעפאַלן דאָס וואָרט פון זיין מויל און ער האָט א פאַרחידושטער זיך אומגעקוקט. ער האָט דערזען זיין היטל. ער האָט א נעם געטון די היטל, איז אַרויס אין דרויסן. די פיס האָבן אים געוואוינהייטסמעסיק פאַרפירט צום וואשינגטאָן בריק, וואו ער האָט כמעט יעדן טאָג פאַרבראַכט א פּאָר שטונדן. ער האָט ליב געקראָגן דעם האַדסאָן. דאָסמאָל, שטייענדיק אויפן בריק, קוקנדיק אַרונטער, איז אים אונטערגעשפּרונגען די פּראַגער בריק. ד אָ ר ט ן, ביי יענער בריק האָט זיך עס אנגעהויבן . . . דער האַדסאָן האָט זיך פאַרוואַנדלט אין דער ווייסל, וואשינגטאָן הײַטס — פּראַגע, ניו יאָרק — וואַרשע. דאָרטן . . . ניט געדאַרפט געווען אַוועקפאָרן, געדאַרפט געווען בלייבן! בלייבן . . . בלייבן . . . דאָרטן . . .

פון דאָרטן איז אנגעקומען א נייע ידיעה. געשריבן האָט ראַבינאָוויטש:

„מיר נויטיקן זיך אין תיכפדיקער הילף פאַר אונזער קאַמף אָרגאַניזאַציע. געלט אַליין איז ניט גענוג. מיר מוזן קריגן געווער . . . טוט וואָס איר קענט, נאָר טוט עס שנעל, ווייל באַלד וועט זיין צו שפּעט . . .״

ברוך האָט געהערט ראַבינאָוויטשעס רוף, געזען אים, געזען זיין ווייב, וואָס איז קראַנק געוואָרן א טאָג פאַרן אַוועקפאָרן און מקנא געווען ראַבינאָוויטשן אויף זיין ווייבס קראַנק ווערן דאַן, אויף זיין זיין דאָרט איצט. ברוך האָט דריי, פיר מאָל גענומען א וואָרט און ער האָט אויסגעפירט זיינס — באַשלאָסן מיזאָל שיקן א מענטשן אהין. ברוך האָט געקענט זיין אן עקשן, און איז געווען צופרידן וואָס מיט זיין עקשנות האָט ער אויסגעפירט, זיין צופרידנקייט איז אָבער געווען ניט קיין פולשטענדיקע: די זיצונג האָט באַשלאָסן אַז מיקען ניט, מיר ניט דיר ניט, באַשטימען א מענטשן, שוין גלייך, א קאָמיטעט פון דריי

איז דערוויילט געוואָרן, זיי זאָלן געפינען, באַשטימען דעם פּאַסיקן מענטשן, זיי זאָלן אויך מאַכן אַלע נויטיקע הכנות וואָס זיינען פאַרבונדן מיט אָט דער געוואָגטער שליחות. די דריי — לייזער טעפּליצקי, אַהרן שטיינבערג, קלמן דאיכעס. ברוך האָט געמוזט צוגעבן אַז דאָס איז דאָס פּראַקטישסטע, כאָטש דער קאָמיטעט איז אים ניט געווען צום האַרצן. לייזער טעפּליצקי? נו, לייזערן קען ער דאָך . . . שטיינבערג איז לייזערס בים־באָמניק, דער איינציקער מענטש — קלמן. דאַרפן אַ רעד טון מיט אים.

ברוך, וואָס איז ניט געלאָפן טאָג איין טאָג אויס זוכן אַרבעט, האָט איצט ניט גערוט. ער האָט זיך געזען מיט קלמנען, אים „פאַרטרויט" אַז ער וויל פאָרן, איינגעטענהט מיט אים, אים באַוויזן אַז ער דאַרף פאָרן. קלמן האָט אים רואיק אויסגעהערט און שטיל אַ פרעג געטון: געזען לייזערן?

נו יאָ. ער האָט עס ערוואַרטעט, די דעה האָט לייזער. מיט פאַרקלעמטע ציין איז ער געגאַנגען צו לייזערן, עריט אים ניט באַר באַווייזן, עריט אים בדאי בעטן . . .

לייזער האָט אים אויפגענומען מיט דער פריינדליכקייט פון אַ העכערן באַאמטן צו אַ ביטע דערלאַנגער, וואָס קען זיך פאַרגינען צו זיין פריינדליך, אפילו ווען ער האָט ניט בדעה צו דערפילן די בקשה. ער האָט אים אויסגעהערט אויפמערקזאַם, כאָטש ביי די ערשטע פאַר ווערטער האָט ער שוין געוואוסט וואָס ברוך האָט געוואָלט און שוין געהאַט באַשלאָסן. — ניין. ווען ברוך האָט געענדיקט האָט לייזער בלומרשט פאַרזאָרגט אַ זאָג געטון: אַלץ גוט. איר פאַרגעסט אָבער, חבר פינקלשטיין, אַז איר האָט אַ ווייב מיט אַ קינד.

— מיין ווייב קען איר שטעטל אַליין באַשטיין, — האָט ברוך טראַציק געענטפערט.

— דאָס וויסן מיר, — האָט לייזער געענטפערט מיט אַ שמייכל.

פאַר אָט דעם שמייכל וואָלט ער אים צעפּאַטשט די פּיסקעס.

— איר פאַרגעסט אָבער אַז די מיסיע איז אַ ריזיקאַלישע. —

דאָס וואָרט רי־זי־קאַ־לי־שע האָט באַדאַרפט זיך אַריינשניידן ברוכן אין מח, אים האָט עס בלויז אַ זעג געטון אין אויער. ער האָט געוואָלט עפּעס ענטפערן, אָבער לייזער האָט, מעשה העכערער באַאמטער,

בלויז מיט זיין ערנסטער מינע געלאָזט וויסן — איך רעד! — אַ ריזיקאַלישע, און אַ פאַראַנטוואָרטליכע.

— און איך בין עס אומפאַראַנטוואָרטליך? — האָט שוין ברוך מיט שטירדעס אַ פרעג געטון. ער האָט שוין געזען עס איז ניט שייך צו פועלן, בעטן, עס איז אַ געפעכט, און ער האָט זיך געשלאָגן.

— דאָס האָב איך ניט געזאָגט, — האָט לייזער שטרייננג גע־ענטפערט. — ווען איך האָב געזאָגט אַ פאַראַנטוואָרטליכע האָב איך פשוט געמיינט עס פאָדערט זיך אַ פראַקטישער מענטש, אַ מענטש וואָס האָט די נויטיקע דערפאַרונג אויף דעם געביט און דאָס, וועט איר דאָך צוגעבן, איז ניט אייער פאַרטע.

— האָט איר שוין באַשטימט עמיצן אַנדערש? — האָט ברוך אַרויסגערעדט, גרייט צו קריגן דעם קלאַפּ.

— דערווייל האָבן מיר נאָך גאָרנישט באַשטימט, — האָט לייזער דיפּלאָמאַטיש געענטפערט, און גענומען פינגערן די פּאַפּירן אויפן שרייב טיש.

האָט לייזער געוואָלט זאָגן דערמיט אַז די אוידיענץ איז געענ־דיקט, אָדער האָט ער אויסגעמיטן קוקן אויף ברוכן? ברוך האָט געפילט ער האָט שוין מער גאָרניט וואָס צו זאָגן, ער האָט דאָך אַרויס־געבראַכט: — אויב די קאָמיסיע האָט נאָך נישט באַשטימט, טאָ ברייננט פאַר מיין נאָמען פאַר דער קאָמיסיע. צוויי מאָל קאָמיסיע. זאָל ער וויסן אַז ער איז ניט דער איינציקער בעל דעה. ברוך איז נאָכאמאָל געגאנגען צו קלמן דאַיכעס.

אויך קלמן האָט די ערשטע זאַך דערמאָנט וועגן ווייב און קינד, און אויך אים האָט ברוך געענטפערט אַז זיין ווייב קען איר שטעטל אַליין באַשטיין. קלמן האָט נישט געשמייכלט, ער האָט נאָר שאַרף אַ קוק געטון אויף ברוכן און געזאָגט: זי באַשטייט טאַקע אַז דו זאָלסט ניט געשיקט ווערן.

— ווי? — ברוך איז שיר ניט אויפגעשפּרונגען פון ביינקל. — זי האָט גערעדט מיט דיר?

— גערעדט מיט מיר, גערעדט מיט לייזערן.

— אַזוי, — האָט ברוך אַ ברום געטון. דאָס שאַרפע וואָרט אויף רבקהס חשבון איז דערשטיקט געוואָרן. — פאַרשטייסט דאָך, — האָט

ער אַרויסגעבראַכט מיט אַ שמייכל, — אַז אַ ווייב דאַרף ניט וועלן, אָבער איך האָב דאָך אויך עפּעס צו זאָגן, נײַן?

— אודאי האָסטו וואָס צו זאָגן, מער ניט, ווי זאָגט מען: פון זאָגן פאַרגייט מען ניט אין טראָגן. — אויך קלמן האָט איצט גע־שמייכלט, אַ געצוואונגענער, קריינקליכער שמייכל, דאָס האַלב ציינישע ווערטל, דער שמייכל — אַ שילד, אַ רויך צו פאַרדעקן, פאַרשטעלן עפּעס. וואָס פאַרדעקט ער? וויל ע ר אפשר פאַרן? דער פּלוצלונגער חשד האָט אויפגעריסן ברוכס אויגן. — האָט איר שוין באַשטימט עמיצן? — האָט ער שיר ניט אויסגעשריען.

— פעלדמאַן, — האָט קלמן שטיל אַרויסגעזאָגט.

— פעלד־מאַן? — ברוך האָט זיך געחידושט וואָס דער נאָמען איז אים גאָר ניט געקומען אויפן זינען, ערשט איצט האָט ער דערזען פעלדמאַנען, ניט דעם נאָמען, דעם מענטשן פעלדמאַן, מיט דעם האַלב נאַקעטן קאָפּ, גרויע האָר, צעקנייטשטן פּנים. — ער איז דאָך אַלט! — האָט ער געשטוינט אין דער הויך.

— טאַקע דערפאַר, — האָט קלמן געענטפערט מיט זיכערקייט אין טאָן, די זיכערקייט ניט קיין האַרטע, נאָר אַ פאַרטרויליכע. — ער איז ניט צו אַלט פאַר דער שליחות, ער איז אָבער אַלט גענוג, האָט די נויטיקע דערפאַרונג, און לאָזט קיינעם ניט איבער . . .

ברוך האָב איינגעזען פעלדמאַן א י ז דער פּאַסיקער שליח, פּאַסיקער פון אים. פאַר ניקאָלאַיס צייטן האָט פעלדמאַן זיך שוין געהאַט אָפּגעגעבן מיט שמוגלען ליטעראַטור איבער דער גרעניץ, אין דער 1914 מלחמה געווען אין דער אַרמיי. פעלדמאַן איז פּאַסיקער. — געשלאָגן, — האָט עס געקלאַפּט ברוכן אין קאָפּ, „און ער לאָזט קיינעם ניט איבער," האָט עס צוגעקלאַפּט. געשלאָגן, און געהאָלפן אים שלאָגן האָט רבקה.

— איז עס שוין באַשטימט, אויף זיכער?

— אַזוי שנעל ווי די נויטיקע הכנות וועלן געמאַכט ווערן פאָרט ער אַרויס. אָבער פּתח שין!

— וועגן דעם דאַרפסטו זיך ניט זאָרגן, — האָט ברוך נאָכלעסיק אַ זאָג געטון, דערלאַנגט די האַנט.

— טרינקען אַ גלעזל טיי?

— ניין. איכ׳ל גיין. אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט. קום אַריבער.

די נאַכט — אַ שוואַרצער צייט פלעק, די גאַס, די הייזער, דער טראָטואַר אונטער די פיס — אַ שווימנדיקע וועלט אין ווייטן רוים, אַ חלום וועלט, מיאיז דערביי און ניט דערביי, די פיס זיינען בלינד געגאַנגען, דערגאַנגען אהיים.

— ברוך?

רבקהס קול פון שלאָף צימער, פון בעט. דער חלום צערונען. ווירקליכקייט. — איך, — האָט ברוך פאַרדומפּן אַרויסגעבראַכט. רבקה. אַריינגיין צו איר. איר . . . ניין, זיך ניט קריגן מיט איר. ניט היינט . . . ניט קריגן . . . אויך ניט ליגן . . . ניין . . . אַ פרוי קען שטאַרקן, זי קען אָבער אויך אפּשוואַכן. האָט שוין איינמאָל אָפּגע־שוואַכט. ניט היינט. היינט . . . דאָס נאַטיץ ביכל . . . דאַרף מער גאָרניט אַריינשרייבן, אַ פאַסיקל אונטערציען סיידן. דאָס אויך צערייסן, פאַרברענען. צייט האָבן מאָרגן. ניט איצטער. איצטער גיין שלאָפן, זיך אַריינלייגן אין בעט. יאָ, זיך לייגן . . . זאָל זי ניט . . .

— וואָס אַזוי פרי? — האָט רבקה אַ פרעג געטון, ווען ברוך האָט זיך אויפגעהויבן גלייך מיט איר.

— דאַרף ערגעץ צוגיין.

— וועגן אַרבעט?

— מעגליך, — האָט ער אומבאשטימט געענטפערט. מיהאָט געעסן אנבייסן צוזאַמען. רבקה האָט אין איילעניש עפּעס אנגעזאָגט דעם קינד, ברוך האָט געשוויגן, געקוקט אויף איר, אויפן קינד. אָפּ־געעסן, אין מאנטל און היטעלע שוין, האָט רבקה זיך צוגעבויגן צום קינד, אים אַ קוש געטון. — גודבאַי, זון! — זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ האָבן אירע אויגן באגעגנט ברוכס. איינהאַלטן! איינהאַלטן אַט דעם מאָמענט!

— גודבאַי, — האָט זיך שטיל אַראָפּגעגליטשט פון ברוכס ליפּן. זיינע אויגן האָבן זיך פאַרצויגן. רבקה איז אויף גיך אַרויס פון שטוב. ברוך האָט אַ זאָג געטון:

— קום, שלמקה, דיך נעמען אין שול.

— מיך נעמען אין שול! — האָט דאָס קינד זיך געחידושט. אַ

פאַרדאכט האָט זיך דערוועקט אין אים, וויל ניט דער טאַטע רעדן מיט דער לערערין?

— איך גיי דיין וועג, דיך צופירן ביזן שול.

דאָס קינד האָט זיך באַרואיקט, כאָטש ניט געוועזן איבעריק צופרידן. גיין אין שול איז מיט חברים, ניט מיטן טאַטן. דער טאַטע האָט שוין געהאַלטן דעם קינדס הענטל, עס ניט אַרויסגעלאָזט ביז מ׳איז געקומען צום שול הויף.

— גודבאַי, פּאַ!

ווי האָט זיך עס אַרויסגעריסן דעם קינדס הענטל פון זיין האַנט? ברוך האָט א זוך געטון דאָס הענטל, א שפּאַן געטון, א הויב געטון דאָס קינד מיטביידע הענט אונטערן קינדס פּאכוועס, אַריינגעקוקט אין פּנימל, אַ דריק געטון צום ברוסט.

זיינע אויגן האָבן זיך פאַרקלעמט, די אָרעמס אַרום קינד זיינען געוואָרן לויזער. דאָס קינד האָט זיך אַרונטערגעגליטשט, אַרונטער־געפאַלן פון טאַטנס קערפּער, זיך אַ טרייסל געטון, אַ קוק געטון אויפן פאָטער: דער אַלטער איז . . . און זיך געלאָזט לויפן אין שול הויף.

אויפן וואשינגטאָנער בריק איז די באַוועגונג אנגעגאַנגען ווי געוויינליך. אַ סך אויטאָמאָבילן, ווינציק פוס גייער. ברוך האָט געזען די באַוועגונג אָבער זי ניט געפילט, די אַלע אויטאָמאָבילן, מענטשן האָבן זיך באַוועגט ערגעץ ווייט פון אים. דער אנזען פון אַ פּאָליסמאַן האָט אים געוואוירע געמאַכט אַז מענטשן באַוועגן זיך דאָ דערביי. מענטשן, אַ פּאָליסמאַן, זיי, ער קען נאָך . . . ווען מען גייט עס אָן? ברוך איז געגאַנגען פּאַמעליך, זיך אפּגעשטעלט, אַ קוק געטון אַרונטער צום וואַסער און זיך ווידער געלאָזט גיין, דאַן ווידער זיך אָפּגעשטעלט. די פּראַגער בריק . . . די ווייסל . . .

דאָס נאָטיץ ביכל! פאַרגעסן. ניט צעריסן, ניט פאַרברענט. ברוך האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט. ער האָט זיך איבערגעבויגן איבערן בריק און מיטן קאָפּ אַרונטער זיך אַרונטערגעלאָזט אין האָדסאָן, אין דער ווייסל, אין דער אייביגקייט.



# ת כ ר י כ י ם

לאָדזש אָדער ליצמאַנשטאַט, באַלוט איז געבליבן באַלוט און שאַיע שניידער — שאַיע שניידער.

אַרבעט — קיין שטאָך, סיידן דאָס צושטעכן די לאַטע, דעם מגן דוד אויפן אַרבל. באַדיר אַזאַ אָנשיקעניש. מיהאָט זיי אין דער אדמה. ער דאַרף עס די לאַטע מיזאָל אים דערקענען, אַז ער איז אַ ייד. געבנוג אַ קוק טאָן אויפן נאָז, אויפן פּנים, און, זאָל ער האָבן די ברכות, וואָס זיין נאָז, אַ האַרטע, אַ לאַנגע, געפעלט אים בעסער ווי זייערע פאַר־ריסענע נעזלעך. פון די האָר איז דאָך אָפּגערעדט. האָר. עפּעס אַ ביסל היי צי שטרוי, צוגעקלעפּט, איין ריס איז אויס קאָפּ האָר. זיינע האָר, געדיכטע, געקרויזטע, מיזעט ממש ווי זיי וואַקסן. ער שעמט זיך ניט מיט זיין יידישקייט. וואָס האָט ער זיך צו שעמען פאַר זיי, פאַר די רוחצים, פאַר די . . . ? פונדעסטוועגן דערקוטשעט זי אים, די לאַטע: גיי האָב אינזינען אַז דו טאָרסט נישט אויסטאָן דאָס רעקל, טאָרסט זיך ניט ווייזן אָן דער לאַטע. מישטיינס געזאָגט, וואו מיקען זיך שוין ווייזן. פאַרשפאַרט, אַ מויז אין אַ פאַסטקע. „אַמאָל" האָט מען נאָך געקענט אַרויסגיין, אַ זוך טאָן אַ שטיקל אַרבעט, אַ גוי, אַ שררה איז געקומען, אויב נישט באשטעלט אַ נייעם גאַרניטור, איז איבערניצעווען אַ מאַנטל, איצט, ניט אַרויס, ניט אַריין. און אינעווייניק, ווער דאַרף עס נייען, ווער? דאָס לעצטע העמד פון לייב פאַרקויפט מען פאַר אַ ריפטל ברויט, אַ קאַרטאָפליע. וואָסיט עס זיין? וואָסיט עס זיין? שיקט זיך עס אַז . . .

שאַיע שניידער וועט אַרויסגיין. ביינאַכט. שפּעט ביינאַכט. פינ־צטער — אָן אויג זיך אַרויסנעמען. גוט אַזוי. אין דער פינצטער גנבעט

ער זיך אַרויס אויף יענער זייט וואַנט. — ווער איז דאָרט? שטיי! אַניט שיס איך! — שאַיע פילט ווי די ביקס האָט זיך אַ וויג געטאָן פון דער לייבג אין דער ברייט, אָבער נאָך איידער יענער מאַכט אַ טריט, טוט ער זיך א וואָרף יענעם פאַר די פיס, טוט אים אַ כאַפּ אָן, וואַרפט אים אום, אַ ריס די ביקס, אַ זעץ איבערן קאָפּ . . .

די פינף און פערציק יאָר אויף דער אויסגעקייקלעכיקטער פלייצע האָבן פּאַמעלעך אָבער שווער אַ דריק געטאָן — שאַיע! צעלאָז זיך ניט אַזוי.

נו יאָ, זיי זיינען געזונט, אייזן, זיך באָרען מיט זיי, דאָס אפשר ניט, אָבער, אָבער . . . יהודה, דער לייב יהודה פון חומש, געדיינקט ער, האָט געהאַט אַזאַ האָר אויפן בויך, ווען ער האָט באַגעגנט אַ שונא, האָט די האָר זיך אויפגעשטעלט, געוואָרן אַ שפּיז און דערשטאָכן דעם שונא.

שאַיע שניידער האָט עס אַ שטאָך געטאָן ערגעץ אונטן אַזוי שאַרף אַז די פינגער האָבן זיך איינגעגראָבן, געקראַצט, געריסן, הנאה געהאַט פונעם קראַצן און געדאַנקט גאָט וואָס זי, חיה, זיין ווייב, זעט ניט. דערזעט זי, פּאַטשט זי אים איבער די הענט: שוין ווידער! מ'האָט דאָך דיר געזאָגט ניט קראַצן, מאַכסט נאָך ערגער, מאַכסטו.

אָנגעקראַצט זיך אַזש ס'איז וואָרעם געוואָרן דאָרט, האָט שאַיע שניידער איינגעלייגט יהודהס האָר אויפן בויך. מאָלע וואָס אין „חומש שטייט". ער האָט אָבער געלייענט אַמאָל, צי געהערט, וועגן דער טויבער היטל. די טויבע, צי די בלינדע? טויב, בלינד, וואָס איז די נפקא מינה? דער עיקר איז מ'טוט אָן אָט דאָס היטעלע, ווערט מען אַ רואה ואינו נראה. שאַיע טוט אָן אָט די היטל, גייט אַרויס פון טויער. ער זעט דעם סאָלדאַט מיט דער ביקס, דער סאָלדאַט אים, א פייג. צוגיין, אַרויסכאַפּן ביי אים די ביקס. ניין, וואָס טויג אים די ביקס? זייט נאָך קאַליע מאַכן. אים ווערט מען טאַקע ניט זען, ער טראָגט די היטל, די ביקס טראָגט דאָך אָבער ניט די היטל, מיט אַמאָל דערזעט מען אַ ביקס גייט. ניין, דאָס טויג נישט. אָן אַ ביקס. ער גייט גאַס איין, גאַס אויס, ער זעט סאָלדאַטן, אָפיצערן, אָט איז איינער, אַן אָפיצער, אפשר גאָר אַ גענעראַל, האָט אַזוי פיל מעדאַלן, גייט, וואַקלט זיך, שיכור אַפּנים, אין איין האַנט האַלט ער אַ רעוואָלווער און פּאַכעט

מיט אים: דערשיסן! יודע! אַזוי די מעשה? אַ כאַפּ דעם רעוואָלווער, אַ שאָס, דעם רעוואָלווער אַריינגערוקט אין קעשענע און ניטאָ אים. אנטלויפן? וואָס דאַרף ער אַנטלויפן? אַז מיזעט דאָך אים נישט. מענטשן הייבן זיך אָן צוזאַמענלויפן, רוקט ער זיך אָפּ אָן אַ זייט, מיזאָל אויף אים ניט אַרויפטרעטן, ער הערט דאָס פּייפעריי, זעט דעם געיעג און ער שמייכלט: לויפט, לויפט, יאָגט זיך, איריט מיך אַזוי כאַפּן ווי . . . צו אים אַליין דערשלאָגט ער זיך, לייגט אים אַוועק און אויס, פּטור. אים היט מען זייער שטאַרק. אַלץ הייסט היטן. פּאָרט אין אַ געפּאַנצערטן צוג, שלאָפט ס׳אַ סברה אין אַזאַ געפּאַנצערט בעט, אַז קיין קויל קען צו אים נישט צוקומען. עס נעמט אים גאָר קיין קויל . . . וואָסיט עס זיין? קען מען טאקע נישט . . . ? שיקט זיך עס אַז אַ וועלט מיט מענטשן, מילא זיי, די פּאָליאַקן, האָבן נישט געקענט, ניט געוואָלט, די כאָליערע ווייסט זיי, אָבער די פראַנצויזן, די ענגלענדער, און איצט די רוסן, עפּעס אַ קלייניקייט, מיליאָנען! מיליאָנען! עריט כאַפּן די מפּלה, דאָרטן וועט ער ברעכן דעם קאָפּ. ער גייט? זאָל ער גיין. עריט ברעכן די פּיס. זאָלן נאָר קומען די רעגנס, ווערן בלאָטעס, די פרעסט וועלן אַ כאַפּ טאָן . . . שוין באַלד אלול. אלול, תשרי, חשון. זאָל נאָר קומען דער מר חשון . . .

דער סקאסער פּאַס ליכט אין שאַיע שניידערס קעלערשטוב האָט זיך אַ וויג געטאָן, א בלענד געטאָן שאיען די אויגן. אַ פאַרחידושטער האָט ער אַ קוק געטאָן, דערזען, אינעם פּאַס ליכט האָט זיך געוויגט אַ וועלט מיט שטויבעלעך. ווי שפּעט איז עס שוין? מוז שוין זיין אַרום מיטאָג צייט. מיטאָג, מיטאָג . . . די אויגן האָבן אַ בלאָנדזשע געטאָן צום אויוון.

— זאָלסט מיר ניט אַרויסגיין פון שטוב! דו הערסט?

— וואָס זשע, האָסט מורא מיעט מיך אויסכאַפּן?

— הייבסט שוין אָן? זאָלסט זיך נישט דערוועגן אַרויסגיין פון יענער זייט טיר.

— אָט האָסטו דיר, פון יענער זייט טיר טאָר מען שוין נישט אַרויסגיין. אפשר זיך אנידערלייגן און שטאַרבן.

— כיעל פאַרשליסן די טיר. אויף מיינע נאמנות, כיעל פאַרשליסן.

— פאַרשליסן דעם אוצר, וועט זי פאַרשליסן. גיי שוין, גיי שוין.

כיעל נישט אַרויסגיין, אַז כיזאָג דיר כיעל ניש אַרויסגיין יעליך ניש אַרויסגיין.

נאָך אַ נס וואָס זי שלעפּט זיך אַרויס יעדן פרימאָרגן מיטן קוישיקל. קומט אַהיים, ברענגט זי אַ מאָל אַ שאָלעכץ פון אַ קאַרטאָפליע, אַ ביסל גרויפּן, אמאָל אפילו אַ שטיקל ברויט. ווען נישט זי . . . אָבער פאַר־רויכערן. דאָס האַרץ ציט אַזוי . . . כאַטש איין צי.

אַ בלינד, אויסגערונען אויג פונעם שטרוי זאַק האָט אַ וואונק געטאָן — שטעק נאָר אַריין די פינגער, גיב גוט אַ גראַב . . . שאַיע האָט שוין געפילט אין די פינגער די ווייכקייט פון דער צוגעפוילטער שטרוי, ער האָט שוין אָבער דערפילט דעם עסיקן רויך אין האַלדז. די שטרוי מיט באַבולע פּאַפּיר רייסן אים אויס די קישקעס. עריט זיך אַרויסכאַפּן אין דרויסן. עריט ווייט נישט גיין. טאַקע דאָ אין גאַס, אַמאָל געפינט מען אַ שטיקל. אַ פּאָר שוועבעלעך איז דאָ. מיעטיאָד אים נישט אויסכאַפּן.

שאַיע איז געשטאַנען ביי דער טיר, זיך איינגעהערט, די האַנט האָט גערוט אויף דער קליאַמקע. — טעפּ־טעפּ־טעפּ, — האָט טעמפּ אָפּגעקלאַפּט אין קאָפּ און דאָס האַרץ — טיאַך־טיאַך. צו אים? יאָ, אויף די טרעפּ שוין. ניט זי. איר טראָט קען ער. טאָ ווער קען עס זיין? פאַרשליסן. ניט אַריינלאָזן. עמיצער האָט אַ טאָפּ געטאָן די קליאַמקע. שאַיע האָט מיט דער ברוסט צוגעשפּאַרט די טיר, די פראַגע: ווער איידאָרט? איז דערשטיקט געוואָרען.

— שאַיע?

שאַיעס ברעמען האָבן זיך אַ הייב געטאָן, די ברוסט האָט זיך אָפּגעטיילט פון טיר, די האַנט אויף דער קליאַמקע גרייט צו עפענען און פאַרהאַקן נאָך שטאַרקער.

— שאַיע?

די אויערן האָבן אונטערגעזאָגט — אַ באַקאַנט קול, עפן אויף. שאַיעס האַנט האָט פּאַמעלעך געצויגן די טיר, איין אַקסל האָט זיך אַ צי געטאָן צו דער שמאָלער שפּאַרונע.

— יחיאלטשע?

יחיאלס אַקסל האָט זיך אַריינגעשניטן אין דער עפענונג, שאַיע האָט קוים געהאַט צייט אַ טראָט צו טאָן אָן אַ זייט, יחיאל איז שוין

געוועז אינעווייניק, זיינע אויגן האָבן אַ לויף געטאָן איבער דער קעלער־שטוב, ערשט נאָכדעם א קוק געטאָן אויף שאַיען. — קיינער נישטאָ?

— וואָסי? זעסטאָך.

— גאָרנישט. וואָס זאָל זיין? פאַרקייטלט. אַט אַזוי.

— פון וואַנעז קומסטו עס?

— פון וואַנעז? פון גאַס.

— כימיין . . .

— האָט אפשר אַ שוועבעלע?

יחיאל האָט אַרויסגענומען אַ טאַרבעלע טאַבאַק. מיט ציטערנדיקע פינגער האָט ער אויסגעוויקלט אַ שטיקל פאַפּיראָס פּאַפּיר, עס צוזאַמענגעלייגט אויף העלפט, איבערגעפירט דעם קנייטש איבערן צונג, צעטיילט אויף צווייען, איין העלפט דערלאַנגט שאַיען. גענומען שיטן אין פאַפּיראָס דאָס זאַמדיקע ביסל טאַבאַק, האָבן ביי שאַיען אָנגעהויבן ציטערן די פינגער. — וואַרט! יעסט פאַרשיטן. אַט אַזוי.

— איך זאָג דיר, יחיאלטשע, גאָט אַליין האָט דיך צוגעשיקט, — האָט שאַיע אַזש פאַרמאַכט די אויגן נאָכן ערשטן פאַרציען זיך מיטן שלונג רויך. — איך בין עס געשטאַנען ביי דער טיר און געטראַכט: וואו גייט מען אַרויס קריגן אַ שטיקל פאַפּיראָס? עס רעדט זיך אַזוי, אַ שטיקל פאַפּיראָס. שוין נישט פאַרזוכט קיין פאַפּיראָס, געדיינק שוין נישט די צייט, ערשט גאָט אַליין האָט דיך צוגעשיקט. ניט קיין שלעכטער טאַבעק. וואו האָסטו עס דערטאַפּט אַזאַ אוצר?

— געגנבעט.

— מיטאָר שוין נישט פרעגן?

— ענטפער איך: געגנבעט. וואָס קוקט איר אויף מיר? אייך געפעלט אויך נישט?

— כיעלטשע . . . !

שאַיעס האַנט אויף יחיאלס אקסל — אַ ברידערלעכע האַנט, וואַרעמט און שטאַרקט, שאַיעס קוק — אַ פאָטערלעכער — שיצט און שטראָפט.

יחיאל האָט אַרויסגעשטויסן אַ מויל רויך, אויסגעשפּיגן. — שיינדל די קורעלאַפּניטשקע, מיט אַמאָל געוואָרן אַ צדיקת, מיך געסטראַשעט, זייט מיך מסרן. אַ גוטע מכה איר אויפן צונג אויף אירן. זאָל זי. כיהאָב

זי אין דער ערד, מיט זיי אינאיינעם. נישט גיין אַרבעטן. איר הערט, שאַיע, כיעל נישט אַרבעטן!

יחיאל האָט זיך אַ זעץ געטאָן אויף אַ ביינקל אָן אַ װענטל. די פּלייצע האָט זיך אַ װיג געטאָן, דער קאָפּ האָט זיך אַרונטערגעלאָזט. אַ שױבער שװאַרצע האָר, איבער זײ האָט זיך געקרײזלט אַ גרױ בלױער רױך. דער רױך האָט זיך אַרומגעדרײט אַרום דער שטילקײט פֿון קעלער־שטוב, ביז געװאַגט זי אַנצורירן, שאַיע האָט פֿאַרגעסן צוטראָגן דעם פּאַפּיראָס צו די ליפּן.

— איך װיל שלאָפֿן, איך שטאַרב. — די װערטער זײנען אַרױס־געשפּרונגען פֿון יחיאלס אַרױפֿגעשטױסענעם פּנים. דער קלאַנג האָט אַ קער געטאָן שאַיעס קאָפּ, ער האָט דערהערט די רייד, דערזען יחיאלס פּנים. די שװאַרצע האַלבע רײפֿלעך אונטער די אױגן האָבן אױסגעצױגן די באַקן, דאָס פּנים, פֿאַרשאַרפֿט דעם קין, די אױגן . . . זײ געפֿעלן אים נישט. — נו, שפּאַר זיך צו, װער לאָזט דיך נישט? — האָט שאַיע זיך אַ לאָז געטאָן צום בעט אין װינקל. — לײג זיך צו, גײ. אָט אַזױ. טו אױס! טו אױס! — האָט ער גענומען ציען פֿון יחיאלן דאָס רעקל. יחיאל האָט זיך אַ זעץ געטאָן אױפֿן בעט, אָנגענומען אײן פֿוס, האַלטנ־דיק אים, פֿאַרקוקט צו שאַיען.

— גערופֿן זיך פֿאַרשרײבן אױף פֿעלד אַרבעט. זיך נישט געװיזן. װאָלט געגאַנגען. אָנװערן די שטינקעכץ דאָ? אָבער אַ מכּה. ביז אַרבעטן אױף זײ. נעלם געװאָרן. בײ דער קורעלאַפּניטשקע, האָט דאָרטן אַ לאָך אַ פֿאַרשטונקענע, זיך געװאַלגערט די טעג און בײנאַכט . . . איצט איז אַלץ אַ סחורה, די צרה איז דאָס אָפּזעצן, אַז בײטאָג טאָר מען נישט אַרױסשטעקן די נאָז. איז זי דאָס אַרױסגעגאַנגען מיטן קױשל . . . אָפּגעמאַכט — חצי חצי. געזען זי באַגנבעט מיך, זיך נעמט זי די סמעטענע, פֿונדעסטװעגן געשװיגן. אַ ברירה? ערשט זי האָט גענומען באַלעבאַטעװען איבער מיר אָט װי איך װאָלט געװען איר . . . אַזױ די מעשה? האָב איך איר דערלאַנגט אַ חלק. האָט זי מיך גע־סטראַשעט, זײט מיך מסרן, װעט זי מיך. כיהאָב זי אין דרערד, האָב איך זי. איר לינקן אױער װעט זי זען? אַזױ װעט זי מיך זען. כיעל זיך אַרױסגנבענען, שאַיע! כיעל זיך אַרױסגנבענען. צו זײ דאָרט . . .

— גרינג צו זאָגן. אפשר פריער, איצטער . . . זיך פאַרשפּרייט ווי אַ צרעת, ווי אַ שרפה, צו ווייט . . .

— ברענען זיי ווי אַ ליכט. כ׳וועל זיך אַרויסגנבענען!

איין שוך האָט אַ פאַל געטאָן צו דער ערד, דער צווייטער, איידער די פיס האָבן זיך נאָך אַריינגעקליבן אין בעט איז שוין דער קאָפּ געליגן איינגעזונקען אין קישן, אין שלאָף.

פון יחיאלס איינער באַק האָט אַרונטערגעשריען דער חושך פון זיין גאַנצן פּנים, דער ווייסער פלעק האָר אויפן שלייף איז געשפּרונגען שאַיען אין פּנים אַריין: ווייס! ווייס! שאַיע האָט שיר נישט אַ טאָפּ געטאָן מיט אַ פינגער אָט דעם ווייסן פלעק. אפשר טאַקע אויסגעשמירט. שיקט זיך עס, ער, יחיאלטשע, זיין שניידער ייִנגל, דאָך באָך אַ שנעק. ווי אַלט קען ער זיין? זיבעצן, העכסטנס אַכצן, און אַ . . . גנב . . .

שאַיע איז אָפּגעגאַנגען פון בעט, געמאַכט אַ פּאָר טריט, זיך אומגעדרייט, געבליבן שטיין, געקוקט אויף יחיאלטשען, זיין שניידער ייִנגל, געזען אים און אויך זיין פּראַימען, וועמען מ׳האָט אַוועקגעשלעפּט אויף צוואַנג אַרבעט. געווען צוויי קאַרטלעך, איצט, שוין אַ חדשים דריי ניט געהערט. ווער ווייס . . . שאַיע האָט געגומען אַרומגיין. „אַ מכה. נישט אַרבעטן אויף זיי״. פּראַים האָט געוואָלט? פון שטוב אַרויסגעשלעפּט. און אַזוי אָ? עריט אַריינפאַלן, וועט ער . . . „זיך אַרויסגנבענען, צו זיי דאָרט . . .״

נאַכט. אַ רעגן גיסט. יחיאל גייט פאַראויס, זען קען אים שאַיע נישט, ער פילט אים אָבער ווי ער גייט פאַראויס און שאַיע מאַרקירט אַריינצושטעלן זיינע פיס אין יחיאלס פיס טריט. נאַס. רעגן? שווייס? די פיס זינקען אין בלאָטע, איין פוס — ניט אַרויסצושלעפּן. יחיאלטשע! כיעל! כי . . . — שטיי! —

שאַיע האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן, אַ קער געטאָן דעם קאָפּ. דער שלאָפנדיקער יחיאל האָט זיך געוואָרגן מיט אַ געשריי, דאָס מויל אָפן און דאָס געשריי בויטעט זיך דאָך אין אַ . . . צונגלאָזן מויל. — יחיאל! כיעל! — שאַיע האָט אים אַ טאָרע געטאָן. יחיאל האָט זיך אַ דריי געטאָן, געבליבן שטיל, ווייטער געשלאָפן. שאַיע איז געשטאַנען, געשאָקלט מיטן קאָפּ, אָפּגעגאַנגען פון בעט, די הענט פאַרלייגט אויף

הינטן, גענומען אַרומשפּאַנען. וואָסיט זיין? וואָסיט זיין? „ניט אַרבעטן אויף זייי". ווי לאַנג אַז ער האָט שוין ניט געזען אַ שטאָך אַרבעט? פאַרגעסן ווי צו האַלטן די שער, די הענט זיינען שוין . . .

שאַיע האָט אַ ריב געטאָן די הענט, די אויגן האָבן זיך אַ ווענד געטאָן צום אויוון, צום שאפּקע. צום ווילפלטן מאָל דערזען אַ גלאָז, אַ שאַל, אַ טעלער, ריין, ליידיק. דאָס מויל האָט אַ ציאַמקע געטאָן, דער־פילט אַ שווערן צונג, אַ ליימענעם טעם. פאַררויכערן. פאַר־רויכ־ערן!

דער קאָפּ וואָס האָט נאָר וואָס געהאָט אַריינגעקוקט אין „פּוסטן אָרון קודש" האָט זיך אַ דריי געטאָן, די אויגן האָבן אַ בליק געטאָן אויפן שלאָפנדיקן יחיאל און גלייך אַ שפּרונג געטאָן צו יחיאלס רעקל, דאָס פּעקעלע טאַבעק — אַ באַרג, ניט צו פאַרזען. שאַיע האָט הילכיק פאַרקלאַפּט דאָס טירל פון שאפּקעלע, איין שפּאַן געטאָן. יחיאל האָט זיך נישט אויפגעכאַפּט. שאַיע האָט גענומען גיך שפּאַנען, דאָס פּעקל טאַבעק האָט אים נאָכגעיאָגט, יחיאלס רעקל האָט זיך נאָכגעשלעפּט.

די אויגן זיינען געווען געריכט צום שלאָפנדיקן יחיאל און די פינגער האָבן זיך געשלייכט אין קעשענע פון רעקל, אנגעטאַפּט דאָס פּעקעלע, אַרויסגעצויגן. שנעל, שנעל האָבן די פינגער געוויקלט דעם פּאַפּיראָס, אַריינגעשטעקט דעם פּאַפּיראָס צווישן די ליפּן. דאָס פייער פונעם אויף צווייען געשפּאַלטענעם שוועבעלע האָט זיך געטוקט אין דער דלאָניע, שאַיע האָט פאַררויכערט, זיך פאַרצויגן און פאַרגעסן ווי ער האָט דעם פּאַפּיראָס געקראָגן, דער רויך האָט זיך געקרייזלט און שאַיעס מחשבות האָבן זיך נאָכגעקרייזלט.

איינגעשפּאַרט. אין א שטייג. אַז מיקען זיך ניט אַ ריר טאָן. ווען ער קען אַרויסגיין. פון יענער זייט, דאָרטן זיינען דאָ אַזוי פיל מענטשן, געהאַט אַזעלכע רייכע קונדן, זיינען זיי איצט אויך ניט רייך, אָבער אַלץ ניט אַזוי ווי דאָ, אַ שטאָך אַרבעט איז דאָך ניט צו קריגן, סיידן תכריכים. אפילו דאָס נישט. אַזוי פיל לוויות אַז מיהאָט מתיר געווען באַגראָבן אָן תכריכים. וואָס מענטשן צעשטאָרבן . . . ! שמשון אהרן לייבס, ציפּע די בעקערין, מענדל דוד איטשע מאירס . . . אַ שרעק, אַ שרעק. וואָסיט עס זיין? וואָסיט עס זיין? עפּעס מוז דאָך . . . „כיעל זיך אַרויסגנבענען" . . .

פינצטער, חושך. ער און יחיאל.שוין אויסגעפּאָרן אויף וויפל

פויערישע וואָגנס, איצט גייען זיי אָן אַ זייט פון שליאַך, ערגעץ דאָ ניט ווייט דאַרף זיין . . . אָן דאָרטן זעט זיך אַ פייערל . . . וואָס קען עס זיין? שיקט זיך עס, שוין . . . ? זיי שטעלן קעצישע טריט, אָט־אָט . . . מיט אַמאָל דערפילט ער עמיצער לויפט נאָך, ער הערט שוין ניט דאָס לויפן, דאָס סאָפּען הערט ער, און געמעגט שווערן . . . שטיי! שטיי! וואַרט! וואַרט, זאָג איך דיר! — חיה! ווי קומט זי? ווי האָט זי? . . .

דער פּאַפּיראָס איז געבליבן רוען צווישן די צוויי פינגער, ניט דער־גרייכנדיק די ליפּן, שאַיעס אויגן האָבן זיך געצויגן אויף אַרויף, די אויערן, האָט ער געפילט, ציען זיך אויך, הערן זיך איין, הערן זיך שטאַרק איין און זיי דערהערן . . . חיהס טריט. יאָ, דאָס איז זי. אירע טריט. אָט איז זי שוין ביי די טרעפּ, איין טרעפּל, צוויי . . .

זיך באַהאַלטן! אַ לויף טאָן איר אנטקעגן, וואָרענען זי, יחיאלטשע איז דאָ, ער שלאָפט. צו שפּעט. חיהס קוישיקל האָט אַ שטופּ געטאָן די טיר, געעפנט, זי האָט זיך אַריינגעשטעלט, פאַרהאַקט די טיר הינ־טער זיך. יחיאל האָט זיך א צאַפּל געטאָן, אויפגעשפּרונגען פון בעט. חיה, שאַיע און יחיאל זיינען אַלע געשטאַנען, דער רויך פון שאַיעס פּאַפּיראָס האָט זיך געקרייזלט, געוויקלט זיך אַרום שאַיען, אים געבונדן הענט און פיס, אים פאַרשטעלט דאָס מויל, די אויגן. — געפּאַקט! גנב! געגנבעט אַ פּאַפּיראָס, אַריינגעגנבעט אַ פאַרשוין אַ גנב און געוואָלט זיך אַרויסגנבענען אינגאַנצן, אַנטלויפן. גאַ־נעוו!

חיה האָט אויפגעבונדן שאַיען — זע נאָר! ניט דערקענט! סיקאַצל קומט! ווי קומסטו אַהער?

— ער איז אַריינגעפאַלן. געווען שלעפעריק, אים אויסגעגאַנגען דאָס חיות, אים געהייסן זיך צושפּאַרן, — האָט שאַיע גערעדט פאַר יחיאלן, געקוקט אָט אויף חיהן אָט אויף יחיאלן מיט אַ שולדיקן קוק: זייט דיר גאָרנישט טאָן, אָבער דו מיר אויך ניט . . . פאַר אָט דעם אַ . . .

דאָס שטיקל פּאַפּיראָס האָט שוין געבריט זיינע פינגער. ער האָט פאַרשטיקט דאָס פייער, צעריבן דאָס שטיקל צווישן די פינגער. חיה האָט אַוועקגעשטעלט דאָס קוישיקל, זיך נאָך אַ מאָל אומגעקוקט, יחיאל

האָט אַ צי געטאָן די הענט אויף אַרויף, אַ ריב געטאָן דעם פּנים, אויס־געשטרעקט איין האַנט צום רעקל.

— וואוהין איז? — איז שאַיע אונטערגעשפּרונגען.

— נעמען אַ פּאַפּיראָס.

שאַיע האָט אַרונטערגעלאָזט די אויגן, דערזען יחיאלס באָרוויסע, ברודיקע פיס. ער האָט אַ שפּאַן געטאָן צו חיהן, געסודעט עפּעס, חיה האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. — געמעגט לאָזן דיין רויכערן אויף שפּעטער, נאָכן עסן.

— עסן! ווער וויל עס עסן?

חיה'ס קוק — וואָס רעדט דער מענטש? — קוקסט מיר אויס ווי נאָך אַ לאַנגן תענית.

— קיין תעניתים פאַסט איך נישט, חיהשע. שלאָפן, דאָס, זעט איר, איז שוין . . .

— גיי וויס. שלאָפן. — חיה האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסל, זיך גענומען פאַרען, שאַיע האָט פאַרטרויט יחיאלן אַ וויכטיקן סוד — דריי קאַרטאָפל האָט זי געבראַכט, און אַ ביסל גרויפּן. יאָ, יאָ, אַ ביסל גרויפּן, ווי איך בין אַ ייד. יעסט עסן מיט אונדז. סיי ווי נאָך גרויסער טאָג . . . דיר געבן אַ שוועבעלע? וואַרט, אָנצינדן דעם אויוון וועסטו שוין פאַררויכערן.

— ווילט?

— ניין, אַ דאַנק, — האָט שאַיע פאַרשעמט געענטפערט. — זעסטו, נאָכן עסן . . . ווייסט, אַז מיעסט אָפּ, מאַכט נישט אויס וואָס, אָבער נאָכן עסן האָט דער פּאַפּיראָס אַן אַנדער טעם. ניט אזוי?

יחיאלס שמייכלענדיקע אויגן האָבן צוגעשטימט. ער האָט גענומען אַרויפציען די שיך און אין די טיף ברוינע, שיר ניט שוואַרצע אויגן, האָט זיך צעשפּילט אַ שמייכל — דאַרפן קריגן . . . אַ שטיקל זייף.

דאָס שטיקל זייף האָט אַרויסגעפירט יחיאלן אין גאַס . . . אים געבראַכט צוריק צו שיינדל דער קורעלאַפּניטשקע, אים ווידער אַרויס־געיאָגט פון דאָרט . . . שאַיע האָט דערווייל זיך דורכגערעדט מיט דער ווייב. — געווען ביי ברײַנדלען?

— געווען.

— נו?

—נו. נו. נוקעט!

הייסט עס, ניטאָ קיין ידיעה פון פּראָימען. ווער ווייס . . .שאַיע וויל נישט טראַכטן. — נו, וואָס האָסטו געהערט, געזען?

— געזען. וואָס זעט מען? לוויות.

— ווער געשטאָרבן?

— ווער געשטאָרבן? איך ווייס ווער? צוויי לוויות. ווער געווען דאָ?

— דאָ? קיינער נישט. ווער האָט צו זיין? כיעל, זעסטיאָך.

— כיזע שוין. וואָס טוט ער?

שאַיע האָט אַ מאַך געטאָן מיט די אויגן — פרעג נישט איצט און חיה האָט אין דער הויך אַ זאָג געטאָן: — באַגעגנט איצי טאָב־דייטניק, האָט ער מיר געזאָגט די קהילה רופט שניידער.

יחיאל האָט א הויב געטאָן דעם קאָפּ. — שניידער? — האָט שאַיע אויסגעשריען. — די קהילה רופט שניידער? וואָס דאַרף די קהילה שניידער?

— אַזוי האָט ער מיר געזאָגט. די קהילה האָט גערופן אַלע שניי־דער פון שטאָט אויף מאָרגן אינדערפרי.

— די קהילה שניידער? — האָט שאַיע איבערגעהזרט, — וואָס דאַרף די קהילה שניידער? סיידן תכריכים נייען. דו ווייסט עפּעס דערפון?

יחיאל האָט א דריי געטאָן מיט די אַקסל, ניט ער ווייס, ניט ער האָט צו טאָן מיט שניידעריי.

— אפשר וואָלט איך צוגעגאַנגען אַ פרעג טאָן?

— וואוהין ווערסטו גיין? אָט איצטער אָ? דאָך שוין באַלד נאַכט. דיר געזאָגט, אויף מאָרגן אינדערפרי. מאָרגן, מירצעשעם, וועסטו גיין. נעם גרייט בעסער צום טיש.

יחיאל האָט זיך געקווייקלט, זיך געשוואָרן ער איז נישט הונ־געריק. שאַיע איז צוגעשטאנען ער מוז עסן און וואוהין איילט ער זיך? דאָך נאָך גרויסער טאָג . . . .

יחיאל איז געבליבן עסן. דער איינער מאָלצייט, געגעסן אַרום דריי־פיר בייטאָג, האָט מכפר געווען פאַרן אָנבייסן, געדינט פאַר מיטאָג און שוין בייגעשטאנען פאַר אַ וועטשערע. שאַיע האָט זיך גאָרניט

געקענט אָפּלויבן פון דעם קרופּניק, אַזוי געשמאַק, געמעגט שווערן מיט אַ ביין, א פּעטן ביין האָט חיה אים אויסגעקאָכט. ביין? טאָ פון וואַנען קומען די אויגן? צו דערזען די „אויגן" אינעם קרופּניק האָט מען געדאַרפט האָבן שטאַרקע אויגן גלעזער, אָבער שאַיען האָט אַזוי פאַר־שמעקט דאָס געקעכץ אַז ער האָט געזען אויגן און געוועזן אַזוי באַרע־דעוודיק אַז חיה האָט פאַרזאָרגט אַ קוק געטאָן אויף אים — עפּעס איז ער איר . . . האָט עס ניט צו טאָן מיט אים, מיט דעם כיעלן?

— זאָגסטו מאָרגן אינדערפרי ביי דער קהילה? — האָט ער איבערגעפרעגט נאָך אַמאָל.

— וואָס אַ שטייגער קענען זיי דאַרפן שניידער? האָ?

— יעסט גיין, יעסטו זען.

— דו גייסט?

— איך? — אינעם טאָן פון יחיאלס פראַגע האָט זיך געהערט: איך? וואָס האָב איך צו טאָן מיט שניידער? איך פאַרנעם זיך מיט . . .

— כיווייס נישט. זען מאָרגן.

— קום צו. אויב ניט צו דער קהילה, טאָ קום צו אַהער. יעסטו קומען?

יחיאל האָט מיט אַ האַלבן מויל צוגעזאָגט, זיך געזעגנט מיט חיהן, איר געדאַנקט פאַר דער וועטשערע, אנגעבויגן דעם קאָפּ און אים אַרויסגערוקט אין דרויסן. אויף די טרעפּ האָט ער אָנגערוקט דעם דאשעק און שנעל אַ שפּאַן געטאָן.

געבליבן אויג אויף אויג, האָט שאַיע איבערגעגעבן חיהן וועגן יחיאלן. חיה האָט פאַרזאָרגט אויסגעהערט. — אַזוי הייסט עס? און וואו איז ער'ס איצט אַוועקגעגאַנגען? כימיין וואויט ער נעכטיקן?

— נעכטיקן. מירעדט און מירעדט און מישושקעט זיך. די נעכט . . . די נעכט . . . דאַרף ער ניט, כימיין ביינאַכט איז ער דאָך . . . אויף, בייטאָג, בייטאָג דאַרף ער שלאָפן.

— טאָ פאַרוואָס האָסטו אים נישט געזאָגט ער זאָל קומען אַהער?

— וואָס הייסט ניט געזאָגט? האָסטיאָך געהערט! אים געזאָגט ער זאָל קומען צו דער קהילה, אויב ניט דאַרטן זאָל ער קומען אַהער. און די קהילה דאַרף שניידער. ווער ווייס? אפשר . . . וואָס זאָגסטו?

— וואָס ווייס איך? ס'וואָלט נישט געשאָדט מ'זאָל אַריינקריגן

אַ ביסל אַרבעט. זיך הײנט אנגעגאַנגען אַ טאָג, די פּיס זײַנען בישט מײַנע.

— לײג זיך צו.

— נײן, כ׳על זיך זעצן צײלן די פּערל.

קײן ליכט האָט מען ניט אָנגעצונדן. פינצטער געװאָרן האָבן מאַן און װײב זיך אַרײנגעלײגט אין דער אײנציקער בעט, אין װינקל פון קעלערשטוב.

— אַי, װען איך קען אויספּאַרען די פּיס. גוט אויספּאַרען. כ׳װאָלט זיך מחיה געװען.

— טוען דיר װײ?

— װײ. מיגײט זיך אָן דעם טאָג װערן די פּיס װי קלעצער. אָט דאָ, בײ די ליטקעס.

שאַיע שנײדער האָט אנגעטאַפּט דעם פּלאַץ װאו חיה האָט אָנגעדײט, געטומען גלעטן דעם פּלאַץ, צעגלעטן דעם װײטיק פון די פּיס, געגלעט װײטער, העכער — פאַרגלעטן דעם װײטיק, די חרפּה װאָס זי, אַ יידענע, גײט אום, דאַביװעט דאָס ביסל עסן און ער, דער מאַן . . . זאָל ער נאָר מאָרגן זײן בײ דער קהילה דאָרט, קריגן עפּעס אַרבעט, װעט זי שוין ניט דאַרפן זיך אַרומשלעפּן גאַנצע טעג מיטן קאָשיקל. שאַיע שנײדער װעט איר נאָך װײזן ער איז אַ מאַן, קען געבן עסן זײן װײב, שאַיע שנײדער איז נאָך אַ מאַן . . .

(2)

— זע נאָר, ער איז דאָ! װאו ביסטו געװען? דאָך געטרײסלט די שטאָט נאָך דיר!

יחיאלס אײן אויג האָט אויפגענומען שאַיע שנײדערס פּנים, דאָס צװײטע אויג האָט זיך געקאָסעט אין דער ריכטונג פון דער בעט, איבערשנײדנדיק די רוקנס פון די פרעמדע פאָר מענטשן, זײַנע אויערן האָבן קוים פאַרנומען שאַיעס רײד, אויסרופן. די גריבער אונטער די אויגן, דאָס פינצטערע פּנים, דאָס װילד שװאַרץ בערדל און, דער עיקר, דער דינער, לאַנגער, האַלדז זײנער, װאָס אָט אָט בײגט ער זיך אײן, דער קאָפּ װעט זיך אַרונטערלאָזן צו אײן אַקסל אָדער גאָר אַרונטער־

בייגן זיך צו דער ברוסט, האָט אפגעשטעלט שאַיע שניידערס הילכיקן ברוך הבא. די אויערן פון דער שער האָבן זיך אַרונטערגעגליטשט פון די פינגער, שאַיע איז אפירגעגאַנגען פון שנייד־טיש צו יחיאלן:

— ווילסט זיך זעצן אַרבעטן?

— איך וויל . . . שלאָפן!

די ווערטער זיינען אַרויסגעקומען אַזוי שטיל און אַזוי דייטלעך אַז שאַיע האָט זיי דערפילט אויף זיין פּנים. נאָך דייטלעכער האָט ער דערזען יחיאלס פּנים, זיין קוק וואָס האָט צווישן די ווערטער א בלאָנדזשע געטאָן איבער די פרעמדע דאָ אין שטוב. דער קוק האָט געזאָגט: איך ווייס ניט וואָס ביי אייך טוט זיך דאָ, ווער אָט־די מענטשן זיינען, אָבער מיר גייט איצטער גאָרניט אָן, איצט וויל איך שלאָפן! שלאָפן! אַרויסגעזאָגט מיטן מויל, נאָך מער מיט די אויגן, האָט יחיאל זיך אַ וואַקל געטאָן. שאַיע האָט אַ דערשראָקענער א שפרונג געטאָן, אונטערגעשטעלט אַ דלאָניע אונטער יחיאלס עלנבויגן. — נו גיי, שפּאַר זיך צו. לייג זיך. — שאַיע האָט, אונטערשפּרינגענדיק געמאַכט אַ וואָרע, אויסגעשניטן א זיג־זאַג צווישן שנייד טיש, ניי מאַשין און ביינקלעך, געפירט יחיאלן צום בעט, אים באַלייגן. יחיאל האָט זיך אַ זעץ געטאָן אויפן בעט, דער אויבערשטער האַלבער קערפּער האָט זיך אַ וויג געטאָן. ווען שאַיע איז אפּגעגאַנגען פון בעט איז יחיאל שוין געשלאָפן.

שראַגעס שוואַרצער קאָפּ האָר האָט ווי פריער זיך געטרייסלט ביים קעפּל פון דער ניי מאַשין, פייגעס פינגער האָבן פלינק באַוואָרפן דעם זוים פון אַ סאָלדאַטישן מונדיר, שאַיע איז שוין געשטאַנען ביים טיש מיט דער שער אין האַנט, איבער דעם געשטעפּ, געניי און שניט האָט אָבער געשוועבט דער שלאָף, יחיאלס שלאָף. דער שלאָף האָט זיך געשלייכט הינטער שראַגעס רוקן און שראַגע האָט שטאַרקער געדרייט מיט די פיס, געיאָגט די מאשין, געיאָגט אָט יענעם שלאָף, געטריבן; דער שלאָף האָט זיך געפּלאָנטערט צווישן פייגעס פינגער און זי האָט ראפּטאם געריסן די נאָדל אויף אַרויף, געצופּט דעם פאָדעם וואָס האָט זיך פאַרפּלאָנטערט; אין דעם שלונג פון דער שער האָט זיך אַוועקגעשטעלט דער שלאָף, ניט געלאָזט שאַיען זי פאַרמאַכן.

אַ וואָך צייט זינט שאַיע שניידער האָט, אויפן אויפטראָג פון דער קהילה, גענומען נייען מונדירן פאַר דער דייטשישער אַרמיי. די גאַנצע

אַרבעט — איין אָפּפּאסטעניש נאָך אַ לאַנגן אַרבעט תענית. ער האָט ניט געקענט זיך אנזעטיקן מיט אַרבעט, אפילו עסן, דאָס ערשטע שטיקל ברויט אין משך פון וואָכן, איז ניט געווען אַזוי באַטעמט ווי די אַרבעט. פון באַגינען ביזן אָוונט האָט ער אַרומגעטאַנצט פון שנייד טיש צו דער אייבציקער מאַשין, צו שראַגע דעם שטעפּער, פּייגע דער בייטאָרין און ס׳האָט זיך אים אַלץ געדוכט שראַגע שטעפּט ניט, פּייגע בייט ניט, ער אַליין שניידט ניט גיך גענוג, און אין אָוונט, ווען הענט און פיס זיינען ביינערלאָז געלעגן אויפן בעט, ער האָט זיי ניט געקענט אַ ריר טאָן, האָט דער קאָפּ נאָך אַלץ ניט געלאָזט רוען: וואו נעמט מען נאָך אַ מאַשין, נאָך מאשינען, נאָך אַרבעטער, עריט צושטעלן אַרבעט פאַר אַלעמען. ווען ער קען קריגן אַ מאַשין צום שניידן. אַניט איז דאָס געוואַנט? האָלץ איז עס! דער שוואַרץ יאָר ווייסט זיי. דריי מאָל אַ טאָג דאַרף ער שאַרפן די שער. ווען ער קען כאָטש קריגן אַ מעסער, אַ שוס־טערשן מעסער, שניידן עטלעכע לאָגן אויף אַ מאָל, ניט ווי מיט דער שער. חיה האָט צוגעזאָגט קריגן אַ מעסער, זי האָט אפילו גערעדט וועגן נאָך אַ מאַשין קריגן און שאַיע האָט געפיבערט — שניידן! נייען!

חיה האָט אפּגעטראָגן די ערשטע פאַרטיקע אַרבעט, געקראָגן איר שפּייז קאַרטל, געקראָגן איר שטיקל ברויט, ביסל קאַרטאָפל און אַ פּאָר קרישטאַלעכלעך סאַכאַרין. מעשה סוחרטע האָט זי איין קרישטאַלעכל סאַכאַרין גלייך אויסגעביטן אויף אַ ביסל זאַלץ, פאַרזעצט די שאָלעכץ פון די קאַרטאָפל וואָס זי וועט אפשיילן פאַר אַ ביסל גרויפּן און צוזאַמענגעשטעלט אַ מאָלצייט אַז ס׳איז אַזש וואַרעם געוואָרן אין אַלע גלידער. אין קעלערשטוב איז ליכטיקער געוואָרן, שאַיע האָט געגעסן, זיך געקוויקט, איבערן שטיקל ברויט געמאַכט שהחינו, אָבער נאָך איידער ער האָט אָפּגעווישט די וואָנצעס איז ער שוין געשטאַנען ביים טיש, די שער אין האַנט, דער פּאַפּיראָס האָט, אַ פאַרלאָשענער, גערוט, אויף דער אונטערשטער ליפּ. אפילו אינעם פּאַפּיראָס האָט ער פאַר־געסן. האָט ער מיט אַ וואָך פריער שטיקלעך געקליבן? האָט ער „געטרייבערט" דעם מאַטראַץ, געראָיכערט שטרוי מיט באַבולע פּאַפּיר? אַרויס פון זיכרון, ער האָט עס ניט געזען, ער האָט אפילו ניט געזען די דייטשן, וואָס וועלן טראָגן די מונדירן, וואָס ער האָט געשניטן, געניית, ער האָט געזען — סחורה, אַרבעט.

אַזוי ביז יחיאלס אַרײַנקומען. זײַן „איך וויל שלאָפן", זײַן שלאָפן איצט דאָ אין בעט, זײַנע צעוואָרפענע הענט, צעשפּרייטע פיס — דאָס האָט ער צענומען די הענט, ברייט פאַנאַנדערגעשפּרייט די פיס: שטיי, שאַיע! וואָס יאָגסטו אַזוי? זעסטו, שאַיע, דאָ אַ מענטש, וואָס . . . אַרבעטן אויף זיי? אַ מכה!

שאַיע האָט זיך געכאַפּט ער שניידט ניט. ער האָט פאַרקלעמט די אויערן פון דער שער, אַ בליק געטאָן אויף די אַרבעטער, „דערזען" אויך זיי בייען נישט ווי עס דאַרף צו זײַן, האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער שער, גענומען שניידן שנעל, שנעל, זײַן שנעל שניידן האָט ער געפילט, גיט זיך איבער די אַרבעטער און ער האָט געפּרוּווט שניידן נאָך שנעלער, האַסטיקער, ער האָט אָבער געפילט יחיאלס שלאָף וויקלט זיך אַרום זײַן האַנט, וויקלט זיך, וויקלט זיך, נעמט זי איין, אָט־אָט שטעלט זי זיך אָפּ אינגאַנצן.

שאַיע האָט דערפילט חיהס קוק גלײַך ווי זי איז אַרײַנגעקומען, דערזען ווי אירע אויגן האָבן אַ שפּרונג געטאָן צום בעט, פון בעט צו אים און מיט אַ קוק געענטפערט: פרעג נישט! חיה האָט נישט געפרעגט, אויף איר שטערן האָט זיך געשאָטנט פאַרדרוס: אָט דער יחיאל . . . וואָס טוט ער דאָ? פאַרוואָס שלאָפט ער? ניכאיבי וואָלט ער זיך געזעצט אַרבעטן. זי האָט דאָך געקראָגן אַ מאַשין.

— שאַיע! — זי האָט אַ וואונק געטאָן צו איר מאַן. דער וואונק — אַ רמז אויף אַ סוד. וויל זי אים פאַרטרויען עפּעס אַ סוד, אָדער וויל זי דערגיין דעם סוד פון יחיאלס שלאָפן? ניט גערן האָט שאַיע זיך אַרויסגעשאַרט פון הינטערן טיש. אַ פּליסטערן, און שאַיע האָט זיך דערוואוסט חיה — זײַן חייטשע! — קען קריגן אַ מאַשין! מידאַרף זי אַ ביסל צופאַרריכטן, אָבער אַ מאַשין. אויף פּראַקאַט. קיינער טאָר אָבער נישט וויסן. דערבײַ האָט זי שוין אַ פרעג געטאָן אויף יחיאלן, צי וועט ער זיך זעצן אַרבעטן. שאַיע האָט אַ קער געטאָן דעם קאָפּ צום בעט, איבערגעטראָגן זײַן בליק איבער די רוקנס פון די אַרבעטער און אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסל: זאָל מיך אַזוי וויסן . . . וואָס האָסטו געבראַכט? — חיה האָט געפּרוּווט פאַרשטעלן. צו שפּעט. איר סוד, זי וועט דערלאַנגען צום טיש די זופּ מיט אַ פּאָר ביינדלעך אינעווייניק, איז אויסגערונען. זי האָט געזען ווי שאַיעס אויגן זײַנען גרויס געוואָרן,

זיין מויל האָט זיך אַן עפן געטאָן, האָט זי אַ לייג געטאָן איר האַנט צו זיין מויל ער זאָל חלילה ניט אויסשרייען. — גיי! גיי דיר צו דיין אַרבעט. דערלאַנגען צום טיש, וועסטו . . . — פול מיט סודות איז שאַיע צוריקגעגאַנגען צום שנייד טיש און דאָס ערשטע מאָל אין די לעצטע עטלעכע טעג געאַרבעט אומגעדולדיק, געוואָלט דער טאָג זאָל זיך שוין ענדיקן, שראַגע און פייגע זאָלן אַוועקגיין, ער וועט זיך זעצן עסן, אַ . . . זופּ מיט ביינער! ווי לאַנג שוין אַז ער האָט ניט געזען קיין פלייש, קיין ביין? שוין . . . און עריט אויפוועקן אים, יחיאלן, עריט עסן מיט זיי, ביים עסן אַ רעד טאָן מיט אים.

אויפגעריסן פון שלאָף, אויפגעזעצט זיך אויפן בעט, האָט יחיאל אַ פּיר געטאָן מיט דער האַנט איבערן פּנים, אַ ריב געטאָן. אָפּגעריבן דעם שלאָף, האָט ער אַ קוק געטאָן, אַ בלינצל געטאָן מיט די אויגן און אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסל, דער פּלייצע.

— מיר גייען צום טיש, — האָט שאַיע אויפגעראַמט אַ זאָג געטאָן. די פּאָר ביינדלעך דאָרטן אין טאָפּ האָבן פאַרשאַרפט זיין הונגער און אויך דעם פאַרגעניגן — באַלד וועט ער פאַרזוכן אַ . . . ביין, ער האָט אים שוין געסמאַקעט, זיך פאַסמאַקעוועט און געוואָלט אויך מהנה זיין יחיאלן.

— איך וויל זיך אַרומוואַשן.

אין יחיאלס „איך וויל" איז געווען עפּעס אַזוינס וואָס האָט געזאָגט „איך מוז". ער האָט פריער אַרויסגעזאָגט „איך וויל שלאָפן" און שאַיע האָט דערזען יחיאל מוז זיך לייגן שלאָפן, איצט האָט ער דערפילט יחיאל מוז זיך אַרומוואַשן.

— נו גיי, וואַש זיך, ווער לאָזט דיר ניט? גיי. אָט איז וואַסער. די שיסל. חיה, וואו איז די שיסל?

חיה האָט אַ וואָרף געטאָן אַ זייטיקן בליק אויף יחיאלן, אויף איר מאַן. — וואָס פאַדעט ער אַזוי אַרום אים? — זי האָט דערלאַנגט די שיסל, אַנגעגאָסן וואַסער. יחיאל האָט אַרונטערגעצויגן דאָס רעקל, די העמד, אנטבלויזנדיק דעם רוקן, די ברוסט. חיה האָט זיך פאַרקוקט. כלומרשט ניט געזען. ווען יחיאל האָט אָבער געפּרואווט גרייכן מיט זיינע הענט דעם רוקן, אַרומוואַשן, האָט זי אַ לייג געטאָן די סטירקע

וואָס זי האָט געהאַלטן אין האַנט, אַ וויש געטאָן די האַנט אָן פאַרטוך, זיך אומגעדרייט און אַ זאָג געטאָן: לאָז!

איין האַנט אויף יחיאלס נאַקן, האָט זי מיט דער צווייטער האַנט געריבן יחיאלס פּלייצע, געריבן מיט אַ וויכעט, געוואַשן, מאַמיש ברוגז־לעך געבורטשעט: נישקשהדיק אנגעקליבן, און ווידער געריבן, גע־וואַשן.

יחיאל איז שוין ניט געווען דער אכצניאָריקער בחור, דער . . . גנב, אפילו ניט דאָס לערן ייִנגל, ווען זי האָט אַמאָל, מיט אַ יאָר זעקס צוריק, אויך געצוואָגן, געוואַשן, עס איז איר אייגענער פּראַים, ווען זי וואַשט אַרום. יחיאל האָט זיך ניט געריכט אויף דעם „אָנפאַל״. ביים ערשטן באַריר פון חיהס האַנט האָט זיין נאַקן זיך געשטייפט קעגן איר האַנט, וואָס ווייטער זי האָט געוואַשן אַלץ נאָכגיביקער איז ער געוואָרן, געדרייט, געקאַרטשעט דעם רוקן, אויסשטעלנדיק ניַיע פּלעצער צום וואַשן, רייבן, אַ הונט, ווען דער באַלעבאָס קראַצט דעם האַלדז און ער דרייט זיך, רייבט זיך אָן באַלעבאָס קני.

אויסגעריבן דעם רוקן, אַרומגעווישט זיך, האָט יחיאל דערפילט אַ משא איז אַרונטער פון זיינע פּלייצעס. ווען ער קען זיך אויסטאָן אינגאַנצן, זיך גוט, גוט אַרומוואַשן, זיך אויספּאַרען . . .

— נו, וואָס שטייסטו? קום צום טיש! — האָט אים שאַיע גערופן.

אויף איר וועג פון טיש צום אויוון האָט חיה זיך אָנגעטראָפן מיט יחיאלס קוק און אַ זאָג געטאָן: ער איז דאָך שענער געוואָרן! אויף מיין וואָרט . . .

אַ פאַרשעמטער האָט זיך יחיאל געלאָזט צום טיש, זיך אַוועק־געזעצט.

שאַיע האָט געשקראַבעט מיטן לעפל דעם דעק פון שיסעלע און זיך גאָרנישט געקענט אפּלויבן פון דער זופּ. אַזוי געשמאַק, אַזוי . . . דאָס ביינדל צווישן די פינגער, די ליפּן האָט זיך געפלאָנטערט אויף צווישן די רייד. ער האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן. — זאָג מיר, איך בעט דיך, ווי האָסטו געקראָגן דעם אוצר?

— אָט באַלד וועל איך דיר דערציילן, — חיה האָט געשמייכלט. זי האָט געזען דעם קצב, אפילו דאָס שטיקל פלייש וואָס זי וועט נאָך קריגן און איר שמייכל איז געוואָרן נאָך סודותפולער. שאַיע האָט

געגריזשעט, געסמאַקעט דאָס ביינדל און עס איז געווען ניט סתם אַ טרוקן ביינדל, עס איז געווען אַ דראַינערונג פון פלייש, אָט די דער־אינערונג האָט ער געוואָלט איינהאַלטן, זי אויך באַהאַלטן אויף שפּעטער.

— איצט, ווען דו דערלאַנגסט נאָך דאָס געשמאַקע גלעזל ציקאָריע, מיטן גוטן שטיקל פּיינקוכן . . .

— אַנדערש ניט געוואוינט . . .

— כימיין, אַז יום טוב . . . — זיינע בורשטינענע אויגן האָבן געשפּילט, די אויסגעהוילטע ערד קאָליר באַקן האָבן זיך גערויטלט.

— אַ יום טוב אויף אים.

— איז ניט קיין גלעזל ציקאָריע, איז אַ גלעזל טיי. וואָס זאָגסטו, כיעל?

חיה האָט דערלאַנגט צוויי גלעזער וואַסער פאַרזיסט מיט סאַכאַרין און שאַיע האָט פאַרזוכט, זיך געקוויקט. — אויך נישט שלעכט. וואַרעמט אין בויך, אַ פאַרגעניגן. — צווישן איין זופּ און צווייטן האָט שאַיע געוואָרפן אַ קוק אויף יחיאלן, אפשר אַ רעד טאָן מיט אים מכוח אַרבעטן, געזען יחיאל איז געווען פאַרטיפט אין זיין גלאָז און שאַיע איז געווען צופרידן, וואָס יחיאל האָט דערווייל ניט געכאַפּט זיין קוק: עפּעס פעלן אים ווערטער. אויסגעטרונקען די גלעזער וואַסער, האָט שאַיע דערזען יחיאלס האַנט האָט זיך אַ שאַר געטאָן, די אויגן האָבן אַ זוך געטאָן דאָס רעקל. שאַיע האָט אויף גיך אַרויסגענומען אַ פּעקעלע טאַבעק, פּאַפּיראָס פּאַפּיר, אַרויסגענומען אַ ביסל טאַבעק פאַר זיך און אַ שאַר געטאָן דאָס פּעקעלע צו יחיאלן. יחיאלס אויג האָט זיך אַ קאסע געטאָן צו שאַיען.

— נישט קיין שלעכטער טאַבעק, — האָט שאַיע א זאָג געטאָן. דער ציגאַר טוטין, „אַרויסגענומען“ ביי יחיאלן פון קעשענע, ווען יענער איז געשלאָפן, האָט זיך אַ דריי געטאָן אין דער לופטן, פאַרשוואונדן. שאַיע האָט אפּגעצאָלט, חלילה נישט שולדיק געבליבן. איצט קען ער רעדן. — נו?

יחיאל האָט פאַרצויגן דעם רויך, אַרויסגעלאָזט, זיך „איינגעהערט“ צום רויך אינעווייניק, זיך צוגעקוקט צום רויך, וואָס ער האָט אין אַ דין שטראָמעלע אַרויסגעלאָזט פון מויל, צו די צוויי רויך־פּעכערס,

וואָס האָבן זיך פאַרשפּרייט פאַרן נאָז און אַ זאָג געטאָן: נישט שלעכט. וואָס קאָסט עס?

— אַ זלאָטע. דאָס האָט זי מיר געבראַכט. הערסט, יחיאל, ווען ניט זי . . . געדיינקסט, ביסט געוועז דאָ, זי איז געקומען, געזאָגט די קהילה דאַרף שניידער? זיך געחידושט: וואָס דאַרף די קהילה שניי־דער? סיידן תכריכים נייען. ערשט איך קום צוגיין צו דער קהילה, אַ־ל־ע שניידער פון שטאָט זיינען דאָ. הערסט־אַך, תכריכים טאַקע, נאָר פאַר זיי . . .

יחיאל האָט שאַרף אַ קוק געטאָן אויף שאַיען.

שאַיע האָט מיט הנאה א ווייז געטאָן אויפן שנייד טיש. — זעסט אָט דאָס אָ? דאָס איז תכריכים. פאַרשטייסטו מיך . . . — שאַיע האָט אַ וואָרף געטאָן אַ בליק צו דער טיר, אַ נייג געטאָן דעם קאָפּ צו יחיאלן און געגומען סודען — ער האָט געמיינט, עריט אַריין אין רוסלאַנד, איינס־צוויי פאַרטיק ווערן, און אויס. בליץ. בליצט אָבער נישט. איצט האָבן מיר שוין אלול אַ דאַנקען גאָט און ס׳איז נאָך אַלץ נעכטיקע טעג. דאַרפן ווינטער האַלטן דאָרט. און אַז גאָט וועט געבן עס וועלן זיך אָנהויבן די רעגנס, מיט די שנייען, מיט די פרעסט, מיט די זאַווערוכעס, דאַן וועט ער קריגן דעם ריכטיקן באַגראָב. דאָרטן וועט ער באַגראָבן ווערן.

— דערווייל באַגראָבט ער אונדז און מיר דערלאַנגען אים דעם רידל.

שאַיעס קאָפּ האָט אַ שפּרונג געטאָן אויף צוריק, אָט ווי יחיאל וואָלט זיך פאַרמאָסטן אים דערלאַנגען אַ פּאַטש אין פּנים. פאַר אָט דעם פּאַטש האָט ער מורא געהאַט, דעם גאַנצן טאָג, די גאנצע צייט.

— מיר העלפן אים! רעדסט־אַך ווי אַ . . .

— און וואָס איז דאָס? — יחיאל האָט אַ ווייז געטאָן אויף דער שטיק געוואַנט אויפן שנייד טיש.

— דאָס רופסטו אָן געהאָלפן?

— וואָס איז דער חילוק צי מ׳לייגט אַ שאָסיי, אָדער מ׳נייט מונדירן?

דאָס מאָל האָט יחיאל שוין ניט דערלאַנגט קיין פּאַטש, נאָר אַ

שטאָך געטאָן, אַ שטאָך געטאָן טיף, א שטאָך אין האַרצן. זיין פּראַים האָט זיך א שטעל געטאָן צווישן אים און יחיאלן.

— איך פרעג דיך, וואָס איז דער חילוק? שטעל זיך פאָר, איך וויל ניט נייען. שטעל זיך פאָר, איך, הונדערטער אנדערע שניידער נעמען זיך צונויף און זאָגן: מיר ווילן ניט נייען. דו שטעלסט זיך עס עפּעס פאָר? זיי וואָלטן דאָך אונדז אויסגעקוילעט אינמיטן טאָג. אינ־מיטן העלן טאָג וואָלטן זיי אונדז אויסגעשאָסן. דיר איז גוט. האָסט קיין קינד, קיין רינד, קיין . . . גאָרניט, קענסט זיך זיין אַ נעלם . . .

יחיאל האָט מיט אמאָל דערזען שיינדל די קורעלאפּניטשקע ווי זי איז אים נאָכגעגאַנגען דעם ערשטן טאָג, וואו ער איז געגאַנגען איז זי אויסגעוואַקסן. זי האָט ניט געמסרט, דאָס האָט ער געזען, פּאַרקערט, ער האָט געזען, זי וויל זיך איבערבעטן, נייך, ניט איבערבעטן, איר קוק — אַ קאַץ אויף סמעטענע . . . אַזאַ אַלטע פּאַדלע . . . אים איז נישט גוט געוואָרן, אַנטלאָפן אויפן בית עולם, דאָרטן זיך געוואַלגערט טאָג און נאַכט, אָבער אפילו דאָרט לאָזט מען ניט צורו בייטאָג, איין לוויה נאָך דער צווייטער. גרינג צו זיין אַ נעלם . . . שיינדל די קורעלאַפּ־ניטשקע, דער בית עולם, שאַיע. ער הערט אים ריידן ווי פון וויטן.

— . . . אַן עדה יידן קען זיך ניט אויסבאַהאַלטן. פון די הייזער, פון די קעלערן וואָלט מען זיי אַרויסגעשלעפּט און זיי געהייסן גראָבן זייערע אייגענע קברים. שפּילסט זיך מיט די רוצחים. און וואָס וואָלט מען אויפגעטאָן? אים געהאָלפן אונדז אויסקוילען. אַז דאָס וואָס ער וויל! אויסראָטן וויל ער אונדז. און איך זאָג דיר, מירין אים נאָך איבער־לעבן. יאָ, אַז מירין לעבן, וועלן מיר זיי נאָך איבערלעבן. שוין געזען זיי. דו געדיינקסט עס נישט. ניט פאַר דיין צייט. וואַרט, ווי לאַנג איז עס שוין? אַ יאָר פינף און צוואנציק. איך בין דאַן געווען אָט אַזאַ בחורל ווי דו. ווי אַלט ביסטו? אַכצן? נו יאָ, אַכצן, צוואנציק. כ׳געַ־דיינק עס נאָך ווי היינט, ווי זיי זיינען אַריינגעקומען, געגומען באַלע־באַטעווען. יענע זיינען געווען אַ גאָלד קעגן די, די זיינען דאָך פּשוט רוצחים. אָבער אפילו דאַן, גענומען באַלעבאַטעווען, זיך צעלייגט ווי ביים טאַטן אין וויינגאָרטן, און האָסטו באַדאַרפט זען, ווי זיי האָבן נאָכדעם גענומען שטעלן פיס! אַנטלאָפן, קיין זכר פון זיי ניט געבליבן. וואָס דאַרפסטו מער? פון ניקאָלאַיען, אים זאָל עס אַרויסוואַרפן און

היטלערן אַריינוואַרפן, פּטור געוואָרן פון אים. פון זיי אויך פּטור ווערן. דאָרטן וועלן זיי באַגראָבן ווערן. איך בין אַזוי זיכער אין דעם אַט ווי איך זיץ דאָ מיט דיר. אַז מירין לעבן וועלן מיר דערלעבן.

— פון אייער מויל, ווי זאָגט מען, אין גאָטס אויערן.

— פּטור ווערן. פּטור ווערן. ס'איז אַ סברא . . . — שאַיע האָט ווידער גענומען סודען. — סיקומען שוין אָן טויזנטער פּאַרוואונדעטע, טויזנטער און טויזנטער . . . ! דאָס האָט מיר חיה דערציילט, געהערט אויפן מאַרק. אין די טויזנטער! אַהיים שיקט מען זיי ניט, מיהאָט מורא, מיוויל ניט מיזאָל וויסן, באַשטאַט מען זיי דאָ. היינט וויפל געהרגעטע? איך זאָג דיר . . .

יחיאל האָט דערזען טויזנטער סאָלדאַטן אין מונדירן. די סאָל־דאַטן האָבן זיך אַרויסגעצויגן פון די מונדירן, געבליבן בלויז מונדירן, איין מונדיר. ער טוט אים אָן, גייט אַרויס אין שטאָט, פון שטאָט, גייט אַוועק אהין . . .

— צייט מאַכן נאַכט, — האָט חיה באַפעלעריש אַ זאָג געטאָן. יחיאל האָט עס אָנגענומען, דאָס מיינט מען אים, ער זאָל אַוועקגיין. ער האָט זיך אויפגעשטעלט. די טונקעלע ליכט אויפן טיש האָט טיפער געמאַכט די טונקלקייט אין דער גאַנצער קעלערשטוב, ער האָט ניט געקענט זען די טיר, ער האָט דערזען דעם בית עולם . . .

שאַיע האָט זיך אויך אויפגעשטעלט. — קענסט זיך אויסבעטן אַט דאָ אַ, — האָט ער אָנגעוויזן אויפן שנייד טיש.

— איך . . .

— אָדער, מיקען צושטעלן ביינקלעך צו דער וואַנט. אַרויפלייגן אַט דאָס אַ, — האָט ער אָנגעוויזן אויפן קלעצל געוואַנט, — זיין אַ גוטער געלעגער. טו אַ נעם, — האָט ער צוגעפירט יחיאלס האַנט צום קלעצל געוואַנט.

יחיאל האָט אַ נעם געטון דאָס געוואַנט פּאַרטוכל, עס אַרונטער־געלאָזט.

— האָסט עפּעס פאַר אים צוצודעקן זיך?

— צודעקן זיך? — חיה האָט גענומען באַקוקן די בעט אַט ווי זי וואָלט זי ניט געהאַט געזען פריער און באַטראַכט, וואָס קען זי אַרויס־נעמען פון דאָרט צו געבן יחיאלן פאַר אַ צודעק. מער ווי איין קאָלדרע

איז דאָרטן ניט געווען, סיידן די צעריסענע אַלטע קאָלדרע וואָס ליגט איבערן צעריסענעם שטרוי זאַק. זי האָט גענומען ציען אָט די קאָלדרע.

— מידאַרף ניט! — האָט זיך יחיאל אַ ריס געטאָן, — איך . . .

— נאַר, ביינאַכט איז שוין קאַלט, —האָט שאַיע שוין געטיקעט די קאָלדרע יחיאלן. יחיאל האָט דערפילט די קעלט פונעם . . . בית עולם, האָט מיט פרעמדע הענט איבערגענומען די קאָלדרע פון שאַיען, אַ קוק געטאָן איבערן קעלער און אַ זאָג געטאָן: כ׳על זיך אויסבעטן דאָ אָ.

— אויף דער ערד גאָר!

— יסאַרט אייך. אויסבעטן אַ געלעגער אַז . . . — ער האָט אַ הייב געטאָן דאָס קלעצל געוואַנט, עס איבערגעטראָגן אין ווינקל, געטאָן אַ שפרייט אויס איין לאָג, א צווייטע, א דריטע. — דאָס איז די איבער־בעט, — האָט ער שמייכלענדיק אַ זאָג געטאָן.

— דאָס איז דער צוקאָפּנס, — האָט ער אָנגעוויזן אויפן שטיקל אויפגעוויקלטן געוואַנט, — איצט די קאָלדרע. אַ געלעגער, אויפן קייסער געזאָגט געוואָרן!

שאַיעס אויגן האָבן געשמייכלט. ער האָט געוואונען. אויב יחיאל איז איצט ניט אַרויסגעגאַנגען . . . וועט ער מאָרגן זיך זעצן אַרבעטן.

יחיאל, אין אַ סאָלדאַטישן מונדיר, אַליין אויפגעגנייט טאַקע דאָ ביי שאַיען, גייט איבערן שטאָט, אַרויס פון שטאָט, זעצט זיך אַרויף אויף אַ באַן, ניין, אַ באַן ניט, אויף אַ פּויערישער פור, איין פור, אַ צווייטע, איין דאָרף, אַ צווייטער, שטעט מיידט ער אויס, ביז ער קומט . . . דאָרטן גייט ער אַרונטער, קערט אָפּ פון גלייכן וועג, גייט איבערן פעלד, גייט, גייט . . . אַ גרוב. דער בית עולם! ער רייסט זיך אַרויס פון דעם . . . קבר, לויפט, לויפט . . . פאַלט אַריין . . . איין פוס יחיאלס האָט אַ דריגע געטאָן. יחיאל האָט זיך אַ צי געטאָן, זיך איינגעהערט, שטיל. שאַיע און חיהס אָטעמען האָט זיך געהערט. — שלאָפן שוין, — האָט יחיאל באַשלאָסן און זיך איבער־געדרייט אויף אַ זייט, איינגעשלאָפן.

אינדערפרי האָט ער זיך געזעצט אַרבעטן.

(3)

די שער אין שאַיעס האַנט איז געבליבן מיט אַן אָפענעם מויל, שאַיעס אויגן, ברייט פאַנאַנדערגעעפנט, זיינען פאַרגליווערט געוואָרן: וואָס טוט דאָ דער יוון? וואָס וויל ער? וועמען דאַרף ער? אי־ים?

די שער האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון האַנט, טעמפ אַ פאַל געטאָן צום געוואַנט, די האַנט האָט זיך אַ צי געטאָן צו דער מאָס, זי אַ שלעפ געטאָן פון ברוסט, נאַקן און זי געשפּאַרט אין דער הויזן קעשענע אַריין, שאַיע האָט זיך גענומען אַרויסשאַרן פון הינטערן טיש. — פראים? זאָל דאָס זיין? יתור! — האָט שאַיע דערהערט, און די פּאָר שטיקלעך, די עטלעכע פאַסן וואָס זיינען איבערגעבליבן . . . יחיאל האָט אָנגעוויזן אויף איציע דעם פאַרבער, ער „נעמט אָפּ“, פאַרבט איבער, פאַרקויפט צו קירזשנער, חיה האָט עס . . . דער יחיאל, אַ בראָך זאָל אויף אים קומען, און חיה . . .

חיה האָט דערלאַנגט דאָס רעקל, געהאַלטן די אַרבל, שאַיעס הענט האָבן באַין אופן ניט געקענט טרעפן אין די אַרבל. שאַיע האָט זיך אַ דריי געטאָן, געפּרואווט אַ ריס טאָן דאָס רעקל, חיה האָט עס פאָרט אַרויפגעצויגן אויף אים און אַ זאָג געטאָן שטיל און שאַרף: איך גיי מיט. שאַיע האָט אַ דריי געטאָן דעם קאָפּ. — בלייב! יכ׳יעל ניש קומען אין אַ . . . דריי שעה אַרום, לויף אַוועק צו דער קהילה. — דער סאָלדאַט האָט געמאַכט אַ ווארע פאַר שאַיען, מיליטעריש זיך אַ דריי געטאָן אויף די קנאַפּל און גאָרניט מיליטעריש זיך איינגעבויגן אַרויסצוקריכן פון קעלערשטוב. חיה איז נאָכגעגאַנגען. זי איז געשטאַנען אויפן לעצטן טרעפל אין דער הויף פון קעלערשטוב, דעם זעלנערס פּלייצע — אַ באַרג, הינטערן באַרג פאַרגייט די זון, זעצט זיך, זעצט זיך, אַ דין שטרייפל, פאַרשוואונדן . . . אַ קרענקלעכע רויטקייט, בלוי, גרוי . . . זי האָט שווער אַרונטערגעשפּאַנט די טרעפּלעך צוריק אין שטוב אַריין. די צוויי מאַשינען האָבן געגייט . . . ערגעץ ווייט אַוועק, די צוויי שטעפּער שראַגע און יחיאל — שאָטנס, פייגע, — אַ ליאַלקע וואָס וואַרפט מיט איין האַנט אַרויף און אַראָפּ. פראים . . . שאַיע . . .

— אפשר ווייסט איר?

די ווערטער האָבן זיך געקוילערט אין דער קעלערשטוב, זיך צוגע־קאַטשעט צו יחיאלס מאַשין. — מסתמא דאַרפן זיי עפּעס. — האָט ער אַריינגעזאָגט אין מאַשין קעפּל, די ווערטער האָבן זיך אנגעקלאַפּט אין מאַשין קעפּל, זיך אָפּגעקלאַפּט און אַ קלאַפּ געטאָן אין חיהס אויערן. דאַרפן עפּעס. וואָס קענען זיי דאַרפן פון שאַיען? פּראים . . .

שאַיען האָט מען געדאַרפט. ליוטענאַנט ערייך ריטטערהאפער האָט געדאַרפט אַ נייע אויסשטאטונג. הויך, גוט געבויט, מיט אַ שיינעם קאָפּ שטרוי־בלאָנדע געכוואַליעטע האָר, גרוי־בלויע אויגן און אַ „רוימישן" נאָז האָט עריך ריטטערהאָפער געשמט אין זיין רעגימענט פאַר דעם דאמען ליוטענאַנט. ער האָט געוואוסט ער איז אַ שיינער, הנאה געהאַט דערפון און געהאַלטן, אַז שיינקייט מוז מען אָפּהיטן אפילו אין פעלד. יעדע קונסט בילד מוז זיך האָבן איר ראַם. ליוטענאַנט ריטטערהאפער האָט מקפּיד געווען אויף זיינע קליידער. ער האָט געקענט געגוג פּרויען, האָט זיי געזען אָנגעטוענע, אויסגעטוענע, האָט געוואוסט, אייניקע פּרויען מוזן האָבן קליידער צו פאַרדעקן זייער מיאוסקייט, אַנדערע פּרויען מוזן האָבן קליידער צו אַנטפּלעקן זייער שיינקייט. יאָ, קליידער קענען אנטפּלעקן שיינקייט, דאָס האָט ליוטענאַנט ריטטערהאפער גע־וואוסט און אנגעמאָסטן עס ניט נאָר אויף פּרויען, נאָר אויך אויף זיך. זיינער אַ גאַרניטור דאַרף זינגען! איינע פון די אומבאַקוועמלעכקייטן פונעם איצטיקן קריג איז פאַרן ליוטענאַנט געווען דער מאַנגל אין קליי־דער. אַן אָפיצער זאָל מער ניט האָבן ווי צוויי גאַרניטורן? איין גאַרניטור, טאַקע אַן אַלטער, האָט ער געפּטרט אין פעלד, אַ שראַפּנעל שפּליטער האָט צעריסן דעם גאַנצן . . . הינטן. די וואונד, ניט געגוג ערנסט אים אַרויסצושלאָגן פון די רייען, ניט געגוג ווירדיק צו קריגן אַן אויס־צייכענונג, אפילו ניט אנשטענדיק געגוג דערציילן עמיצן, אָפּגערעדט פון ווייזן, דאָך געגוג געשעדיקט אים צונעמען פון פראָנט, אים איבער־פירן אין אַ שפּיטאָל, און, דער עיקר, צו קריגן אורלויב. אור־לויב! זיין אין דער היים! אין געזעלשאַפט, ניט די געזעלשאַפט פון ליצ־מאַנ־שטאָט! אָבער ווי ווייזט מען זיך אין געזעלשאַפט אין אַזאַ אָפּגעטראָ־גענעם גאַרניטור? די אַרבל אויסגעריבן, די קעשענעס אויסגעטריפּעט, דער הינטן גלאַנצט. וואָס איז ער? אַ באַנק אָנגעשטעלטער? ער מוז האָבן אַ נייע אוניפאָרם. מיהאָט אים פאָרגעלייגט אַ גאַרניטור פון אַ

חבר אָפּיצער וואָס איז . . . ניט צוריקגעקומען. פאַרשטייט זיך, ער האָט עס צוריקגעוויזן. ליוטענאַנט ריטטערהאַפּער וועט ניט אַרויפּציען אויף זיך עפּעס פון יענעמס פּלייצע. ליוטענאַנט ריטטערהאַפּער דאַרף האָבן אַן אייגענעם גאַרניטור, ספּעציעל געמאַכט פאַר אים, פונעם בעסטן שניידער, ניט דעם רעגימענט שניידער, און איז דער בעסטער שניידער אַ ייד מיטן נאָמען שאַיע פּעדערגרין, זאָל דער ייד קומען.

שאַיע איז געקומען, געבליבן שטיין מיט דער היטל אין האַנט, מיט איין קוק באַנומען דעם הויכן אָפּיצער, אין קאָפּ אַ שנעלע שקלא וטריא: אַ מענטש? אַ רוצח?

— דער שניידער?

די מאָס ביי שאַיען אין הויזן קעשענע — אַ פאַרטייעטע שלאַנג וואָס האָט זיך אַ ריר געטאָן. אָט דאָס הייסט עס. ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ, פרייער אַ קוק געטאָן.

— אַ גוטער שניידער?

— איך מאַך אַ גוט שטיקל אַרבעט.

חשיבות, שיר ניט שטאָלץ אין די ווערטער. די חשיבות איז געפעלן דעם ליוטענאַנט. ער האָט אַפּירגענומען אַ פּעקל סחורה, אַ רוף געטאָן שאַיען. שאַיע האָט אַ ריב געטאָן די סחורה צווישן צוויי פינגער — אַ פיין שטיקל טוך! — ליוטענאַנט ריטטערהאַפּערס דינע ליפּן האָבן זיך אַ צי געטאָן, ביי די מויל ווינקלען האָבן זיך געוויזן צוויי בערגלעך. פיינע סחורה. געוויס. ער האָט עס געקראָגן! די פראַגע איז צי קען דער שניידער מאַכן דעם גוטן גאַרניטור פון אָט דער גוטער סחורה. — איך מאַך אַ גוט שטיקל אַרבעט. — דאָס מאָל האָט שוין דער שטאָלץ אַרויסגעסטאַרטשעט פון דער חשיבות. יידישע חוצפּה. די בערגעלעך ביי די מויל ווינקלען פאַרשווינדן, די דינע ליפּן קלעפּן זיך אָפּ איינע פון דער צווייטער, א דין שפּעלטעלע, פון דאָרטן זייט זיך אַרויס: געדיינק, ייד. דער גאַרניטור וועט ניט פּאַסן וועל איך פון דיר פּאַסן שניידן.

— אַ רוצח, — באַשליסט שאַיע, ער דערנעענטערט זיך פונדעסט־וועגן צו אָט דעם רוצח, מוז דאָך נעמען אַ מאָס. שאַיעס פינגער ביי ריטטערהאַפּערס נאַקן — אַ פינגער אויף אַן עלעקטריש קנעפּל, אַ

שטראם האָט דורכגעריזלט דעם רוקנביין, דער שטראָם ווערט אָפּגע־
שטעלט פון שאַיעס צוויי פינגער טאקע אויפן רוקנביין, ביי דער טאַליע,
זיי גראָבן זיך איין דאָרט, לאָזן ניט דעם שטראם ווייטער לויפן, דערפאַר
ווען די צוויי פינגער טיילן זיך אָפּ דערפילט דער ליוטענאַנט, ער איז
באַפרייט געוואָרן. ניט פריי. דעם יידנס פינגער אויף זיין אָרעם, אונטער
דער פּאכווע . . . ליוטענאַנט ריטטערהאָפער דאַרף זיך איינהאַלטן ניט
אַ מאַך צו טאָן מיטן אָרעם, אַ שאַר טאָן אָט דעם געקרויזטן קאָפּ. ווען
אָט דער יידישער קאָפּ בייגט זיך איין, דעם יידנס פינגער קריכן אַרונ־
טער אונטער דער דיך, גראָבן זיך איין ד אָ ר ט ן, טוט זיך ליוטענאַנט
ריטטערהאפערס קני א בייג, דערלאַנגט אַ שטורך שאַיע פעדערגרין
אין האַרצן. שאַיע האָט זיך אַ וואַלגער געטאָן אויף צוריק, געבליבן
האַלב ליגנדיק אויפן הינטן, דעם קאָפּ אויפגעהויבן, איין ברעג פון דער
מאָס איז געבליבן אין דער עפענונג צווישן זיין גראָבן פינגער און האַנט,
דער צווייטער ברעג לעבן די פיס פונעם ליוטענאַנט. דער ליוטענאַנט
האָט אַ שאַר געטאָן מיט אַ פוס, אַ שפּאַן געטאָן. שאַיע האָט זיך אויפ־
געהויבן.

— נאָ! — האָט דער ליוטענאַנט אַ וואַרף געטאָן די צעריסענע
פעלד הויזן, — מעסט! — און זיך אָפּגעקערט.

שאַיע האָט אויסגעמאָסטן, פאַרצייכנט, געבליבן שטיין אַ שווייגנ־
דיקער.

— פאַרטיק? נעם און גיי.

שאַיע האָט גענומען דאָס פעקל, זיך פאַרנייגט, אָבער ניט ווי־
צום אַרויסגיין.

— וואָס אַזוינס?

— פאָדעם.

— פאָדעם?

— פאָדעם. צום נייען. — שאַיע האָט אַ מאַך געטאָן מיט די
פינגער אויף אַרויף, אַ נאָדל צי. ליוטענאַנט ריטטערהאפער האָט זיך
געכאַפּט אַז אַלץ האָט ער גענומען — צייג, קנעפּ, אקסלבאַנדן, נאָר
ניט קיין פאָדעם. אים גאָרניט איינגעפאַלן אַז . . .

— אַ שניידער האָט ניט קיין פאָדעם?

— פאָדעם האָב איך, פאַר מונדירן, סאלדאַטישע, פאַר דעם אַ,

פאַר אָט דער סחורה דאַרף מען האָבן פּ אָ ד ע ם . . . — דאָ האָט שוין שאַיע א ריב געטאָן מיט די פינגער, — פּאָדעם, געלט.

דער ליוטענאַנט האָט אַ טאַפּ געטאָן אין קעשענע, אַרויסגעצויגן אַ פּאַפּירל, א וואָרף געטאָן. שאַיע האָט זיך אנגעבויגן מיט אַ זייט, איין אויג פאַרקוקנדיק צום ליוטענאַנטס פוס, אויפגעקליבן דאָס פּאַפּירל און ווידער געבליבן שטיין.

— וואָס איצט?

— זאָל איך קומען אַנמעסטן?

— געוויס. אין דריי טעג מוז עס זיין פאַרטיק.

— אַ פּאַסיר־שיין.

— האַ?

— אַ שיין צו גיין אַהיים איצט, אויף קומען מעסטן.

דער ליוטענאַנט האָט אַריינגערופן דעם סאָלדאַט, אים באַפוילן גיין מיט שאַיען, קריגן פאַר אים די נייטיקע „פּאַפּירן".

די אלול זון האָט געלויכטן, געוואַרעמט, שאַיע האָט זי ניט געזען, געפילט. ער האָט געזען די שטאָט. לאָדזש. אָט אַזוי האָט ער דערזען לאָדזש מיט דרייסיק יאָר צוריק, ווען ער איז צום ערשטן מאָל געגאַנגען פון וואקזאַל. דאָ איז . . . דאָ איז . . . דאָס פּעקל אונטערן אָרעם האָט אים דערמאָנט . . . חיה! דריי שעה, האָט ער איר געזאָגט. גיכער! גיכער! אַ זיצנדיקע גויע מיט אַ קוישיקל פלוימען ביי אירע פיס איז אויסגעוואַקסן, אפגעשטעלט זיין שנעלן גאַנג. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר: פון וואַנען האָסטו זיך גענומען? זי האָט אויף אים אַ קוק געטאָן: ווי קומסטו אַהער? די פלוימען, באַלעמס פון אַ קונצנמאַכער, האָבן גענומען טאַנצן אַרויף און אַראָפּ צווישן די פיר אויגן, זיך געהייבן, אַרונטערגעלאָזט, ווידער זיך געהייבן, דאַן געבליבן רוען.

— פינף גראַשן. אָבער שנעלער! — האָט די גויע אַ זאָג געטאָן, זיך אומקוקנדיק אין אַלע זייטן. דאָס פּאַזיטל אין קעשענע איז געקראָכן שאַיען אין האַנט אַריין, ער האָט עס אָפּגעשאַרט, אָנגעטאַפּט מטבעות, באַצאָלט די פינף גראַשן, די גויע האָט אויף גיך איבערגעקערט דאָס מעסטל פלוימען צו שאַיען אין רעקל קעשענע. שאַיע האָט אַוועקגעשפּאַנט, ער האָט זיך אָבער אומגעקוקט אויף צוריק און אָט דער קער פון קאָפּ האָט אים דערמאָנט: שאַיע! פלוימען! פ ל ו י מ ע ן! ער

האָט גנבהש אַריינגעשטעקט די האַנט צו זיך אין קעשענע, אַרויסגעצויגן אַ פלוים, אין דער באַהעלטעניש פון דער דלאָניע זי באַטראַכט און אַ לייג געטאָן די דלאָניע צום מויל. ווען דאָסביינדל האָט זיך גענומען אַרומשאַרן ביי די ציינער, האָט ער עס אַרויסגענומען, די פינגער האָבן זיך אַ ישוב געטאָן און עס אַריינגעלייגט אין דער קליינער קאַמזויל קעשענע. אין שאַיעס אויגן האָט אויפגעפינקלט אַ שמייכל — עריט וואַרטן, נאָכן עסן וועט ער דערלאַנגען חיהן אַ פלוים — נאַ, פאַרבייס! וועט זי . . . שאַיע האָט פאַרשנעלערט זיין גאַנג.

—דאָס איז גאָר! אַלע בייזע, וויסטע, פינצטערע חלומות, וואָס האָט זיך מיר געחלומט היינטיקע נאַכט און אַ גאַנץ יאָר זאָל אויסגיין צו זייערע קעפּ, זייערע הענט און פיס.

אַזוי האָט חיה אויפגענומען דאָס שטיקל צייג, וואָס שאַיע האָט צענומען, געוויזן די אַרבעטער, חיהן.

— אַ פיין שטיקל סחורה!

—מיקריגט עס גאָר היינט ניט.

— זיי האָבן אַלץ, אַ מיתה משונה . . .

— אַן אָפּיצער?

— אָפּיצער, אוודאי! — האָט שאַיע ניט אָן שטאָלץ געענטפערט.

—איצט דאַרף מען זיך נעמען צו דער מלאכה. יחיאל! דאָס איז אַ שטיקל אַ ר ב ע ט. אין דריי טעג מוז עס זיין. וואָס זאָגסטו?

יחיאל האָט גאָרניט געזאָגט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט צוריק ביי דער מאַשין. די נאָדל האָט געטאַנצט איר שפּרינגערישן טאַנץ און יחיאל האָט געשפּרייט פאַר איר צייג, אונטערגעשטופּט. ער האָט געשטופּט אַהין סאָלדאַטן, אָפּיצערן, אונטעראָפּיצערן, אַריינגעשטופּט דעם לעצטן אָפּיצער, האָט ער זיך מיטאַמאָל אַ דריי געטאָן, שיר נישט אויפגעשפּרונגען פון ביינקל.

—וואָס האָסטו זיך אַזאַ כאַפּ געטאָן? נאַ!

חיה האָט דערלאַנגט אַ פלוים. שאַיע האָט ניט אויסגעהאַלטן. ער האָט צוגעפירט חיהן צום אויפגעהאָנגענעם רעקל — טו אַריין די האַנט. טו אַריין! וואָס האָסטו מורא? — ער האָט אַריינגעפירט איר האַנט אין זיין קעשענע און ווען זי האָט אָנגעטאַפּט, אַרויסגעצויגן אַ

פלוים האָט זי אויסגעשריען: אַ פּ ל . . . ! זי האָט דערזען שאַיעס אויגן.

איר מויל האָט אַ צוק געטאָן: נאַ־שער!ביידע האָבן אַרונטערגע־לאָזט די אויגן.

— פאַרזוך.

— און דו? — האָט זי זיך געכאַפּט, זי עסט, ער ניט.

— איך? איך . . . גיב, וועל איך עסן.

— מידאַרף זיי אויך געבן.

— אַוודאי, אוודאי, — האָט שאַיע פּאַטאַקעוועט, אָט ווי ער וואָלט גאָר אַנדערש ניט געדיינקט. חיה. ניט נאָר אַ ליבע, — אַ גוטע, אַ טייערע נשמה. אַ צופרידענער פון זיין ווייב, פון די פלוימען, גייט שאַיע צום טיש, באַטראַכט די . . . פלוימען עסער.

— וואַרף ניט אַוועק! — האָט ער אַ געשריי געטאָן אויף פייגען, זעענדיק ווי זי האַלט דאָס קערל, ישובט זיך, ווייסט ניט וואו דאָס אַהינצוטאָן. — דאַ אַ יאָדער. צעקנאַק. געשמאַק. וואָס האָסטו געטאָן מיט דיין קערל?

— איינגעשלונגען, — האָט יחיאל געענטפערט, חידושנדיק זיך וואָס מיפרעגט זיך נאָך אויף אַזאַ זאַך.

— איינגעשלונגען! איינגעשלונגען דאָס קערל?

— זאָרגט זיך ניט, וועט אַרונטערגיין.

שאַיע האָט זיך ניט געזאָרגט, ער האָט פשוט ניט געקענט באַ־נעמען ווי שלינגט מען עס אַרונטער אַ קערל. דער יאָדער . . . גוט וואָס ער האָט געקויפט פלוימען. אַז עריט גיין נאָכאַמאָל . . . אָנ־מעסטן . . . וועט ער . . .

יחיאל האָט דעם לעצטן פרעס געטאָן, געהאַלטן דאָס רעקל אין דער הויך, עס באַטראַכט, געלאָזט שאַיען באַטראַכטן און אומגעריכט פאַר שאַיען אַ פרעג געטאָן: ווער טראָגט עס אָפּ?

שאַיע האָט אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ, שאַרף אַ קוק געטאָן אויף יחיאלן: דו ווילסט?

יחיאל האָט בלויז אַ נייג געטאָן מיטן קאָפּ.

דער אָפּיצער מיט זיינע לאַנגע פיס, זיין קני . . . די גאַס, די שטאָט, די גויע מיט די פלוימען . . . יחיאל . . . וואָס וויל ער? וואָס

איז ער אויסן? זיין קוק געפעלט אים ניט. דער אבריק שפּילט . . . זיין קוק געפעלט אים גאָרניט. שאַיע האָט מיט אַמאָל מורא געקראָגן פאַר יחיאלן, מורא אויף אַזוי פיל, אַז ער האָט ניט געוואָגט זאָגן ביין.

— יעסט באַלד צוריקקומען?

— יכיעל זיך אין ערגעץ ניט זאמען.

— גיי. נו גוט, גיי. און פאַרגעס נישט, אַ שיין אויף צוריקקומען.

— יכיעל קומען.

שאַיע האָט נאָכגעקוקט יחיאלן, דעם גאַרניטור אויף זיין פאַראָרעם, געזען דעם אָפּיצער, זיין קני . . . געפילט ווי אַ ריס צו טאָן דעם גאַרניטור: גיי ניט! זיץ אַז דו זיצסט! און דערזען, דערפילט ווי יחיאל האָט אַן עפּן געטאָן די טיר, אַרויסגעלאָפן די טרעפּלעך. שאַיע האָט אַ צי געטאָן, אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ, דערזען שראַגעס שוואַרצן קאָפּ האָר, פייגען און זיך צוגעשלעפּט צום שנייד טיש. די שער איז געבליבן שטיין מיט די אויערן אויפן געוואַנט, שאַיע האָט געקוקט אריבער די שפּיצן: אָט איצטער מעסט ער אים אָן . . .

דער ליוטענאַנט האָט זיך פאַרוואונדערט, יחיאל האָט דערקלערט: זיין באַלעבאָס איז ניט געזונט, און, סיי ווי, דער באַלעבאָס האָט נאָר צוגעשניטן, גענייט האָט ער, דאַרף ער זען צי ליגט עס גוט.

אָט דער יונגער, שוואַרצער בחור מיטן חוצפּהדיקן נאָז, סענסועלן מויל, עקשנותדיקן קין איז אים ניט געפעלן. מערקווירדיק, גיט זיך איין איין ייד אויף וועמעס פּנים זיין גאַנצע ראַסע ליגט אויסגעגאָסן. נאָז, מויל, האָר. כאַפּט אים דער טייוול. דעם גאַרניטור האָט ער געבראַכט. ווען ער זאָל נאָר זיין זיכער אַז דער אורלויב איז שוין טאָקע באַשטימט. ס׳הייסט, באַשטימט שוין פון לאַנג, אָבער געהערט מ׳רופט צוריק אַלע אורלויבן, אויפן פראָנט גייט עס ניט אַזוי . . . די פאַרדאַמטע רוסן, די יידן . . .

ליוטענאַנט עריך ריטטערהאפער האָט זיך געדרייט פאַרן שפּיגל. די הויזן זיינען פּונקט צו דער מאָס, דאָס רעקל . . . ער האָט פאַרשפּיליעט, צעשפּיליעט און ווידער פאַרשפּיליעט, געקוקט, געטאַפּט ביי די זייטן. בלאָזט זיך. לויז. פאַרדאַמט. זיינס אַ רעקל דאַרף זיין געפּאַסט צום לייב, א צווייטע הויט, און דאָ לויז, אַ זאַק. דער ייד . . .

מיט דער האַנט האָט ער אָנגעוויזן אויף די זייטן וואו עס איז געווען לויז. יחיאל האָט געמאַכט אַ טראַט נעענטער.

— דאָס איז גאָרניט. מ׳דאַרף בלויז איבערשטעלן די קנעפּלעך אַ ביסל ווייטער, אַ קליין ביסל, אַ . . .

יחיאלס פינגער האָבן זיך אַ צי געטאָן צום רעקל. איין האַנט האָט אַ קלאַפּ געטאָן איבער יחיאלס ביידע הענט, זיי אַרונטערגעקלאַפּט. די הענט האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף צוריק, דער קאָפּ האָט זיך אַ הייב געטאָן, איין נאָז פליגל האָט זיך צעציטערט. יחיאלס גליענדיקע אויגן האָבן זיך אָנגעטראָפן מיט ליוטענאַנט ריטטערהאפערס קאַלטן, שטאָל גרויען קוק. יחיאלס אונטערשטע ציין האָבן אַריינגעכאַפּט דאָס שפּיציקל פון דער אויבערשטער ליפּ, געקראָכן דערויף, געצויגן עס, געצויגן . . .

— אַזוי וועט זיין גוט?

יחיאל האָט אַ קוק געטאָן, געזען דעם ליוטענאַנט מיט איין פּאָלע פאַרלייגט איבער דער צווייטער, איינציענדיק דאָס רעקל און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: יאָ. דער ליוטענאַנט האָט געקוקט אויף די פּעטעל־קעס, אַריינגעשטעקט אַהין אַ פינגער, פאַרהייבן אַ שטיקל פּאָלע.

— ווי צייכנט איר אָן וואו צו שטעלן די קנעפּלעך?

— זייף.

— זייף?

— מיט אַ שפּיץ פון אַ שטיקל זייף אַ קליינעם צייכן.

דער ליוטענאַנט האָט געבראַכט אַ שטיקל זייף, געצייכנט איין קנעפּל, אַ צווייטס. פאַרטיק מיטן צייכענען, האָט ער אַ לייג געטאָן דאָס שטיקל זייף, ווידער פאַרצויגן די פּאָלעס, געמאָסטן, זיך באַטראַכט אין שפּיגל און אַ צופרידענער באַשלאָסן אַז עס וועט ליגן גוט. ער האָט אַרונטערגעצויגן דאָס רעקל, אַ לייג געטאָן, פאַרדעקנדיק דאָס שטיקל זייף.

— נעם און גיי!

יחיאל האָט אַ נעם געטאָן דאָס רעקל. דאָס שטיקל זייף האָט אַ קיל געטאָן אין האַנט, זיך אַריינגעגליטשט אַהין, פון דאָרט זיך אריבער־געגליטשט אין קעשענע פון אָפיצערס רעקל. יחיאל איז גרייט צו גיין, אַלץ וואָס פעלט — דער פּאַסיר שיין.

— פּאַסיר שײַן? אַה! די ייִדן מיט זייערע פּאַסיר שײַנען! פּריץ!...

דער מגן דוד אויפֿן אָרעם האָט אַרונטערגעקוקט צום אָפּיצערישן רעקל אויפֿן פֿאַראָרעם, ביידע האָבן אַ שפּרונג געטאָן פֿאַר יחיאלס אויגן. דאָס רעקל גליטשט זיך אַרונטער פֿון פֿאַראָרעם, ציט זיך אַרויף אויף די אַקסל, אויף די אָרעמס, ניטאָ קיין מגן דוד, אָפּיצער יחיאל . . . ניין. מ י ט ן אָפּיצערישן רעקל, מיט ד י הויזן, ד י שיך, ד ע ם פּ נ י ם וועט ער אפֿילו פֿון שטאָט ניט אַרויסגיין, אָפּגערעדט שוין פֿון אַוועקגיין . . . אפֿשר גאָר אַ שמיץ טאָן דאָס רעקל, אַרונטעררײַסן די לאַטע און . . . שאַיע שניידער האָט זיך אַ באָמבל געטאָן אויף אַ תּליה, — זיי וועלן אים זיכער אויפֿהייגגען אינמיטן מאַרק. — דער אָפּיצער אין זײַן פּולער הויך האָט זיך אַוועקגעשטעלט. דאָס רעקל האָט זיך אַרונטערגערוקט צו די פֿינגער צו . . . אַ געזונטער יונג. יחיאל האָט זיך פֿאַרמאָסטן מיט אים, איינס אויף איינס, יענער איז שטאַרקער, פֿונדעסטוועגן . . . דערלאַנגען איין כּמאַל! ניט דערלאַנגט. ניט דער־פֿאַר ווײַל יענער איז געזינטער. ניין, ניט דערפֿאַר. די האַנט האָט זיך ניט געהייבן ווײַל . . . ווײַל . . .

— האַלט!

יחיאל האָט זיך אַזש אַ וואַקל געטאָן אויף צוריק.

— פּאַסיר שײַן!

יחיאל האָט דערלאַנגט דעם פּאַסיר שײַן. דער סאָלדאַט האָט שטודירט דעם שײַן און יחיאל האָט געזען ווי אַזוי מיט אַ „פּיסל" טוט ער אים אַ לייג אַוועק, אַ זעץ און אָפּגעצויגן.

— און דאָס וואָס איז?

— אַן אָפּיצערס אַ רעקל. אויפֿגענייט פֿאַר אים. אַ שניידער.

— אַה, אַ שניידער. שטימט.

דאָס רעקל שוין ווידער ביי יחיאלן. ער האָט אַ רוק געטאָן די האַנט אין קעשענע, דאָס שטיקל זייף האָט זיך אַרײַנגעגליטשט אין האַנט, זיך אַריבערגעגליטשט אין יחיאלס הויזן קעשענע. נאָך גוט וואָס דער יעקע האָט עס ניט אנגעטאַפּט . . .

— נו?

— די קנעפּלעך איבערשטעלן.

— די הויזן?

— די הויזן גאַרניט.

שאַיע האָט געהאַלטן דאָס רעקל, געקוקט האָט ער אויף יחיאלן, געוואָלט דערגיין ווי איז צוגעגאַנגען דאָס אָנמעסטן . . . יחיאל האָט שוין געשאַרט דאָס ביינקל ביי זיין מאַשין. זאָל עס הייסן אַז . . . שאַיע האָט אַ קוק געטאָן אויפן רעקל, די זייף צייכנס, זיך געישובט געבן יחיאלן צי פייגען, געזען יחיאל שטעפּט שוין, האָט ער עס דערלאַנגט פייגען: נאַ, שטעל איבער די קנעפּלעך, אָבער גיב אכטונג ווי דו שניידסט אָפּ די — — לאָז, כיעל אַליין אָפּשניידן.

אויף מאָרגן, ווען שאַיע האָט אָפּגעבראַכט דאָס רעקל האָט דער ליוטענאַנט פרעמד אַ קוק געטאָן אויף אים. דערקענט, דערזען דאָס רעקל, האָט ער עס אַ נעם געטאָן פון שאַיעס האַנט, פליכטיק אַ קוק געטאָן דערויף, עס אַוועקגעלייגט און גענומען גיין צום פענצטער. זיך אומגעדרייט אויף צוריק, דערזען שאַיען, איז ער געבליבן שטיין, זיינע אויגן . . . שאַיען איז קאַלט געוואָרן פון דעם קוק, ער האָט געוואָלט זיך אומדרייען, אַרויסלויפן, די פיס האָבן זיך ניט גערירט, דער אויבערשטער האַלבער קערפּער האָט זיך אַ דריי געטאָן, פון מויל איז אַרויסגעפאַלן: אַרבעט . . . אַרבעט געלט.

— אַרויס!

שאַיעס גאַנצער קערפּער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער טיר. שטאַמלענדיק האָט ער איבערגעגעבן פריצן, דעם באַדינער, ער מוז האָבן אַ פּאַסיר שיין אויף צוריק, און דער אָפּיצער . . .

— מידאַרף אים לאָזן צורו. געזאָלט מאָרגן פאָרן אויף אורלויב און גייט מאָרגן אויפן פראָנט. יאָ, אַזוי איז עס. און אַ פּאַסיר שיין . . .

קיין גויע מיט פלוימען זיצט מער ניט אויפן מאַרק און די שטאָט, וואָס גייט זי אים אָן? גיכער זיין אין דער היים, אין שטוב. דאָרטן ביים טיש, ביי די תכריכים . . . ביי דער קהילה קריגט מען כאָטש אַ שטיקל ברויט, אַ קאַרטאָפל, דאָ . . . דריי טעג זיך געפּאַטשקעט, אָפּיצער, און . . . און סיידן דאָס שטיקל יתור . . . מיקען אפשר צוזאַמענשטעלן אַ קאמזויל, אָפּזעצן אויף אַ פּאָר היטעלעך. אַזאַ אָנשיקעניש. אַ רציחה דאָס פּאַרמאָגט! נאָך גוט אָפּגעשניטן . . . ניט זיכער מיטן לעבן. מיטן לעבן איז מען ניט זיכער. שטעלט מען אַרויס אַ פּוס . . . ער גייט מער נישט! אפילו . . .

דער זעלבער פריץ איז אין אַ דריי וואָכן אַרום געקומען אים רופן. שאַיע האָט מיט די אויגן בלויז אַ פרעג געטאָן: וואָס ווידער? ניט געוועזן די שרעק ווי ביי פריצעס אַריינקומען דאָס ערשטע מאָל, אויך קיין מורא פאַרן קומענדיקן, נאָר אַ מין ווידערווילן צו אַ בעל חוב וואָס האָט זיך צוגעטשעפּעט, לאָזט ניט אָפּ. וואָס האָט ער זיך אָנגעזעצט אויף אים? וואָס וויל ער פון אים? ער האָט געפּרואווט דערגיין ביי פריצן, אָבער דער סאָלדאָט האָט אַרויסגעוואָרפן אַ פּאָר ווערטער: ווייס ניט. געהייסן רופן, און מער אַ וואָרט נישט.

דער וועג, די געביידע, דער צימער — באַקאַנט, דער אָפיצער? . . . ניט יענער. דערפאַר דער גאַרניטור . . .

— צי קען ער דאָס?

— געוויס. דאָס האָט ער אויפגענייט פאַר . . .

— מיין קאַמעראַד. פאַרן אַוועקגיין אויפן פראָנט האָט ער עס מיר איבערגעלאָזט. אין פאַל . . . איצטער . . .

שאַיעס אויגן האָבן געזוכט, געפרעגט.

— יאָ, ער איז געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד פאַרן פירער און פאָטערלאַנד.

שאַיע האָט אַרונטערגעלאָזט די אויגן.

— קיין איין מאָל געטראָגן. און אַ פיינער אוניפאָרם. אָבער עס פאַסט מיר ניט. די הויזן זיינען גוט, אָבער דאָס רעקל, דאָס רעקל . . .

דער אָפיצער האָט אַרויפגעצויגן דאָס רעקל, פאַרשפיליעט, זיך אַ דריי געטאָן. — עטוואָס לויז, אָט דאָ אַ . . . — ער האָט געדרייט דעם קאָפּ אויף צוריק צום אַקסל, פלייצע.

שאַיעס הענט האָבן זיך אַ צי געטאָן אָנצוטאַפּן ביי איין אַקסל וואו דאָס רעקל האָט זיך געבלאָזן, תוך כדי מחשבה האָבן די הענט זיך אַרונטערגעלאָזט, די אויגן האָבן אַ בליק געטאָן אויפן אָפיצער, דאַן גענומען לויפן איבערן רעקל, זיך אָפּגעשטעלט ביים אַקסל, ביי דער זייט. ער האָט שוין דערזען. ביי דעם אָפיצער איז איין אַקסל געוועזן נידעריקער, דאַרפן אונטערהייבן, אויסבעטן אַ ביסל.

— דער הער אָפיצער, — האָט שאַיע אָנגעהויבן און זיך פאַר־כאַפּט, — איך מיין יענער הער אָפיצער האָט געהאַט איין אַקסל עטוואָס העכער. יאָ, ביי פילע מענטשן גיט עס. ניט אַלע מאָל זיינען ביידע

אַקסל גלײַך. דאַן מוז מען אויסגלײַכן, דעם ראַק, פֿאַרשטייט זיך. אַ לײַכטע אָפּעראַציע. אַ קלייניקייט. דאָס קען מען טאָן.

— און עס וועט פּאַסן?

— געוויס.

— ווי לאַנג קען עס נעמען?

— אַ טאָג.

— אַזוי. „דאַן מאַכן זי עס דאָס עס גוט איסט".

— וועט שוין זײַן גוט. וועט שוין זײַן גוט, — האָט שאַיע זיך געאײַלט אין זײַנע רייד און באַלד זיך געאײַלט אויפֿן וועג אַהיים. קוים איז ער אַרײַנגעפֿאַלן אין שטוב האָט ער אַ ווייז געטאָן דאָס רעקל יחיאלן: דערקענסט?

— דערקען. אוודאי. וואָסי דען?

— און דעם אָפּיצער געדיינקסטו?

שאַיעס און יחיאלס אויגן האָבן זיך פֿאַרטשעפּעט. ביידע זײַנען געווען אין איין מיאוסן אָרט, ביידע זײַנען אַרויסגעגאַנגען פֿון דאָרט דורך באַזונדערע טירן, איינער דעם צווייטן האָט געזען און ניט געזען. שאַיע, אַן איבערגעקערטער פֿונעם אָפּיצערס קני, יחיאל, די הענט אַרונטערגעקלאַפּט אויף אַרונטער, יעדער איינער האָט געוואוסט פֿון זײַן אָפּקומעניש, געאָנט וועגן צווייטנס, ניט געוואָגט, ניט געוואָלט אויסזאָגן, איצט . . .

— געדיינק אים.

אָט דער נאַכלעסיקער טאָן האָט באַשטעטיקט שאַיעס פֿאַרדאַכט — יחיאל אויך . . . מיט אַ צווייענדיקער הנאה טוט ער אַ זאָג — איז אָט דער אָ אָפּיצער . . . איז שוין מכולה. הערסטאָ׳ך, — האָט ער אַ פּאַטש געטאָן יחיאלן אויפֿן אַקסל, — געשטאָרבן פֿאַרן פֿירער און פֿאָטערלאַנד. פֿאַרן פֿירער און פֿאָטערלאַנד! און אָט־דאָס־אָ, — האָט ער אַ נעם געטאָן דאָס רעקל אַן דעם מינדסטן דרך ארץ פֿאַרן גוטן שטיקל אַרבעט, האָט ער געלאָזט ירושה פֿאַר זײַן קאַמעראַד. קיין איין מאָל נישט אָנגעטאָן. באַגראָבן אָן תּכריכים . . . די תּכריכים האָט ער געלאָזט פֿאַר א צווייטן. קוקסט, האַ? יחיאל! ת כ ר י כ י ם נייען מיר. ווי איך בין אַ ייד. וואַרט, מיר׳ן נאָך זען, מיר׳ן נאָך דערלעבן . . .

— ווען איינער הערט, וואָלט ער געמיינט, דאָס האָט איר אים אַוועקגעשיקט אויף יענער וועלט.

— איך? — שאַיע האָט זיך דערזען אַ ליגנדיקןביים אַפּיצערס פּיס און עס האָט אים ניט ווי געטאָן, ניט פאַרדראָסן. ער האָט דערזען די מאָס, וואָס האָט זיך געצויגן פון זיין האַנט צום אַפּיצערס פּיס און אַן אנונג האָט אויפגעפּליקערט, אַז צווישן אים און דעם אָפּיצער, זיין טויט, איז דאָ אַ פאַרבינדונג.

— לויט איר רעדט . . .

— אויף יענער וועלט האָבן אים אַוועקגעשיקט יענע, דאָרטן, אָבער די תכריכים נייען מיר. דו הערסט, ווען זיי זאָל אָנגיין כאָטש אַ טויזנט חלק פון דעם וואָס איך, וואָס אַלע ווינטשן זיי, וואָס אַלע לייגן אַריין אין אָט די־אָ . . . וואָלט שוין אויך געווען גענוג. יס׳אַרט דיך, מיין ניט, אַז אָט אַזוי א גייט עס שוין. אַז מיר׳ן לעבן וועלן מיר נאָך זען. אָט־דער־אָ . . .

שיר שיר האָט שאַיע ניט אַרויסגעזאָגט דעם סוד, פאַרוואָס דער לוטענאַנט עריך ריטטערהאפער איז געהרגעט געוואָרן. איצט האָט ער ווידער דערזען זיך אַ ליגנדיקן, איבערגעקערט פונעם אָפּיצערס קני און אויך דערזען דעם אָפּיצער אַ ליגנדיקן, אַ געהרגעטן און געזען אַזוי קלאָר די פאַרבינדונג, געווען אַזוי זיכער אין דעם, דאָך האָט ער זיך פאַרהאַקט. סאַראַ מאָדנעם קוק ער האָט עס, דער יחיאל. עריט נאָך אַמאָל עמיצן . . . — אָט־דער־אָ . . . — האָט שאַיע אָנגעהויבן אויף סיניי, דערביי אָבער אַ נעם געטאָן דאָס רעקל, — האָט איין אַקסל אַ נידעריקן, דאַרף מען עס אַ ביסל אונטערבעטן, אונטערלייגן אַ קישעלע, אויף אָט אַזוי פיל אַ אויפהייבן. וועסטו עס מאַכן?

יחיאל האָט איבערגענומען דאָס רעקל. שאַיע האָט זיך אַוועקגעשטעלט הינטערן שנייד טיש, גענומען די שער אין האַנט, אַ קוק געטאָן צו יחיאלן צו, זיך פאַרטראַכט. שאַיעס אויגן האָבן אַריבערגעקוקט ווייט איבער די שפּיצן פון זיין שניידערישער שער . . .

1941—



# דער זייגער

— דער שניט האָט די ווערט אַ מיליאָן דאָלאַר! — האָט דאָקטאָר ניומאַרק, שטאָלץ מיט מעשה ידיו, אויסגערופן צו דאָקטאָר בלומענפעלד און צום פּאַציענט מיכל מאַרגאָליס, דערביי לייכט אַ פּעטשל געטון דעם פּאַציענט איבערן בויך.

— אַ גוט שטיקל אַרבעט, — האָט דאָקטאָר בלומענפעלד, מאַר־גאָליסעס אַ נאָענטער פריינד, צוגעגעבן אַן איבעריקער באַגייסטערונג, אָבער מיט געהעריקער הכנעה פאַרן באַרימטן כירורג.

— אינגאַנצן פאַרהיילט! צען טעג נאָך דער אָפּעראַציע! נאָך אַ דריי, פיר טעג און איריט קענען גיין אַהיים.

מיכל מאַרגאָליסעס אויגן האָבן געבלאַנזעט פון דר. ניומאַרקס פּנים צו דר. בלומענפעלדס. — איז ער משוגע? — האָבן געפרעגט די אויגן ביי דר. בלומענפעלד.

— יאָ, — האָט דר. ניומאַרק שוין ביט אַזוי יוביאַל איבער־געחזרט, — אין דריי, פיר טעג וועט איר גיין אַהיים. און איצט וועלן מיר אים לאָזן צורו.

דר. ניומאַרק האָט זיך געלאָזט צו דער טיר, דר. בלומענפעלד האָט אים נאָכגעפאָלגט מיט דער געהעריקער דיסטאַנץ צווישן זיי.

— דאָקטאָר! — האָט דער פּאַציענט אַ רוף געטון. ביידע דאָק־טוירים האָבן זיך אָפּגעשטעלט, אומגעקערט די געזיכטער צום חולה. מאַרגאָליס האָט מיט דער האַנט דייטליך אנגעוויזן ער וויל רעדן מיט זיין פריינד, דעם דאָקטאָר בלומענפעלד. דר. בלומענפעלדס אויגן

האָבן געפרעגט, געבעטן ביי דר. ניומאַרק: מעג איך בלייבן? דר. ניומאַרקיס אויגן האָבן ווייסעריש געענטפערט: מילא, בלייב, אָבער ווייס וואָס דו האָסט צו טון, און דר. ניומאַרק איז אַרויסגעגאַנגען.

מיכל מאַרגאָליס האָט געוואַרט אָט ווי ער וואָלט מורא געהאַט דער דר. ניומאַרק שטייט הינטער דער טיר, הערט זיך איין, און ערשט דאַן א פולן קוק געטון אויף זיין פריינד, דעם דר. בלומענפעלד און אַ פרעג געטון: צו וואָס די פּאַיאַצסקע שטיק?

דר. בלומענפעלד האָט א קער געטון דעם קאָפּ. — די אָפּעראַציע איז אַ גוטע, — האָט ער אַ זאָג געטון מיט פּראָפעסיאָנעלן אייפער. — אַ פיין שטיקל אַרבעט. די שטעך אפילו ניט קענטיק. עס איז . . .

מיכל מאַרגאָליסעס אויגן וואָס האָבן געקוקט אויף די רייד, זיי אויפגעכאַפּט ווי פּילקעס, גרייט צו וואַרפן זיי צוריק דעם דאָקטאָר אין פּנים אַריין, האָבן זיך אָפּגעווענדט פון דאָקטאָרס מויל, פאַרקוקט אַרויף צו דער סטעליע און דאָס מויל זיינס האָט ניטראַל אַרויסגערעדט: די אָפּעראַציע איז געלונגען, דער פּאַציענט איז געשטאָרבן.

אַ שטילקייט איז אַנטשטאַנען. דר. בלומענפעלד האָט געקוקט אויף זיינע שיך בעזער, אויף זיין פריינדס שפּיטאָל שכן, זיך ווידער פאַרקוקט אויף זיין פריינד, אים באַטראַכט, געווען אין כעס אויף זיך למאי ער האָט נישט אויסגענוצט דעם דר. ניומאַרק אַלס אויסרייד נישט צו בלייבן און געזוכט א תירוץ ווי אַרום אַרויסצוגיין, ניט ווייטוענדיק זיין פריינד. יענער האָט זיך אומגעקוקט, געכאַפּט דעם דאָקטאָרס קוק און, ווי צו אַ גנב וואָס האָט פאַרראַטן, אים אַ וואָרף געטון: אַ פריינד ביסטו?

— הער, מיכל . . .

— האָסט צוגעזאָגט! ניין?

— אָבער דו ווייסט נישט וואָס דו רעדסט!

— איך ווייס נישט וואָס איך רעד?

— אויף מיין וואָרט עס איז נישט . . .

— גיי! ביסט אַ קאַנע שטופּער ווי זיי אַלע.

מיכל מאַרגאָליס האָט שאַרף אַ קער געטון דעם קאָפּ, זיך אָפּגעקערט פון זיין פריינד. דר. בלומענפעלד האָט נאָך פאַרזוכט צו כאַפּן זיין פריינדס קוק, יענער איז געליגן האַרטנעקיק, דער בולטער באַק

ביין, דער פאַרשאַרפטער קינבאַק האָט גרימיק געוואָרנט: גיי בעסער! האָט דר. בלומענפעלד אַ קנייטש געטון מיט די אַקסלען, פאַרלעגן אַ שמייכל געטון צום שכן פאַציענט: „האָסט ניט געהערט וואָס ער האָט געזאָגט. איך בין נ י ט קיין קאַנע שטופּער. נאָר גאָרניט, זעסט־אַך" — און פאַרלאָזט דאָס צימער.

שטיל. שפּיטאָל שטילקייט, אַ מין דרימל גאַז וואָס פאַרציט זיך, צעזייט זיך און פאַרציט זיך ווידער. מאַרגאָליסעס שכן, אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר אַכט און צוואַנציק, ביידע פּיס איבערגעבראָכענע, איינגע־פּאַסט אין גיפּס, האָט אַ הויב געטון די הענט צו דער קאַטשעלקע וואָס איז געהאָנגען איבער זיין קאָפּ, זיך איינגעקלאַמערט אין איר, און זיך אַ ציי געטון אַרויף צו, צום צעקאַפּנס. די באַוועגונג האָט צעריסן דעם דרימל גאַז. מיכל מאַרגאָליס האָט אַ בליק געטון אויף זיין שכן, דערזען זיינע הענט אויף דער קאַטשעלקע און דערזען אַ . . . מאַלפּע, אַ מאַלפּע ווי זי קלעטערט, שפּרינגט, מאַכט קונצן. דער יונגערמאַן, פילנדיק זיך שולדיק אין מאַכן אַ באַוועגונג, אָבער צופרידן אין זיין נייער פּאָזיציע און, דער עיקר, בייגיריק מיט דער באַזונדערער שפּיטאָל בייגיריקייט, האָט, ניט אָן אייפערזוכט אין טאָן, אַ פרעג געטון: גייט שוין אַהיים אין א פּאָר טעג אַרום?

— י־אַ, — האָט מיכל מאַרגאָליס אַרויסגעזויגן, מיט ביטול אַ קוק געטון אויף זיין שכן, דאַן געריכט די אויגן צו דער סטעליע.

— אַהיים, — האָבן זיינע ליפּן אומהערבאַר אַרויסגעבראַכט. די אויגן, געריכט צו דער סטעליע, זיינען נאָכגעגאַנגען נאָכן וואָרט. א היים. אַ פרוי, צוויי קינדער, אַ טאָכטער, א זון. דריי וואָכן אַז ער ליגט אין שפּיטאָל און אין משך פון די דריי וואָכן זיינען די קינדער געווען דאָ צוויי מאָל, איין מאָל פאַר דער אָפּעראַציע, איין מאָל נאָכ־דעם. די ווייב קומט יעדן טאָג, קומט, זיצט און זיפצט אָדער שטייט און וויינט, וויגט זיך ווי אַ וויינענדיקע ווערבע, וויינט שטילערהייד און ער טרייבט זי הויך אויפן קול — גיי שוין אַהיים, גיי! באַוויין מיך נישט! נאָך נישט געשטאָרבן! — אַ ווייב. צוויי און צוואַנציק יאָר פאַרהייראַט. צ וו יי א ו ן צ וו אַ נ צ י ק י אָ ר! פון די צ וו יי א ו ן צ וו אַ נ צ י ק י אָ ר שיילט זיך אויס זיין אַכצנ־יאָריקע טאָכטער. ז יי ן טאָכטער. געפּודערט, געפאַרבט, די ברעמען

אויסגעצופט, די ווייס אויסגעדרייט, פון די פּאַמאַדירטע ליפּן גליטשט זיך אַרונטער: נו, ווי פילסטו? די אויגן פאַרקנייטשן זיך, קוועטשן אַרויס אַ טרער און גלייך איז שוין דאָס שפּיגעלע ביים פּנים, זיין טאַכטער קוקט אַהין און, ווי זי וואָלט דאָרט פּלוצלונג דערזען איר נאָז, יאָגט איר האַנט מיט דער שעמי צום נאָז און זי קלאַפּט, קלאַפּט מיט דער שעמי. זיין טאַכטער. וועגדט ער אָפּ דעם קוק פון אַט דער טאַכטער זיינער צו זיין פופצניאַריקן זון, זעט ער ווי ער שטייט, קנייטשט די היטל אין האַנט, דערפילט אַז דער טאַטע קוקט אויף אים, לאָזט ער אַרונטער די אויגן. נו יאָ, געכאַפּט ביי דער האַנט. געכאַפּט ווי דער זון טראַכט: אַט אַן אנשיקעניש! אַ טאַטע! שפּיטאָל! ווען . . . ?

ווען? וואָלט עס צוגעגאנגען ווי ער האָט געפּלאַנעוועט וואָלט ער שוין איצט . . . אָפּגערעדט גאַנץ קלאָר, עפּנט מען און מ'זעט ס'איז אַ ראַק זאָל בלומענפעלד, מיטן הסכם פונם שניידער, אים ניט אויפוועקן. יענער וועט ניט מסכים זיין? געבן בשוגג כלומרשט נאָך אַ ביסל שלאָף געטראַנק. צוגעזאָגט. די האַנט געגעבן. און איצט. פּאַסקודנע דאָקטאָרישע עטיק. חברן דאַרף מען זיך מיט עטיקלאָזע נאַרקאָטיק שמוגלער. זעקס צענטל גראַן העראאין, אַ לעק יופאָרין, יופאָרין. יופאָרין. קלינגט אַזוי שיין. אָדער גאָר אַ טראָפּן סעללאדאָן, איין טראָפּן גענוג, פון האַנט צום מויל און פּטור, אויס. אָבער גיי מאַך. פאַרלאָז זיך אויף דאָקטוירים. מיכל האָט אַ זוך געטון דעם דר. בלומענפעלד. אים באַליידיקט. ניט געדאַרפט געווען. פּשוט אַ שוואַכלינג. מורא געהאַט. מיכל האָט א צי געטון דאָס גלעקל. אַ וואוילער בחור געווען אמאָל, און אַ גוטער פריינד, דער איינציקער פריינד. אַזוי פיל יאָרן . . .

— איר האָט גערופן?

— איך וויל זען דעם דר. בלומענפעלד.

— דר. בלומענפעלד? ער איז דאָך ערשט געווען דאָ.

— דאָס ווייס איך, אָבער איך וויל אים זען איצטער.

— וועל זען אויב איך קען אים קריגן.

— זייט אַזוי גוט. זאָגט אים איך וויל אים נויטיק זען.

— יס'אַרא מיאוסע מויד, — איז נאָכגעלאָפן דער וואָרטספרוי

מאַרגאָליסעס געדאַנק. „ער איז דאָך ערשט געווען דאָ". — איר עסק. אין גלות ביי דער וואַרטספרוי, ביים דאָקטאָר, ביים באַדינער. אַ לאַנגער גלות. דער קץ. אפשר בעטן ביי איר. גיט זי דאָך איינשפּרי־צונגען. נוצלאָז. ער ווייסט שוין. זייט אים נאָך געבן אַ ביסל וואַסער און נאָכדעם זיך באַרימען פאַר אירע חברטעס מיטן שפּיצל וואָס זי האָט אים אָפּגעטון. פון דאַנען, פון אינעווייניק וועט קיינער ניט, סיידן פון דרויסן עמיצער, בלומענפעלד, אים צודריקן . . .

— עס טוט מיר לייד, איך האָב ניט געקענט געפינען דר. בלו־מענפעלד. קען איך עפּעס טון?

— ניין, אַ דאַנק.

— דער דאָקטאָר האָט געזאָגט איר קענט עפּעס נעמען צום טרינקען.

מאַרגאָליס האָט שוין כעסיק אַ קוק געטון אויף דער וואַרטספרוי.

— האָט דער דאָקטאָר געזאָגט אַז איך קען עפּעס נעמען צום ברעכן?

— איר ווילט אייער איינשפּריצונג? — האָט שוין די וואַרטספרוי שניידיק געפרעגט.

— איך וויל גאָרנישט. איר קענט מיר קיין זאַך נישט געבן.

אַ שניט פאַר אַ שניט. זאָל זי אַוועקגיין, די . . . זי איז אַוועק־געגאַנגען, מאַרגאָליס האָט אָבער געפילט איר „גייסט" — פאַרטוך, טשיפּיקל, בעט שיסל . . . פּטור ווערן פון דעם אַלעמען, פון די פיר ווענט . . . פון . . . זיין קוק האָט זיך פאַרטשעפּעט אָן שכן. אַ יונגער, געזונטער בחור. — ווי לאַנג זייט איר שוין דאָ?

— לאַנג גענוג, שוין צייט געווען לאַנג אַרויסצוגיין. צוויי מאָל געבראכן. ניט גוט איינגעשטעלט. איצט, זאָגט דער דאָקטאָר, וועט שוין זיין גוט, אָבער מיקען ניט וויסן . . .

— אַז דער דאָקטאָר זאָגט . . .

מיכל האָט זיך פאַרשעמט, ניט געענדיקט דעם זאַץ.

— יאָ, אַזוי זאָגט ער. ער האָט שוין אפילו געזאָגט אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום וועל איך קענען אַרומפאָרן אין אַ פאָר שטול. אַזוי זאָגט ער, — האָט דער יונגערמאַן פאַרענדיקט מיט א שמייכל. — דערווייל . . .

ער האָט זיך אנגעכאַפּט אָן דער הוידעלקע, זיך אַ צי געטון און

אָפּגעזיפּצט: איצט איז בעסער אַ ביסל.

ער האָט שוין ניט געהאַט קיין צוהערער. מאַרגאַליס האָט דער־זען ווי ער האָט זיך אַ צי געטון, האָט ער אָפּגעקערט דעם קאָפּ, באַשלאָסן אַז אַט דער „מאלפּע" האָט דער דאָקטאָר ניט געזאָגט קיין ליגן, ער'ט אַרומפּאָרן אויף אַ פּאָר שטול, אַרומשפּרינגען אויף קוליעס, וועט אַרויסגיין פון שפּיטאָל, ער אָבער וועט־שוין פון שפּיטאָל נישט אַרויסגיין. נו יאָ, זיי וועלן אים מסתּם וועלן אַוועקשיקן אַהיים ער זאָל דאָרטן פּאַמעליך אויסגיין פון הונגער, דער שפּיטאָל טאָר נישט האָבן קיין רעקאָרד פון צופיל טויטע, עס וועט אָבער נישט קומען דערצו. „אין דריי, פיר טעג וועט איר קענען גיין אַהיים". פאַרשפּאָרן די טרחה. די פראַגע איז נאָר ווי אַזוי? פון קריגן עפּעס איז אָפּגערעדט, בלייבט, בלייבט . . .

אויף דער סטעליע ציט זיך אַ פּראצעסיע — מענטשן אויפגע־האָנגענע אויף זייערע שלייקעס, ליילעכער, אויף אַ האַקן פון אַ לאָמפּ, אַ צוואַק, אַ . . . ליידיקע סטעליע, גלאַט, ווייס, קיין האַקן, קיין צוואַק. הייבט די מאלפּע דאָ. סיידן אין וואש צימער. ווייסט אפילו ניט וואו עס געפינט זיך. הייבט אַרונטערגיין. דערגיין? טויג אויך נישט. מענטשן אין טורמע האָבן זיך אויפגעשניטן די אָדערן. שניידן, פידלען, בלוט. ניט פאַר זיינע כחות. סיידן פון פענסטער. צוגיין, זיך איבער־בויגן און . . . ער דאַרף אפילו נישט אַרונטערגיין פון בעט. ווי ווייט איז ער דען פון פענסטער? אַ צוויי פוס, נישט מער, זיך אַ רוק טון מיטן בעט, גייט לייכט, שטיל, יענער וועט אפילו נישט הערן. ער'ט זיך אויפכאַפּן? פאַרשטיקט, עפּענען אַ ביסל מער דאָס פענסטער, באַלד פאַרמאַכן, בלויז כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט . . . אים געפעלט עס ווי ער נאַרט אָפּ . . . דעם שכן זיינעם. אויף וועלכן שטאָק געפינט ער זיך? וואַרט, צו דער אָפּעראַציע, געדיינקט ער זיכער, האָט מען אים אַרונטערגעפירט. וויפיל שטאָק, צוויי, דריי? נאָך דער אָפּעראַציע? ער קען דאָך זען די געביידע קעגנאיבער! ער זעט דעם דאָך פון יענער געביידע. הייסט עס אויפן צווייטן שטאָק. הויך גענוג. אונטן? צעמענט מסתּם. אפשר גראָז. זיך אַנבויגן א קוק טון. שוין דאָן „זען". פון בעט צום פענסטער אַ פוס צוויי, דריי, זיכער ניט מער ווי דר . . .

— ד־ר־ר!

דאָס פענסטער האָט זיך אַ טרייסל געטון אַזוי ווי אַ לאַסט אויטאָמאָביל וואָלט האַרט פאַרבייגעפאָרן. מאַרגאָליס און זיין בעט שכן האָבן געוואָרפן אַ בליק צום פענסטער. אַ טויבער קלאַנג פון אַ ווייטן דונער האָט זיך אַ קוילער געטון ערגעץ אונטן, די בעטן האָבן זיך אַ וויג געטון.

— אַן ערד ציטערניש! — האָט דער יונגערמאַן מיט די צעבראָכענע פיס אַנגסטיק אויסגעשריען. זיינע הענט האָבן זיך אַ צאַפּל געטון אין דער לופטן, אָנגעכאַפּט די הוידעלקע, קראַמפּהאַפט זיך געצויגן אַרויף, די פאַרגיפּסעווטע פיס זיינען געהאַנגען אין דער לופטן, זיך געוויגט. — הער אויף ציטערן! — האָט ער אַ געשריי געטון צו דער . . . סטעליע, איין האַנט האָט שיר זיך אָפּגעטיילט פון דער הוידלקע, באַלד איז זי ווידער פאַרשטייפט געוואָרן אַרום דעם שטעקל, ביידע הענט האָבן גענומען ציטערן, באַכלאַזן, די פּלייצע האָט זיך אַרונטערגעלאָזט צו דער קישן, דער קאָפּ האָט זיך אַ דריי געטון צו זיין בעט שכן.

מאַרגאָליס איז שוין ניט געווען אין בעט. ביים ערשטן וויג איז די בעט פאַרשוואונדן פון אונטער זיין קערפּער, ער האָט זיך ממש אַרויסגעוויגט. איין שפּאַן, אַ צווייטן און ער איז שוין געשטאַנען אויפן שוועל פון טיר צום קאָרידאָר, געזוכט . . . וואָס, האָט ער ניט געוואוסט. אין די אויגן האָט געשווינדלט, דער באָדן האָט זיך געוויגט. — אַן ערד ציטערניש, — האָט ווידער שאַרף אַ שניט געטון אין מיכלס מח, באָטש די ערד האָט שוין מער זיך ניט געוויגט. — אַרויסלויפן! אַרויסלויפן! אַרונטערלויפן! דער עלעווייטאָר! וואו אי ז דער עלעווייטאָר? דאָ אָ! דאָס קנעפּל! וואו איז דאָס קנעפּל? אויפרייסן די פאַרמאַכטע טירן! — ער האָט געקלאַפּט אין די טירן, געשריען: עפנט די טיר! ער האָט, דוכט זיך, געשריען אַזוי הויך, געקלאַפּט אַזוי שטאַרק און קיינער האָט ניט געהערט. קלאַפּן שטאַרקער! די הענט האָבן זיך צוגעקלעפּט צום טיר, דער קאָפּ האָט אויך גערוט אויף דער טיר און מאַרגאָליס האָט געשעפּטשעט: עפנט, עפּפנ . . . די טירן האָבן זיך פאַנאַנדערגענומען און מאַרגאָליס האָט אַ פאַל געטון. עמיצענס אַ ברוסט האָט פאַרכאַפּט, אָפּגעשטעלט מאַרגאָליסן, אַ פרוי האָט אַ קוויטשע געטון. דער עלעווייטאָר פירער האָט אים שוין געהאַלטן

אונטער די פּאַכוועס, די עטליכע פּאַסאַזשירן האָבן זיך געשטופּט, געריסן פון ליפּט. — דאָקטאָר! נוירס! — האָט זיך געהערט, אייניקע האָבן געפּרואווט העלפן, און יעדער איינער איז געווען אַ צווייטן אין וועג ביז אַ באַדינער איז אָנגעלאָפן, אַ נעם געטון מאַרגאָליסן אויף זיינע אָרעמס. איין האַנט זיינע האָט זיך פאַרטשעפּעט אין די אַרונטערגעלאָזטע פּיזשאַמעס, אַנגערירט מאַרגאָליסעס לייב, און דער באַדינער האָט קאָנוואולסיוו געדרייט מיט יענער האַנט, געזוכט זי אַרויסציען, אָנגענומען ריכטיק דעם קערפּער. מיטן פּעקל אויף די אָרעמס איז ער געבליבן שטיין אַ פאַרווירטער: וואו באַלאַנגט דער מענטש? ער האָט געקוקט דעם מענטשן אין פּנים, דאָס געל אויסגעדאַרט געזיכט, די פאַרמאַכטע אויגן, די ליפּן האָבן געשוויגן און דאָס שווייגן האָט געזאָגט: אויפן עולם האמת! אהין באַלאַנגט ער. דער באַדינער האָט אַ טרייסל געטון דעם קערפּער, אַ פּיר געטון מיט די אויגן, דערזען אַ צעטומלטע וואַרטספּרוי. — שוועסטער! אַט דער . . . . ?

— דער? — האָט די צעטומלטע וואַרטספּרוי איבערגעפרעגט און ערשט דאַן אַ קוק געטון.

— ע ר! ע ר איז אַרונטערגעלאָפן? זאָל איך . . .

— וואוהין באַלאַנגט ער? — האָט דער באַדינער שוין ביי'ז אַ פרעג געטון און ווידער אַ טרייסל געטון זיין מענשליך פּעקל.

— אין צוויי צוועלף.

— טאָ זאָגט זשע אַזוי! — האָט דער באַדינער אַ וואָרף געטון דער וואַרטספּרוי און זיך געלאָזט צו דער טיר צוויי צוועלף. אַריינגעטראָגן מאַרגאָליסן, באַגעגנט דעם צעשראָקענעם קוק פון דעם יונגנמאַן מיט די צעבראָכענע פיס, האָט ער אַ זאָג געטון: די שפּיל איז פאַראיבער, און גענומען אַוועקלייגן מאַרגאָליסן אין בעט.

— וואָס מיינט איר?

אַזאַ שרעק אין דער פראַגע. דער באַדינער האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ. — איך מיין די ערד ציטערניש. פאַראיבער.

— וואָס מכּח דעם צווייטן טרייסל?

— פון וואַנען ווייסט איר ס'יעט זיין אַ צווייטער?

— אַלס אַ כּלל קומט נאָך איינער, אַ מאָל צוויי.

— איך ווייס נישט פון אַזעלכע כּללים, — האָט דער באַדינער

גראָבליך אַ זאָג געטון, צוגעדעקט מאַרגאָליסן און, אָפּירהויבנדיק דעם קאָפּ, פאַרטגעזעצט — און די ערד ווייסט אויך ניט פון קיינע כללים. טוט אַ ציטער. איז וואָס? מענטשן שרעקן זיך, לויפן. גאַריש. די געביידע קען אויסהאַלטן דעם שטאַרקסטן טרייסל. דער פולס זיינער איז . . . דאַרפן אַרויפשיקן אַ דאָקטאָר. וואו איז די פאַרדאַמטע וואַרטספרוי?

— עמיצער באַשעדיקט?

— קיינער אין דער געביידע! — ער האָט אַ צי געטון דאָס גלעקל. — סיידן דער דאָ. איר זייט גליקליך, האָט צעבראָכענע פיס. איר זאָלט קיינמאָל ניט לויפן אין אַ ערד ציטערניש. אינעווייניק, אין אזא געביידע, אַ מאָדערנע געביידע, שטאַל און קאנקריט, איז מען אַלע מאָל זיכערער ווי אינדרויסן, וואו א וואנט קען אומפאַלן, א ציגל אין קאָפּ. ער קוקט מיר אויס ניט אַזוי גוט. גיין אַרויפשיקן אַ דאָקטאָר.

דער סירענע יאמער פונם שפיטאל וואגן, דער שרילער פייף און גלאָקן קלאַנג פון די פייער לעשער האָבן אַריינגעדרונגען אין מאַרגאָליסעס אויערן. ער האָט געעפנט די אויגן, אַ קוק געטון אין איין זייט, אַ צווייטער, וואו איז ער דאָס? האָט ער ניט געהערט פייפן, קלינגען? דאָס איז דאָך אַ בעט, און דער אָ . . . די מאלפע! אין שפיטאל הייסט עס.

— פילט בעסער?

— איך בין אָלרייט, — האָט מאַרגאָליס אַ זאָג געטון מיטן טאָן פון אַ שיכורן וואָס טוט זיך אַ וויג צווישן איין שכרות כוואליע און אַ צווייטער. דערפילנדיק גלייך אַ שאַרפן ווייטיק, האָט ער אַ ריס געטון דעם צודעק פון זיך, אים פאַרקנייטשט צווישן די פינגער און אַרויסגעקרעכצט: דאָקטאָר!

דער יונגערמאַן מיט די צעבראָכענע פיס האָט לאַנג און צודרינגליך געצויגן דעם גלעקל-דראָט.

אויף מאָרגן, ווען מאַרגאָליס האָט זיך אויפגעכאַפּט, דער מאָרפין נעבל האָט זיך גענומען פאַנאַנדערגיין, האָט ער אַ פיר געטון מיט די אויגן איבער די ווענט, דעם שכנס בעט. יענער האָט געעסן אנבייסן און צווישן איין ביס און א צווייטן אַ פרעג געטון: נו, ווי פילט איר?

— איך בין אָלרייט.

— אַ ביסל צעטרייסלט געוואָרן, ביינאכט געווען נאָך אַ טרייסל. איר האָט עס ניט געפילט?

— ניין.

— געווען אַ גוטער ציטער, שאַרפער ווי דער ערשטער, נאָר קורצער, מיר דוכט אַ אַנדערהאַלבן סעקונדן.

טרייסל, ציטער. די ערד האָט אַ ציטער געטון, וואַרט נאָר. ווען איז דאָס געווען? בעכטן. נעכטן אָוונט. אָט פונקט דאַן ווען ער האָט געוואָלט זיך אָפּרייסן פון בעט, זיך אַרונטערוואַרפן צו דער ערד, האָט די ערד זיך אָפּגעריסן פון אונטער אים. און וואָס האָט ער געטון? געלאָפן, דאָס געדיינקט ער. וואוהין געלאָפן? ווי אַזוי איז ער צוריקגעקומען אין בעט? ניט וויכטיק. וויכטיק איז אטוואָס — די *ערד* האָט געציטערט, און ער האָט געציטערט איבער זיך, געציטערט פאַרן טויט, ער, מיכל מאַרגאָליס האָט געהאַלטן אין אַרונטערוואַרפן זיך פון צווייטן שטאָק, מאַכן אַן ענדע און ער, מיכל מאַרגאָליס, איז ביים ערשטן ערד ציטער געלאָפן, געלאָפן זיך ראַטעווען פון טויט. קאָמיש. צוויי מיכלס. צוויי זייטן פון איין מטבע. און דער *מיטן* פון דער מטבע, דער באַלעבאָס? ניטאָ קיין באַלעבאָס. ניט ער. אַן אנגעצויגענער זייגער, ניט ער האָט אים אנגעדרייט, ניט ער קען אים אָפּשטעלן. בעל כרחך אתה חי, בעל כרחך . . . דאָס האַרץ קלאַפּט, די געדערים . . .

אַ קראַמף ווייטיק האָט אים אנגעכאַפּט אז ער האָט זיך אַזש צוזאַמענגעדרייט, אַריינגעכאַפּט אַ ברעג פון ציכל צווישן די ציין אַזוי אַז דער קרעכץ האָט זיך קוים דורכגעזייט. ער איז אַזוי געליגן אַ צוזאַמענגעקארטשעטער ביז ער האָט דערפילט דער ווייטיק צעגייט זיך, גייט אָפּ ווי שפּארעס פון פאַרפרוירענע פינגער. זיין קערפּער האָט זיך גענומען אויסגלייכן, ער האָט געעפנט די אויגן, זיך אַוועקגעלייגט אויפן רוקן. מיט די אויגן צו דער סטעליע האָט ער, קוקנדיק לאַנג אויף איין פונקט, דערזען אַ שפּאלט דאָרטן. די אויגן זיינען ווי אויף קריץ איבערגעגאַנגען די געדרייטע ליניע פון שפּאלט. אַ שפּאלט אין סטעליע. דוכט זיך פריער ניט געזען. ווי לאַנג ליגט ער שוין דאָ? זיינע אויגן האָבן אַ בלאָנזע געטון איבערן צימער, דערזען דעם שכן, די הוידעלקע איבער זיין בעט. צעבראָכענע פיס. ער איז ניט

געלאָפן. פשוט, די פיס דינען ניט. פיס. קאָפּ. — איר זעט דעם שפּאַלט אין סטעליע?

— יאָ, דאָ נאָך אַ פּאָר. אַט דאָרטן אָ, און אין דער וואַנט. איר זעט? פונם נעכטיקן טרייסל. געווען אַ נישקשהדיקער ציטער. אָבער גאָרנישט ארונטערגעפאַלן. דער באַדינער זאָגט . . .

מאַרגאַליסן איז ניט אנגעגאַנגען וואָס דער באַדינער האָט געזאָגט, האָט שוין נישט געהערט וואָס זיין שכן האָט גערעדט. ערד ציטערניש. די ערד האָט געציטערט און ער האָט אויך געציטערט . . . פאַרן טויט, אַ ליגן, הייסט עס, ניט גרייט. מורא. מורא פאַרן טויט. אנטלאָפן. ע ר אַנטלאָפן.

די האַנט פלאַכן האָבן אַ גיי געטון איבער די שאַרפע קליבעס, די פינגער האָבן געפרואווט „קנייפּן" די ביינער, ער האָט איינגעבויגן אַ פוס, געפּרואווט זיך איבערדרייען. — א־ו־י! — האָט ער אַרויס־געקרעכצט. — ניין, ניין! — האָט ער געדרייט מיטן קאָפּ, ניט פון טויט, פון די ווייטיקן אנטלויפן, פון די ווײ־טטיקן!

אַ זעג האָט זיך פאַרטשעפעט אין די געדערים. ער האָט זיך איינגעהאַלטן ניט אויסצושרייען, ער האָט פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ, די פינגער האָבן פאַרקרעמפּט דעם ליילעך, די אויגן לעדלעך האָבן געציטערט. — אוי! — האָט זיך פאַרט אַרויסגעריסן און די אויגנ־לעדלעך האָבן אויפגעהערט ציטערן, די פאַרשטייפטע פינגער זיינען לויז געוואָרן, דער קערפּער האָט זיך אויסגעגלייכט. די פאַרגעלטע אויגן ווייסלעך האָבן שטאַר געקוקט אויף דער סטעליע. טויט ניט ווײ. נאָכגעלאָזט. ווען ער קען נאָר פּטור ווערן פון די ווייטיקן, ניט פילן ווי עס טוט אַ זעג, א ברען . . .

מילא טויט, אָבער וואָס איז דער שכל פון ווייטיקן? הינדוסן. הינדוסן גייען באַרוויס איבער פייער און פילן קיין ווייטיק. הינדוסן. ברוינע, דאַרע קערפּער, שוואַרצע קעפּ. נירוואַנא. זיך פאַרטראַכטן ביז ניט טראַכטן, ניט פילן. זיך פאַרטראַכטן ביז ניט טראַכטן — אַ פלאַנטער. זיך ניט דערטראַכט? אַלץ אויסגעטראַכט, אויסגעפלאָנטערט און דאָך, ווען די ערד האָט אַ ציטער געטון . . . זיך נעמען דאָס לעבן. דאָס ל ע ב ן זיך נעמען, ניט דעם טויט, מורא אפילו אַרויסצוזאָגן דאָס וואָרט. לעבן. טויט. אַ פלאַנטער. קיין חשק, קיין מורא, אים

גייט עס ניט אָן, קיין זאַך גייט אים נישט אָן. ערד, וועלט — רעדו־צירט צו אַ בעט, שכל — פילן ווייטיק און ניט פילן, דאָס אַלעס, ווייטער איז גאָרניטאָ. גאָרניטאָ.

זיין פנים האָט זיך פאַרקרומט, די בעט האָט זיך אַ וויג געטון פון זיין שאַרפן צוזאַמענדרייען זיך. דער שכן האָט אַ קער געטון דעם קאָפּ. — פילט ניט גוט? א מאַך מיט דער האַנט איז געווען דער ענטפער.

דער יונגערמאַן, אַ בייזער וואָס מ׳האָט אים לכתחילה אַוועק־געלייגט אין איין צימער מיט אַזאַ א, א דערשראָקענער, האָט לאַנג געצויגן דאָס גלעקל. די וואַרטספרוי איז אריינגעקומען. — איר האָט גערופן? — דעם יונגנמאַנס אויגן האָבן געוויזן אויף מאַרגאָליסן. אַ כעס שאָטן איז איבערגעלאָפן איבער דער וואַרטספרויס פנים.

— איר ווילט עפּעס?

— איך וויל גאָרניט, — האָט מאַרגאָליס אַרויסגעכריפּעט.

— זאָל איך אייך געבן אַ נאָדל?

— טוט וואָס איר ווילט, — האָט ער שוואַך אַרויסגערעדט, איינ־געגראָבן דעם קאָפּ אין קישן, איין פאַראַרעם איז לויז אַרונטערגע־האָנגען פון בעט.

די וואַרטספרוי האָט געטון „וואָס זי האָט געוואָלט", געגעבן אַ מאָרפין איינשפריצונג און מאַרגאָליס האָט זיך ניט געווערט.

אויפכאַפּנדיק זיך פון איין מארפין שלאָף אזא האָט ער אפיר־געקוקט צו דער סטעליע.

— נו, ווי פילסטו?

די אויערן האָבן פאַרנומען אַ קלאַנג, די אויגן ווייסלעך האָבן זיך אַ דריי געטון אין דער ריכטונג פון דער שטימע, עטוואָס העלעס האָט אַ שימער געטון פאַר די אויגן, אָבער דער ווייסער סופיט האָט געצויגן די אויגן אויף אַרויף. דער ווייסער סופיט האָט זיך געוויגט און די אויגן האָבן זיך געקלאַמערט אין דער ווייסקייט, געוואָלט זי אָנכאַפּן, אפּשטעלן. אָן וואָס דערמאָנט עס אים? אָן עפּעס דערמאָנט עס דאָך. עס דערמאָנט אָן . . .

— מיכל! — האָט די ווייב, אַ ווײנענדיקע, אַרויסגעקרעכצט, זיך צוגעבויגן צום בעט. — מיכל!

עפּעס באַליידיקענדיקס איז געווען אין זיין שטאַרן קוק. ער קוקט דאָך, זעט און זי זעט ער ניט, ווײל זי ניט זען. זי האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויפן ביינקל לעבן זיין בעט, פאַרשטעלט די אויגן מיט איין האַנט און זיך פאַרגאַנגען אין אַ שטילן געוויין. מיכל האָט ניט געהערט, זיינע אויגן האָבן זיך נאָך אנגעהאַלטן אַן דער סטעליע. ווייס. ווייס. ווייס . . .

די ווייסקייט האָט נאָך אַ שימער געטון, זיך אַ וויג געטון.

ווייס.

בלאַנק.

קאַמאַ.

בלינד די ציפערבלאַט. קיינע ווייזערס, קיינע וואָגן, בלויז דער אומרו, און דער זייגער, אַן אנגעצויגענער פון אַ בלינדער האַנט, האָט נאָך געקלאַפּט צוויי מעת לעת.



# אָדָם און חוה

— וואָס זיי האָבן געמאַכט פון פּאַלם ספּרינגס!

„זיי" — „ריעל עסטייטניקעס", קרעמער, — מענטשן מיט שאַרפע געשעפטס ציינער, האָבן אפּגעביסן פון דער מדבר שטיק נאָך שטיק, אַרויפגעקלעמט אויף נאָך אַ שטיק זאמדיקן באָדן אַ צעמענ־טענעם צודעק, אויפגעשטעלט האָטעל נאָך האָטעל, קראָם נאָך קראָם, אויסגעפּוצט די שוי פענסטער מיט די שענסטע מלבושים, די פאַר־שיידענסטע צאַצקעס און שמאכטעס, רופנדיק, שרייענדיק — טוריסטן! קומט אַהער! דאָ איז דער שפּיל פּלאַץ פון לאַנד, דער גן עדן פון דער וועלט. קומט, מענטשן! בייטלט אויס אייערע קעשענעס, לאָזט אונז איבער אייער געלט; אונזערע קעשענעס זיינען גרויס און זיי האַלטן אין איין וואַקסן; קוקט זיך צו ווי מיר וואַקסן!

— מיקען דאָך די גאַס נישט דורכגיין! — האָט דוד זיך גע־בייזערט.

מיט פערצן יאָר צוריק, ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל געקומען צופוס קיין פּאַלם ספּרינגס איז שוין דאָ געשטאַנען דער האָטעל „די מדבר אכסניא", אַ האָטעל א פּאַלאַץ, צו וועלכן דוד און זיינע מיט־גייער האָבן נישט געוואגט אפילו צוגיין צו נאָענט, באַטראַכטן אים. אַ האָטעל וואו עס קאָסט פינף און צוואנציק, פופציק דאָלאַר אַ טאָג! דאָס איז פאַר די גבירים, די הולטייעס, ניט פאַר אַזעלכע שלעפּערס. די „שלעפּערס" האָבן געהערט די מעשות וועגן דעם האָטעל — אינמיטן עס צימער וואקסט אַ בוים! ס'הייסט דער בוים, אַן אַלטער בוים,

אפשר טויזנט יאָר אַלט, איז דאָרט געשטאַנען, און ווען מהאָט גענומען בויען דעם האָטעל האָט דער אַרכיטעקט באַין אופן ניט געלאָזט אויס־האַקן דעם בוים, נאָר אַרום אים אַרומגעבויט דעם עס צימער; אין דער „מדבר אכסניא" האָט דער מעיאָר פון דער גרעסטער שטאָט אין אמעריקע אויסגעגעבן טויזנט דאָלאַר אין איין מעת לעת, שאַמפּאַניער האָט זיך געגאָסן עמערוויז, מאכלים האָט מען צוגעפּראַוועט פון הערן, זען און געדיינקען, און אַלץ צוליב זיינער אַ לינקער געליבטער; אין דער „מדבר אכסניא" האָט א מואווי אקטריסע . . .

זיי האָבן געהערט די מעשׂות וועגן דעם האָטעל, וועגן די געסט און ניט געוועזן אויפגעבראַכט אויף „זיי", די גבירים, די הולטייעס, דאַרויף זיינען זיי דאָך הולטייעס, און דער האָטעל האָט נאָך געקראָגן אַ מין חן, ניט קיין געוויינליכער האָטעל, פּאַלם ספּרינגס ניט קיין געוויינליכער פּלאַץ. פּאַלם ספּרינגס! דאָס איז גאָר, גאָר . . . אהין פאָרן מיליאָנערן! און זיי, דוד מיט זיינע מיטגייער, זיינען אויך דאָרט. זיי שטייען ניט איין אין דער „מדבר אכסניא"? אָבער זיי האָבן די גאַנצע מדבר פאַר זיך! די מדבר איז זייערע! די גבירים האָבן אוועקגעגנבעט א שטיקל מדבר, וואַלגערן זיך דאָרטן ערגעץ אין אַ ווינקל, זיי, די שלעפּער, האָבן די גאַנצע מדבר פאַר זיך, און וואו איז געשמאַקער, ניין, אפילו אינטערעסאַנטער, צו שלאָפן, אין דער „מדבר אכסניא", אין די רייך מעבלירטע צימערן, מיט די גוטע ווייכע בעטן, בעדער און שפּריצן, וואָס מיקען קריגן אין שטאָט אויך, אָדער אין פּאַלם קעניאָן אויף אַ בעט פון פּאַלמען צווייגן מיט דער שטערן געשטיקטער קאלדרע אַלס צודעק און דעם שטראָם וואַסער אַלס וויג ליד? און חייקע . . . אַ וואוילע מיידל. פאַרשטייט זיך אין פּאַלם קעניאָן!

— דאָס איז דאָך בראַוואָ! האָט דוד פּארטגעזעצט זיין באַ־שולדיקונגס אקט קעגן פּאַלם ספּרינגס, קעגן „זיי", די פאָרשטייער פון דער ציוויליזאַציע, וואָס האָבן אַ תל געמאַכט פון זיין פּאַלם ספּרינג פון פאַר פערצן יאָר, און ער האָט איצט זיך קוים געראַטע־וועט פון אַן אויטאָמאָביל איבערקרייצנדיק די גאַס. די אנגעשטעלטע אויטאָמאָבילן ביי די זייטן פון גאַס; דאָס אומאויפהערליכע יאָגן פון די אויטאָמאָבילן הין און צוריק איבער דעם געפּלאַסטערטן שליאַך,

דער הויפּט גאַס; די באַוועגונג פון די מענטשן אויף די טראָטואַרן; די פרויען ביי די שוי פענסטער; די קראַמען, די מויערן האָבן אָפּגעשטופּט די מדבר, פאַררוקט זי אין אַ זייט. מדבר? ניט וויכטיק. שטאָט! בלויז די זון האָט זיך ניט געלאָזט פאַררוקן אין א זייט. העכער און העכער איז די זון געשטיגן איבער די בערג וואָס האָבן אַרומגערינגלט די מדבר שיסל, די זאַמד בערגלעך האָבן זיך געמיניעט, די רויטע טשערעפּע דעכער פון די געביידעס האָבן געברענט אנטקעגן דער זון, די ווייס געקאַלכטע ווענט האָבן געבלאַנקט, די גלעזערנע שוי פענסטער האָבן זיך געפּעלבעלט ווי פליסיק וואַסער, אויף די עמאַלירטע אויטאָמאָבילן האָבן געשפּילט זונען טייכלעך, און די זון איז געשטיגן אַלץ העכער און העכער, די שטראַלן שאַרפער, שטעכיקער. — איריט ביי מיר שוויצן! — האָט די זון געשפּאַט פון די שטאָטישע מענטשן. דער צעמענט האָט שוין געאָטעמט מיט היץ, דער גאַנג פון די מענטשן איז געוואָרן פּאַמעליכער, שלאַבערדיקער. זיך באַהאַלטן, אַנטלויפן פון דער זון.

דוד האָט אויך געוואָלט אַנטלויפן, נאָר ניט פון דער זון. דוד איז געלאָפן פון שטאָט. כאָטש אויף עטליכע טעג האָט ער געוואָלט פּטור ווערן פון אויטאָמאָבילן, גאַזאָלין, טומל, גערויש, פון שטאָט, זיין אין דער מדבר, זיך אויסברענען אנטקעגן דער מדבר זון, פאַרנעמען די מדבר שטילקייט, זען ווי די מדבר בליט, יאָ, יאָ, די מדבר בליט! אַריינאָטעמען דעם געשמאַקן ריח פון דער בליאונג, און דאָ, נאָדיר — בראָדוויי!

— לאָמיר אַנטלויפן פון דאַנען!

— כאָטש אַריינגיין אין א רעסטאָראַן, אָפּעסן.

— מהאָט זיי אין דירערד! עסן אין קעניאָן.

— אָבער קאווע!

— קאווע? דבורה! האָסט מיטגענומען די טהערמאָז פלאַש? פיין! מירין אנפילן אַ טהערמאָז פלאַש קאווע און — אין קעניאָן אַריין! מיהאָט זיי אין דרערד!

איינגעקויפט אין א גרויסן אָפּענעם מאַרק־פּלאַץ כלערליי עסנ־ווארג, אנגעפילט די טהערמאָז פלאַש מיט קאווע, האָבן צען פאַרשוין

זיך אַרייַנגעזעצט אין צוויי אויטאָמאָבילן . . . און אַנטלאָפן פון דער ציווילזאַציע . . . אין קעניאָן אַריין.

— מירין פאָרן אין אנדערעאס קעניאָן! — האָט דוד קאָמאנדירט. ער איז געווען דער געניטער מענטש, שוין געווען דאָ אמאָל, אויס־געקראָכן אַלע קעניאָנס — טאַקוויז, מוררייַ, פאַלם, אנדערעאס קעניאָן — און ער האָט באשלאָסן — אנדרעאס. דבורה איז נאָך אַ גרינע אין דעם ווינקל, זי האָט אבער געהערט אַז מ׳פאָרט אין פּאַלם ספּרינגס דאַרף מען זיין אין פאַלם קעניאָן, פרעגט זיך: וואָס איז גאָר אנדרעאס? פאַרוואָס ניט פאַלם קעניאָן? — דוד האָט גענומען פאַרטיידיקן „זיין" קעניאָן, אויסרעכענענדיק די מעלות וואָס דער קעניאָן פאַרמאָגט לגבי אנדערע, ווען דער טרייבער האָט מיט אמאָל זיך געטון אַ שטעל אָפּ. דוד האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ צום טרייבער: וואָס האָט פּאַסירט?

אַ בודקעלע, אַ אינדיאַנער דערביי. דער אינדיאַנער גייט צו צום אויטאָמאָביל, ציילט: איינס, צוויי, דריי . . .

— וואָס איז דאָס? — האָט דוד אַ פרעג געטון דערשטוינט און עטוואָס אויפגעבראַכט.

— פינף און פופציק סענט, — האָט דער אינדיאַנער אַ זאָג געטון און האָט אויסגעשטרעקט צוויי בילעטלעך, אריינגאנג בילעטן אין קעניאָן אַריין.

— וואָס איז דאָס? פון ווען אָן דאַרף מען דאָס צאָלן פאַר אַריינ־גיין אין אַ קעניאָן? — האָט שוין דוד געשריען אָן אויפגעבראַכטער אויף די „שטאַטישע" פירעכצן.

— פינף און פופציק סענט, — האָט דער אינדיאַנער רואיק איבערגעחזרט און געוואָרפן אַ קוק אויף די פאַר אויטאָמאָבילן וואָס האָבן זיך אפגעשטעלט הינטער דעם ערשטן.

— ניט צאָלן! קיינמאָל צאָל פאַר גיין קעניאָן! — האָט דוד געריעדט אומישנע אַ שלעכטן ענגליש, גערעדט פאַמעליך און מיט אַ העכערן טאָן בדי דער אינדיאַנער זאָל בעסער פאַרשטיין. דער אינ־דיאַנער האָט „ניט פאַרשטאַנען". — פינף און פופציק סענט, — האָט ער נאָכאַמאָל איבערגעחזרט.

— פאַרפאַלן, מ׳דאַרף באַצאָלן, — האָט דער טרייבער ניט

אן איראָניע אויף דודיס חשבון א זאָג געטון, דעם אינדיאַנער פרעגט ער פונדעסטוועגן: וואָס עפּעס פינף און פופציק?

דער אינדיאַנער האָט פאַרשטאַנען. — מאַשין, — האָט ער אנגעוויזן אויפן אויטאָמאָביל און די צוויי פּאַסאַזשירן אין פראָנט — פינף און צוואנציק סענט, די דריי פּאַסאַזשירן צו צען סענט. — דער אינדיאַנער האָט ניט נאָר פארשטאַנען ענגליש, ער האָט אויך געקענט חבור און כפל. דער חשבון האָט געשטימט. דער טרייבער האָט באצאָלט, א לאָז געטון דעם אויטאָמאָביל.

קיינמאָל ניט געצאָלט פאַר אריינגיין אין קעניאָן, — האָט דוד זיך פאַרענטפערט פאַרן טרייבער. אים איז ניט אנגעשטאַנען וואָס ביים אַריינפאָרן אין ז י י ן קעניאָן זאָל מען דאַרפן צאָלן.

— ווען זייט איר דאָ געווען? מיט א יאָר פערצן צוריק? זינט דאַן זייַנען די אינדיאַנער קלוגער געוואָרן.

— קלוגער געוואָרן, — האָט דוד געבורטשעט, — דעגענערירט געוואָרן, מיינט איר. ער האָט דאָך אפילו ניט געוואוסט וואָס געלט איז, איצט — פינף און פופציק סענט! ציוויליזאַציע! — האָט דוד פאַרענדיקט, דערביי אַ הויב געטון די הענט. דער אויטאָמאָביל האָט געטון אַ שפּרונג אונטער, די הינטערשטע פּאַסאַזשירן האָט עס אַ הויב געטון פון די פּלעצער, דוד, מיט זיינע אונטערגעהויבענע הענט, האָט אויסגעזען אַז אָט אָט טאַנצט ער אַרויס פון אויטאָמאָביל דורכן דאַך.

— אַלע דאָ? — האָט דער טרייבער אַ פרעג געטון, אַ קער טוענדיק דעם קאָפּ צו די פּאַסאַזשירן.

— איר'ט צערייצן אונזער אַפּעטיט, — האָט דבורה געענטפערט מיט א שמייכל אויפן טרייבערס שמייכל. דוד האָט ניט געשמייכלט, ער איז געווען ברוגז. — פינף און פופציק סענט! דאָס האָט ער זיך אויסגעלערנט, דער אינדיאַנער, דער ווילדער, פאַרריכטן דעם וועג, דאָס ניט. באַטש באַגיסן מיט אויל, סמאלע, זאָל ניט זיין אַזוי שטויביק, פון דעם ווייסט ער ניט, אבי פינף און פופציק סענט. דאָס אַלעס וואָס ער ווייסט. — דוד האָט א מאַך געטון מיט דער האַנט, זיך מיאש געווען פון דעם „דעגענערירטן" אינדיאנער, אַרויפגעדרייט די שויב פון אויטאָמאָביל ,דער שטויב זאָל ניט אַריין און גענומען קוקן

דורכן פענסטער אויף דער מדבר.

די מדבר האָט זיך ניט געביטן. דיזעלבע זאמד, דיזעלבע שטיינער, דיזעלבע קאַקטוסן, איינער ווילדער, מגושמדיקער פונם צווייטן, אפילו די פעלד מויז וואָס איז פאַרבייגעלאָפן, דיזעלבע ווי פאַר פערצן יאָרן.

— זע ווי זיי האָבן זיך צעבליט! — ווייזט ער אָן דבורהן אויף די בארדע קאַקטוס פרוכטן — בארדע קנעפּ צוגעשפּיליעט אויף די אקסל, די זייטן פון די גרינע שטעכיקע, דיקע בלעטער. — פאַרזוכט אמאָל? גאַנץ געשמאַק, אָבער מ׳דאַרף זיך היטן פאַר די שטעכעלקעס.

— איך האָב זיי פיינט! פיינט זייער אויסזען. פאַרזעעניש!

די ליידנשאַפטליכע פיינשאַפט אין דבורהס טאָן פאַרוואונדערט דודן. פאַרוואָס אַזוי פיינט האָבן . . . קאַקטוסן? ער? ער האָט זיי ניט ליב, שייך זאָגן ליב האָבן קאַקטוסן, זיי זיינען פאַרזעעניש, דאָך אין דער ווילדקייט אין זייערער איז דאָ עטוואָס וואָס ציט צו. דבורהס אויגן, זעט ער, פאָלגן נאָך די בלימלעך־אויסשיטן איבערן זאַמד.

— דאָס איז ווערבענא, — קאמענטירט דוד, אנווייזנדיק אויף די בלאַנקיטנע בלימלעך צעשאָטן אין קליינע אויסשיטן ווייט איבער דער מדבר. — שמעקן זייער גוט. — ער האָט אַרונטערגעדרייט די שויב פון אויטאָמאָביל. ווען אנשטאָט דעם ריח פון די ווערבענאס האָט זיך יאָג געטון א הייסע לופט געמישט מיט שטויב, האָט ער צוגעגעבן, — דער עיקר גאַנץ פרי און ווען די זון לאָזט זיך אַרונטער. דאַן שמעקט עס אָ מחיה. — דעם פענסטער האָט ער פונדעסטוועגן מער ניט פאַרמאַכט.

— ווי ווייט גייט דער וועג דאָ? — האָט א פרעג געטון דער טרייבער ווען עס זיינען ניט אנגעגאַנגען די קאַקטוסן, די בלימלעך. אים איז שוין מיאוס געוואָרן פאָרן אויף שטיינער, אין גריבער, דרייען און קירעווען דאָס רעדל, קוועטשן און אפּלאָזן דעם טאָרמאָז.

— שוין באַלד, — האָט דוד געענטפערט אפירקוקנדיק פון פענסטער. — אָט די שטיינערנע שיף זעט איר? דאָרט איז די ענדע פון אויטאָמאָביל וועג.

דער טרייבער, די איבעריקע פּאַסאַזשירן, גרייט צו זען „וואונדער", האָבן מיט די אויגן א זוך געטון די שטיינערנע ש י ף. קיין שיף האָבן

זיי ניט געזען. אַ שטיינערנער באַרג, אַ פעלז, דאָס אַלעס. דער טרייבער, אַ דריי טוענדיק דאָס רעדל אויסצומיידן אַ שטיין אויפן וועג, האָט ניט איבערגעפרעגט וואָס פאַר שיף, ווי קומט אַ שיף אין דער מדבר, זאָל זיין אַ שיף, אבי שוין אָפּשטעלן דעם אויטאָמאָביל, ניט העצקען זיך איבער אַזאַ פאַרדאַמטן וועג. נאַדיר — קעניאָנס! אויף די הויפּט וועגן — אַ מחיה! גלייך און גלאַט ווי אַ טיש! דאָ . . .

— דאָ איז עס! — האָט דוד פריידיק אויסגערופן, און נאָך איידער דער טרייבער האָט פאַרהאַקט די ברעמזע, האָט דוד שוין געהאַלטן דאָס הענטל פון טיר, גרייט אַרויסצושפּרינגען פון אויטאָמאָביל.

— ווי געפעלט אייך אָט דאָס „שטיינדל?" זעט עס ניט אויס ווי אַ שטיינערנע שיף?

דער פעלז, אַ דריי הונדערט פוס די הויך, האָט, מיט אַ ביסל פאַנטאַזיע אנשטריינגונג, טאַקע אויסגעזען ווי אַ שטיינערנע שיף וואָס איז אַרויפגעקראָכן אויפן ברעג, דער נאָז פון שיף פאַרריסן צום הימל — אָט שטיי איך! נו? דער חלל אונטערן נאָז פון שיף, דער שאָטן דאָרט, אין קאָנטראַסט צום שטיין וואָס האָט געגליט אנטקעגן דער זון, האָט אַרויסגערופן די פאַרשטעלונג פון אַ הייל.

— אין די היילן דאָ האָבן געוואוינט אינדיאַנער, — האָט דוד קאָמענטירט. — דאָ קען מען נאָך זען סימנים ווי זיי האָבן געמאָלן קאָרן, געמאַכט עסן. איר זעט אָט דעם שטיין?

צופוסנס פון דער שטיינערנער שיף איז געליגן אַ גרויסער פלאַכער שטיין. — איר זעט, — האָט דוד אנגעוויזן אויף עטליכע קיילעכדיקע גריבלעך אין דעם שטיין. — דאָ האָבן עס די אינדיאַנער געמאָלן זייער קאָרן מיט שטיינערנע טויקאַטשעס.

אַלע האָבן זיך אַרויפגעקליבן אויפן שטיין, געקוקט אויף די אויסגעצירקלטע גריבלעך, אויסגעגראָבן, אויסגעשניטן ווער ווייס וויפיל יאָר צוריק, און אַלע האָבן „באַוואונדערט דעם וואונדער" פון די אינדיאַנער, וואָס האָבן מיט אַ שטיינערנעם טויקאַטש אויסגעריבן גריבער אין שטיין, געמאָלן דאָרטן קאָרן, געמאַכט פייער, געעסן. דער ערשטער פּטור צו ווערן פון דער „באַוואונדערונג" איז געווען דער טרייבער פון אויטאָמאָביל. ער איז געווען מיד פון טרייבן די עטליכע שלעכטע מייל, אַ לייביקער, האָט ער זיך באַגאָסן מיט שווייס. — הייס! — האָט ער אַ זאָג געטון און גלייך אַ צי געטון

איבערן קאָפּ דאָס לייכטע סוועטערל, עס אַרונטערגעצויגן, אַנטפּלעקנ־דיק אַ פּעטע, האַריקע בּרוסט. ער האָט זיך אַ פּעטשל געטון איבער דער בּרוסט — פּיין! — דאָס איז געווען אַ מין סיגנאַל פאַר אַלעמען אַרונטערציען די קליידער. מענער זײַנען געבליבּן אין אײַנגע הויזן אָדער קורצע הויזלעך, די פרויען אויך אין קורצע הויזלעך, מער ניט די בריסט פאַרדעקט, אײַנגעצאַמט אין באַנדאַנעס — אַ קאָלירטע פּאַטשיילע מיט אַ שלײף איבּער האַלז, איבּערן רוקן.

— פּיין! — האָבּן זיך אַלע מחיה געווען מער מיט דער פרייקייט פון זייערע קערפּערס ווי מיט דער זון וואָס האָט „זיך צוגעכאַפּט" צו זייערע אַנטבּלויזטע קערפּערס און גאַנץ געשמאַק געוואַרימט.

— טו עפּעס אָן אויפן קאָפּ! — האָט אײנער געוואָרנט זיין פרוי. אַלע האָבּן גענומען באַפּוצן די קעפּ. אײנער האָט אָנגעטון אַ גרויסע שטרויענע סאָמבּרעראָ, אײנער האָט אויסגעקנייטשט פון אַ צייטונג אַ סאָלדאַטסקע „קנישיקל" און עס אַרויפגעזעצט ממזריש אויפן קאָפּ; אײנער האָט פּשוט אָנגעטון אַ שקאַרמיץ; אײנע האָט אַרומגעבּונדן דעם קאָפּ מיט אַ טיכל; אַ צווייטע האָט גאָר אַרומגעוויקלט אַ האַנטוך אַרום קאָפּ, דאָס גאַנצע געזעמל — אַ מין מאַסקאַראַד עולם, די „מאַסקעס" — אָן ערלויבעניש זיך נאַריש מאַכן, זיך פילן פריי, — הפקרדיק, אָט ווי מענטשן גייען הפקרדיק אָנגעטון אויפן זאַמד ביים ים.

— וואָס מכח אַרויפקריכן אויפן שפּיץ שטיין דאָרט?

אַ פּאָר האָבּן זיך געלאָזט צום שטיין, געפּרואווט קלעטערן, אַנדערע האָבּן „באַוואונדערט" דעם שטיין, „די שיף", אַרויסגעזאָגט השערות ווי אַלט די שטיינער מוזן זיין.

— וואָס איז מכח אַרונטערגיין צום וואַסער? — האָט דבורה אַ פרעג געטון, גרייט צו גיין אַהין. אַ קופּער־האָריקע, אַ ווייסלייבּיקע, האָט זי ניט געקענט פאַרטראָגן צופיל זון, איר פּנים האָט זיך שוין צעפלאַמט, זי האָט שוין געזען אין געדאַנק וויפיל שפּרינקעלעך זי וועט קריגן.

— פריער דאַרף מען אָפּעסן, — האָט דער אויטאָמאָביל טרייבּער אַ זאָג געטון, אויסציִענדיק בּרייטלעך דעם „אָפּ־עסן". דער מענטש האָט געהאַלטן פון אַ ביס טון.

אַלע האָבּן דערפילט מ׳איז הונגעריק און מ׳האָט גלייך גענומען

„גרייטן צום טיש". מיהאָט אויסגעשפּרייט אַ טישטוך אויפֿן שטיין, אַרויסגעשלעפּט פֿון קעסטלעך און זעקלעך עסנוואַרג און געשיר, און נאָך איידער אַלעס איז געווען אויסגעלייגט האָט דער אויטאָמאָביל טרייבער שוין געהאַלטן אַ סענדוויטש און פֿאַרזיכערט אַז אין אַנדרעאַס קעניאָן עסט זיך גאָר געשמאַקער . . .

אָפּגעגעסן, פֿאַרטרונקען, ווער מיט קאַווע, ווער מיט קאַלטער וואַסער פֿון שטראָם אונטן, האָבן זיך אַלע דערפֿילט אַז די הויפּט אַרבעט איז אָפּגעטון געוואָרן, איצט . . .

— איצטער כאַפּן אַ פֿיינעם דרימל, — האָט דער טרייבער אַ זאָג געטון. תּוך כּדי דיבור האָט ער זיך אויסגעצויגן אין דער פֿולער לענג טאַקע דאָרט אויפֿן שטיין, דעם פּנים פֿאַרדעקט מיט אַ צייטונג, זיין בייכל האָט זיך גענומען הויבן און אַרונטערלאָזן, ער האָט שוין „גע־דרימלט" . . .

— צו הייס! — דבֿורה האָט זיך אויפֿגעהויבן. דוד האָט זיך אויך אַ הויב געטון.

— ווילסט גיין אַ ביסל? געגאַנגען!

— „ליידיס פֿוירסט"! — האָט דבֿורה אַ זאָג געטון, מיט די שפּיץ פֿינגער אָנגערירט דודס אַקסל, אים אָפּשטעלן, ער זאָל זי לאָזן פֿאָראויס.

איר פֿינגער באַריר האָט אים אַ ברי געטון. ער האָט זיך אַ דריי געטון. אים האָט אַ שימער געטון פֿאַר די אויגן איר ווייסע הויט, וואָס האָט איצט, אונטער דער זון, זיך גענומען פֿאַרבן ראָוז. — טרוסקאַווקעס מיט סמעטענע, — איז דורכגעלאָפֿן אַ בילד. דער צונג האָט דערפֿילט דעם טעם, די אויגן האָבן גיריק אויפֿגעפֿינקלט.

— הויבט זיך נישט אָן, — האָט ער האַפּערדיק אַ זאָג געטון, — איצט ביסטו ניט קיין ליידי, אַ מרגל ביסטו, גייסט אויספֿאָרשן דעם קעניאָן, איך בין דער פֿירער, דער וועג ווייזער, און איך גיי פֿאָראויס.

— איך וויל גיין פֿאָראויס.

אין דער שטילקייט מיט וועלכער די ווערטער זיינען אַרויסגע־זאָגט געוואָרן האָט דוד דערפֿילט אַן אָנגעלאָדנקייט. איר אופֿן פֿון שטיין — באַשלאָסן, זי רירט זיך ניט פֿון אָרט סיידן ער גיט נאָך. אַ שמאָלע סטעזשקע. ער האָט זיך אַ רוק געטון זי דורכלאָזן, איר

נאקעטער ארעם האָט דאָך אנגערירט זיין זייט. ער האָט זיך צוגעדריקט צו דער שטיינערנער וואַנט, דער רייב אין שטיין האָט אָפּגעריבן דעם דרינגענדיקן פאַרלאַנג זי אַרומכאַפּן, זי צודריקן צו זיך. ער איז איר נאָכגעגאַנגען, באמיט זיך ניט צו קוקן אויף איר פּלייצע, דער קנופּ פון דער רויטער פאטשיילע — צוויי האָזן אויערן — זיינען געשפּרונגען פאַר די אויגן, גערייצט זיך — כאַפּ מיך! וועסט מיך ניט כאַפּן . . .

ער האָט געדאַרפט גיין פאַראויס. ער האָט געדאַרפט גיין פאַר־אויס, — האָט אים געפּיקט אין קאָפּ און יעדעס מאָל וואָס ער האָט זיך געקליבן זי א צי טון, זיך אַ ריס טון פאַראויס, איז זיין קוק גע־זונקען אין איר ווייס לייב וואָס האָט פאַר זיינע אויגן זיך געפאַרבט ראוז, ער האָט געקענט זען, פילן ווי איר לייב וואַרימט זיך, היצט זיך אָן און אים האָט א היץ באשלאָגן. ער קען ניט קוקן אויף איר פּלייצע.

. . . דבורה האָט ניט געקענט קוקן אויף זיין פּלייצע. זיין קאַווע ברוינע הויט, זיין רוקן ביין . . . זי האָט שיר נישט אנגעהויבן ציילן די ביינער קנופּן דאָרט. אַזעלכע מאָדנע געדאַנקען . . . זיינען איר געקראָכן אין קאָפּ, געטאנצט פאַר די אויגן . . . זי האָט געמוזט גיין פאַראויס. כאָטש צו האָט זי בעסער געמאכט איז איר געווען ניט קלאָר: זי האָט געפילט זיין קוק אויף איר פּלייצע און מאָמענטנווייז האָט זי ניט געקענט באשטימען, האָט עס איר א שטאָך געטון די זון, אָדער דודס קוק . . . אַ ציטער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין אירע קני, אָט בויגן זיי זיך איין, זייט אַ פאַל טון, דוד וועט זי אונטערכאַפּן, וועט . . .

— דאָ איז די ענדע פון דער סטעזשקע. — זי האָט זיך אומגע־קערט מיטן פּנים צו דודן. דער טאָן — רעזיגנאַציע, מער קען איך ניט, איר שטעל נאָכגעלאָזט, זיך אַוועקזעצן, זיך א לייג טון. דער פּנים פאַרפלאמט, די אויגן העלער ווי ער האָט זיי ווען עס איז געזען, העלברוין געמישט מיט גרין, דאָך קען ער זען אַזאַ דינעם, דינעם גאַז זיך שפּרייטן פאַר די אויגן, איר האַלז, בריסט . . .

—ווירקליך? די ענדע פון דער סטעזשקע? וואָס זשע, ווייטער פון דאַנען איז שוין דער אינדיאַנער ניט געגאַנגען? נישקשה פון אַ מרגל! — זיין אנווייזנדיקער פינגער האָט אַ שאר געטון איר קין, נאָז, ביז צום שטערן צו. זי האָט א טרייסל געטון דעם קאָפּ. ער האָט זי אנגעכאַפּט, דערפילט ווי איר קערפּער האָט זיך אנגעשטריינגט זיך

אַוועקציען פון אים. — לאָז מיך! — האָט ער אַ זאָג געטון שאַרף, שטריינג, אַ טראָט געטון פאַראויס. — זעסט? אָן דאָרטן אַ ציט זיך די סטעזשקע ווייטער.

—אויף יענער זייט?

איר טאָן, אָט ווי עס וואָלט געווען אַ גרויסער טייך פאַר איר. דער שטראָם איז געווען אַ זעקס פוס די ברייט, דאָס וואַסער אַזוי קלאָר אַז מהאָט געקענט זען יעדער זעמדעלע אויפן באָדן.

— וואָס מיינסטו וואָס, דער אינדיאַנער האָט אויסגעלייגט אַ ווירע און געגאַנגען נאָך דער ווירע נאָך? ער איז געגאַנגען נאָכן וואַסער נאָך. און די וואַסער וועגן זיינען געדרייטע, אפשר אַזוי געדרייט ווי דעם מענטשענס וועגן . . . — פאַרשטייסטו שוין, נאַריש מיידל, — האָט צוגעגעבן זיין קוק. — קום, לאָמיר אַריבערגיין.

— איך האָב מורא.

— גיב אַ האַנט.

דוד איז פלינק איבערגעשפרונגען פון איין שטיין צום צווייטן, אויסגעשטרעקט די האַנט און אויך דבורהן איבערגעצויגן פון שטיין צו שטיין, ביז ער האָט זי אַריבערגעצויגן אויף יענער זייט שטראָם.

— געשפּאַלטן דעם ים! — האָט ער פריידיק אויסגערופן. — איצט קענען מיר גיין און גיין.

— איך בין מיד,—האָט דבורה אַ זאָג געטון עטוואָס געפּעשטשעט.

— ניט די פיס, אָבער עס איז אַזוי פאַרדאַמט הייס. ווען מיקען זיך ערגעץ אַוועקלייגן, ניט אויף דער זון, אין שאָטן, פאַרשטעלט פון דער זון.

— אָן דאָרטן א זעסטו? די פּאַלמעס? אַ רעדל פּאַלמעס. דאָרטן וועלן מיר זיך באַהאַלטן . . . פון דער זון.

די פּאַלמעס — אָט מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, האָבן זיך אַרויסגעוויזן ניט אַזוי נאָענט. די סטעזשקע איז געווען אַ געדרייטע, ערטערוויז האָט מען באַדאַרפט דורכקריכן דורך געדיכטע, שטעכיקע צווייגן. דוד איז געגאַנגען פאַראויס. קומענדיק צו אזא געדיכט פאַר־וואַקסענעם פלאַץ, האָט ער אויסגערופן: פאַרזיכטיק! אַליין דורכגע־קראָכן און ניט אפגעלאָזט די צווייגן ביז ער איז ניט געווען זיכער

זיי וועלן איר נישט א פאטש טון אין פנים, זי וועט זיך ניט צעשטעכן. ענדליך האָבן זיי דערגרייכט די פּאַלמעס.

אין א קרייז זיינען געשטאנען ניינצן פּאַלמעס — ער האָט זיי איבערגעציילט — הויכע, דיקע. די טרוקענע צווייגן אַרונטערגעהאַנגען, האָבן זיי אויסגעזען גראבבייכיק, אנגעטון אין אַלטע זאַמד גרויע קליידלעך, בלויז די שפּיצן האָבן געגרינט, גרינע פעכערס וואָס האָבן געגלאנצט, זיך געשפּיגלט אנטקעגן דער זון.

— דאָס איז אַ אידעאַלער פּלאַץ! — האָט דוד אויסגערופן, שטאָלץ מיט זיין מקום מנוחה וואָס ער האָט געפונען. — די זון . . . ?

— ער האָט פאַרריסן דעם קאָפּ, זען ווי באשיצט מ׳איז פון דער זון. דבורה האָט זיך שוין אנידערגעזעצט, אַרונטערגענומען די סאָמברעראָ פון קאָפּ, אַ טרייסל געטון די האָר, אַ צי געטון די באנדאַנא און אַ פיר געטון מיט דער האַנט איבערן פנים. — הייס!

— דאָ איז גאַנץ קיל. —דוד האָט זיך אַרונטערגעלאָזט. א שווייגן איז אנטשטאנען. דוד האָט זיך אויסגעצויגן. ליגנדיק שוין, האָט ער אַ זאָג געטון: מאַך זיך באַקוועם. צי זיך אויס. עס איז פיין!

דבורה האָט זיך אויך אויסגעצויגן. דוד האָט געפילט זי האָט זיך אוועקגעלייגט, ער האָט עס ניט געזען. מיט פאַרמאַכטע אויגן איז ער געליגן, דער פּנים אַרויף. ער האָט געפילט די גלידער גייען אים אָפּ, דער קערפּער גיט נאָך, די זון דערלאַנגט אַהער אויך אַ ביסל, אָבער אזא אנגענעמע וואַרימקייט, זי שטעכט ניט די זון, זי גלעט. ליגן אַזוי. ליגן. און דאָס וואַסער. לויפט, לויפט אָן אן אויפהער. אַזוי טאָג, אַזוי נאַכט, אַזוי יאָרן, הונדערטער, טויזענטער, אפשר מיליאָנען יאָרן.

פאַר די פאַרמאַכטע אויגן האָט זיך פאַרבייגעטראָגן אַ וועלט. אַ וועלט אן הויכע געביידעס, אָן גאַסן, אָן אויטאָמאָבילן, אויטאָמאָביל וועגן, אָן מענטשן, אָן צייטונגען, אָן ראַדיאָס, אָן וועלט נייס, אָן אידישע צרות. פעלדער, וועלדער, בוימער, טייכן, שטיינער, מדבריות, בערג, פון די בערג ציט זיך, יאָגט זיך אַ שטראָם וואַסער, פאַלט אָן אויפהער, און איבער די בערג, צווישן די שטיינער באַווייזט זיך אַ מענטש, אַ אינדיאַנער מיט פייל און בויגן, זוכט אַ פויגל צום שיסן; אין דעם רוישיקן שטראָם דערשיינט ער פּלוצלונג אין זיין קליין שמאָל שיפל,

און אַט דער צימרינג־הויטיקער מענטש מיט זיין קאַנטיקן פּנים איז אַ טייל פון דעם בראַנזענעם שטיין, פאַסט זיך אַריין אפילו אין שטראַם, סטאַרטשעט ניט אַרויס פון דער וועלט אַרום. דער אינדיאַנער מיט די פינף און פופציק סענט ביים אַריינפאָר אין קעניאָן טוט זיך אַ רוק אַריין. דוד פאַרטרייבט אים. ניט דער. דער איז ניט קיין אינדיאַנער, דער איז אַ ברוינער אַמעריקאַנער, א ממזר. יענער, דער בראַנזענער. וואו האָט ער עס געזען דעם בראַנזענעם אינדיאַנער?

דוד האָט אָן עפן געטון די אויגן. די זון האָט א שניט געטון. ער האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ, דערזען דבורהן, די אויגן פאַרמאַכט, פאַרזשמורעט, די ארעמס אונטערן נאקן. גאָלד! די שפּיל פון אַ זונען־שטראַל אויף די האר פון אירע פּאכוועס. די גאָלדיגקייט פון אָט די האָר! דער קאָפּ קופּער, די פּאכוועס — גאָלד! צוויי שמאָלע אויגן שפּעלטעלעך האָבן זיך אָן עפן געטון, אים א שניט געטון.

איז עס געווען דאָס גאָלד פון די פּאכוועס? איז עס געווען דער שמאלער, שפּעלטעלע־קוק? איר עטוואָס געעפנט מויל? אָדער גאָר די כוואַליע וואָס האָט שוין ניט איין מאָל דעם פרימאָרגן זיך אַ יאָג געטון אין אים, זיך אַ יאָג געטון און צוריקגעטראָטן, און איצט האָט זי אים פאַרפלייצט. א מעווע טוט זיך אַ יאָג, שיסט אַריין דעם שנאָבל אין וואַסער אַריין. דוד האָט א נורע געטון מיט זיין קאָפּ אונטער דער פּאכווע, דער נאָז האָט געצויגן דעם ריח, דער מויל . . .

— דוד! דוד! ביסט משוגע? . . .

זי האָט זיך א דריי געטון, געפּרואווט אים אפּשטופּן מיט די האַנט פלאכן, אָט איז איר געלונגען אפּשטופּן זיין ברוסט א ביסל, אָבער נאָר צו דערפילן גלייך ווי זיין ברוסט איז צוגעפּאַלן צו אירער, אירע ליפּן געכאַפּט פון זיינע ליפּן. איר קערפּער האָט נאָכגעלאָזט, נאָכגעגעבן, אפּגעענטפערט, ציטערנדיק, גליענדיק . . . ער האָט שוין ווידער געפילט די וואַרימקייט פון דער זון אויף דער פּלייצע, אויפן קאָפּ, קיין אבר האָט זיך אָבער ניט א ריר געטון. ליגן אַזוי, איינ־שלאָפן, ניין, איינדרימלען, דרימלען און פילן איר לייב, פילן די זון . . .

ער האָט דערפילט א טרייסל, און נאָך איידער ער האָט באַגריפן וואָס איז געשען, האָט ער דערהערט: אַ שלאַנג! ערשט דאַן האָט ער

דערזען דבורהן אַ שטייענדיקע, אַ ציטערנדיקע, ער האָט זיך געטון אַ שטעל אויף. — אַ שלאַנג? וואו?

— אָן אָ! — האָט זי געטיקעט מיט אַ פינגער.

געמעגט שווערן ער האָט געזען עפּעס קאַלירטעס האָט זיך אַ צי געטון, זיכער איז ער ניט געווען.

— האָט זיך דיר געדוכט.

— געדוכט. אַ שלאַנג אַזוי די לאַנג, — האָט זי צענומען די הענט, — האָט זיך מיר געדוכט, זאָגט ער.

אירע צענומענע הענט האָבן מיט אַמאָל אנטפּלעקט איר גאַנצע נאַקעטקייט, אינגאַנצן נאַקעט אין דער העלער זון ליכט. דודן האָט אַ בלענד געטון אין די אויגן.

— חוה, — האָט ער פאַרגאַפּט אַ זאָג געטון און זיינע אויגן האָבן זיך צעעפּנט.

— חוה? — זי האָט געקוקט אויף אים, געזען דעם אויסדרוק אויף זיין פּנים און אים ניט באַנומען. אַ נייער דוד. אַזוינעס האָט זי אים נאָך ניט געזען. זיין קוק . . . זי האָט אַ טוליע געטון די עלנבויגנס צו די זייטן, מיט די הענט פאַרשטעלט די בריסט, זיך איינגעבויגן, אַזוי אַרום כאָטש עטוואָס פאַרשטעלן איר נאַקעטקייט פון וועלכער זי איז נאָר וואָס דייטליך געוואוירע געוואָרן, גלייכצייטיק האָט זי דערזען זיין פולע נאַקעטקייט, האָט באַגריפן זיין קוק, אָט דעם קוק האָט זי שוין אַמאָל געזען. וואו? וואו? אין אַ מוזעאום. אַ פאַאון, אַ סאַטיר! שרעק האָט אַ פאַך געטון אויף איר נאַקעטן קערפּער. זי האָט זיך אַנגע־בויגן נאָך איר פּאַטשיילע, אירע הויזלעך און זי האָט זיך אַרונטערגע־לאָזט אויף דער ערד.

דוד האָט זיך אַרונטערגעלאָזט ביי אירע פיס, ניט לאָזנדיק איר אַזוי אַרום זיך אַנטון. איבערציענדיק זיין אָרעם איבער אירע לענדן האָט ער פאַרקוקט צו איר: האָסט אַמאָל געלערנט חומש?

— ניין. וואָסי?

— אַ אידישע טאָכטער און ניט געלערנט, ניט געלייענט דעם חומש. אַ שאָד, אַ שאָד.

— וואָס עפּעס פּלוצלונג?

— אָבער אַז ס׳איז געווען אַ אדם און חוה ווייסטו?

— אודאי ווייס איך.
— און אַז זיי האָבן געלעבט אין גן עדן?
— ווייס איך אויך.
— און אין גן עדן זיינען געוועזן צוויי בוימער, דער בוים פון לעבן און דער בוים פון וויסן, ווייסטו אויך. און גאָט האָט געזאָגט: פון בוים פון לעבן מעגט איר עסן, אָבער פון בוים פון וויסן זאָלט איר ניט עסן. איז געקומען די שלאַנג . . .
דבורה האָט אַ ציטער געטון.
דוד האָט מיטן ארעם א דריק געטון איר שיינקל. — . . . איז געקומען די שלאַנג . . .
— יו ־ הו! הו ־ הו!
דבורה האָט זיך שאַרף אַ דריי געטון, איז אויפגעשפרונגען. אַ צעשראָקענער הירש האָט אנגעשפיצט די אויערן, דעם גאַנצן קערפּער.
— זיי זוכן אונז! — האָט זי אַ וואָרף געטון און ראש גענומען ציען אויף זיך די הויזלעך, די פּאטשיילע.
דוד איז געבליבן ליגן מיט פאַרמאַכטע אויגן. ווי ווייט צוריק ער איז פארגאַנגען! אין אלף הראשון. אנגעהויבן פונם אינדיאַנער און פאַרגאנגען צו אדמען. אדם, חוה, גן עדן, שלאנג, אפילו „גאָטיס״ שטימע: אדם! וואו ביסטו?
— יו ־ הו! — האָט עס געהילכט אלץ נעענטער. זאָלן זיי רופן. וואָס איז עס געווען? די שפּיל פון אַ זונען שטראַל אויף אַ גאָלדענער האָר? א שמאָלער קוק? אפשר גאָר די זון. די זון האָט געצונדן די בלוטן, די פּאלמעס — אשרות. אשרה. זון, ערד, מענטש.
— יו ־ הו!
— וואָס ליגסטו? — האָט זי אים א ריס געטון ביי די האָר. — זיין דאָך באַלד אנקומען.
— זאָלן זיי.
זיין שמייכל דערביי, זיין . . . נאקעטקייט, זי וואָלט . . . — שטיי אויף! — האָט זי אים א ריס געטון. — טו זיך אָן, זיין דאך באַלד אנקומען.
— ויאמר, את קולך שמעתי, — האָט דוד געזונגען מיטן טראָפּ פון מעביר זיין די סדרה, דערביי געשטופּט די פיס אין די הויזן אַריין.

— אנגעטון! — האָט ער מעשה אינגל א זאָג געטון, פאַרציענדיק דעם רימען.

— לאָמיר גיין.

— וואַרט, זייַין צוקומען אַהער.

— איך וויל ניט זיי זאָלן צוקומען אַהער, — האָט דבורה שוין באַפּעלעריש געזאָגט.

— יו - הו! מיר קומען! — האָט זי געשריען „אין דער וועלט אַריין" און צו דודן: קום, לאָמיר גיין. ריר זיך.

דוד האָט איבערגעצויגן זיין אָרעם איבער איר רוקן. — . . . איז געקומען די שלאַנג . . .

זי האָט זיך אַפּגעטרייסלט פון זיין אָרעם. — יעסט מיר דערציילן אַן אַנדערש מאָל. קום!

— וואָסי די איילעניש? — ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. אים האָט שוין פאַרדראָסן איר באַפּעלערישער טאָן, איר אַראָפּטרייסלען זיין אָרעם.

— זיי קומען דאָך! הערסט ניט ווי זיי גייען? — האָט זי שוין רחמנותדיק געבעטן.

— זיי גייען?

דוד האָט ניט באַגריפן וואָס האָבן ז י י צו טון מיט אים. ווער זיינען עס די ז י י ? ער איז דאָך געווען אין גן עדן, ער — אדם, זי — חוה. זי . . . איז שוין אַ שטיק פאַראויס. ער האָט זי אנגעיאָגט, אַ לייג געטון זיין האַנט אויף איר אַקסל. זי האָט א דריי געטון דעם פּנים צו אים, איר קוק: וואָס שוין ווידער?

— איך גיי, איך גיי, אָבער איידער מיר גייען איבער אויף יענער זייט שטראָם וויל איך דיך עפּעס בעטן.

— וואָס אַזוינס?

— ווי דאָס האָט קיין געדולד ניט! איך האָב דיך געוואָלט בעטן: אויב מיר זאָלן זיך באַגעגענען אַמאָל, נו, לאָמיר זאָגן, אין א פינף טויזנט יאָר אַרום, אין דעם כּיוויס וויפילטן גלגול, זאָלן מיר זיך באַגעגענען אָט דאָ אָ, — האָט ער אנגעוויזן אין דער ריכטונג פון די פּאַלמעס.

זי האָט א שויבער געטון זיינע האָר. — ביסט משוגע.

— זאָגסטו מיר צו?
— איך זאָג צו. קום.
— אַ הענטל אַהער. אַהער די האַנט!
ניט פאַרשטייענדיק, מיסטעריעזנדיק האָט זי אים דערלאַנגט די האַנט. ער האָט זי א צי געטון צו זיך, זיין פּנים האָט א נורע געטון צו איר ברוסט. — אָט אַזוי. ביסט אַ וואויל מיידל. — ער האָט אַ פּיק געטון אַ קוש אויף איר באַק, אפּגעשפּרונגען. — איצט גייען מיר.
אַרונטערשפּרינגענדיק פון לעצטן שטיין אויפן ברעג האָבן זיי זיך באַגעגנט מיט די וואָס האָבן זיי געזוכט.
— אה, אָט וואו איר זייט!
— מיר האָבן געזען אַ שלאַנג! — האָט דבורה אַ זאָג געטון, ניט ווילנדיק געלאָזט וויסן: מיר זיינען געגאנגען זען זאַכן און מיר האָבן געזען . . .
— אַ שלאַנג! וואו?
— אין דאָרטן.
— ניט קיין קלאַפּער שלאַנג?
— איך ווייס ניט. וואָס פאַר אַ שלאַנג איז עס געווען, דוד?
— וואָס פאַר אַ שלאַנג? אַ . . . גייענדיקע.
— אַ גייענדיקע?
— נו יאָ. זי איז געגאנגען אויף צוויי פיס. אָט אַזוי אַ . . . —
דוד האָט גענומען שפּאַנען וויגנדיק זיך פון איין היפט אויף דער צווייטער, דאַן אומגעקערט דעם קאָפּ, דער פּנים לאַכנדיק.
— ער איז משוגע. געווען אָט אזא גרויסע שלאַנג. אפשר זעקס פוס. זיך אַזוי דערשראָקן.
— דאָ גענוג שלאַנגען דאָ. בעסער אז מ׳פאַרקריכט ניט צו ווייט,
— האָט פריידל, מעשה ווייסערין, א זאָג געטון. דבורהס פּנים, פאַר־סמאליעט פון דער זון, האָט זיך נאָך טיפער אַ רויטל געטון. — מיר האָבן אייך געזוכט איבעראַל. מיר ווילן נעמען בילדער. דאָ איז זייער שיין.
— פיין! — דוד האָט א כאַפּ געטון דבורהס סאָמברערע, זי אַרויפגעזעצט צו זיך אויפן קאָפּ מיט א זייט, די פינגער פון איין האַנט אַ לייג געטון אויף דער היפט, איין פוס אַרויסגעשטעלט: — איר׳ט

מיך פֿאָטאָגראַפֿירן אָט אַזוי, אַ אינדיאַנער טשיף. פֿריידל האָט אַ שמייכל געטון. דער דוד אַזוי פֿריילעך . . . קענטיק . . .

— זעסט אויס קאָמיש, — האָט דבורה פֿאַרדראָסיק אַ זאָג געטון און אַ צי געטון די סאָמבּרעראָ פֿון זיין קאָפּ. דער דוד! מיט זיין יעדן וואָרט, מיט זיין באַוועגונג מסרט ער זיך, זי . . .

מיהאָט אנגעהויבן נעמען בילדער. ווער עס איז אַרויפֿגעקראָכן אויף אַ בוים, געוואָלט מיזאָל אים פֿאָטאָגראַפֿירן ווי ער זיצט צווישן די צווייגן. דעם „פֿאָטאָגראַפֿערס" אנווענדונג אַז צווייגן זיינען אפשר זייער „ראָמאַנטיש", זיי וועלן אָבער פֿאַרשטעלן דעם פּנים, האָט ניט געהאָלפֿן — אַ פֿאָטאָגראַפֿיע מיט צווייגן! איינע איז אַריינגעקראָכן אין אַ הייל צווישן שטיינער, דאָרטן זאָל מען זי פֿאָטאָגראַפֿירן. דער שאָטן פֿון הייל שטערט? מאַכט ניט. די מערסטע האָבן זיך פֿאָטאָגראַפֿירט אויף די שטיינער. יעדער איינער האָט געוואָלט אַרויפֿקריכן וואָס העכער. דוד האָט זיך גענומען דראַפּען אויף „זיין" „שטיינערנער שיף". די שטיינער גלאַט, משופּעדיק האָבן ניט געלאָזט דעם פֿוס זיך פֿאַרהאַלטן, מיהאָט געמוזט קריכן „אויף אַלע פֿיר", דוד איז אָבער אַלץ געקראָכן.

— גיי צוריק! גיי צוריק! — האָט דבורה נערוועז געשריען. דוד האָט ניט געקענט זיך אומקוקן אפֿילו.

— אוי ווי ער קריכט, — האָט פֿריידל אַ זאָג געטון. דבורה האָט שוין אפֿילו ניט געוואָלט קוקן. דוד איז אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן סאַמע שפּיץ, פֿון דאָרטן גענומען רופֿן, פֿאָכען מיט דער האַנט.

— אוי וואו ער איז אַרויפֿגעקראָכן!

— גיי אַרונטער! — האָט דבורה געשריען, מיט דער האַנט געוויזן — אַרונטער!

דוד האָט אויך עפּעס געשריען, מיט דער האַנט גערופֿן: קום אַרויף.

— דאָרט איז געפֿערליך צו שטיין, — האָט פֿריידל מעשה מבין אַ זאָג געטון. דער שפּיץ שטיין אין דער הויך וואו דוד איז געשטאַנען האָט פֿון אונטן אויסגעזען ווי אַ שמאָלער שאַרפֿער צאָן וואָס סטאַרטשעט אַרויס אין דער לופֿטן, אַ ליאַדע ריר קען זיך דאָס שטיינדל אַרונטעררוקן, אַרונטערפֿאַלן מיט דודן צוזאַמען. דוד האָט זיך געפֿילט

גאַנץ זיכער אויף דעם דיקן ברייטן שטיין, האָט הנאה געהאַט פון זיין „העכער צו גאָט", העכער איבער אַלעמען, און אויך פון דעם אויסזיכט אויף דעם גאַנצן מדבר טאַל, אַ שיסל איינגעפּרעסט צווישן בערג, און די שיסל איז אַזוי קאַלירפול, און מיט יעדן זון שטראַל, מיט יעדן מינדסטן ווינטל בייטן זיך די קאָלירן. שיין. דוד האָט געקענט קוקן אויף אַרונטער און אים זאָל ניט שווינדלען אין די אויגן, דבורהן האָט געשווינדלט פאַר די אויגן דודס געשטאַלט אין דער הויך, האָט ער זיך אַ קער געטון האָט זי געזען ווי ער פאַלט אַרונטער. דוד פאַלט, פאַלט, זי שטעלט אויס די הענט, כאַפּט אים אויף, דריקט אים צו צו זיך . . . אירע אויגן האָבן זיך צוגעמאַכט. זי האָט אַ ציטער געטון.

— גיי אַרונטער! — האָט זי אַ געשריי געטון אַזוי שאַרף אַז זי האָט זיך אַליין דערשראָקן. — הלואי פאַלט ער אַרונטער, — האָט זי אַ ברום געטון און זיך אַפּגעקערט פון די אַרומיקע. זי האָט געזען ווי דוד נעמט זיך אַרונטערקריכן, נאָכגעפאָלגט זיין יעדן ריר, ווען זיינע אַ פוס האָט זיך אַ גליטש געטון האָט איר האַנט זיך אַ וואָרף געטון, איבערן גאַנצן קערפּער איז דורכגעלאָפן אַ ציטער. באַלד האָט זי אים פאַרלאָרן פון אויג. אויף צוריק האָט ער געמוזט זיך פאַרנעמען אויף דער צווייטער זייט פון שטיין. דבורה האָט אומרואיק אים גענומען זוכן אין דער הויך. וואו איז ער אהינגעקומען? אַן אומגליק! זייט אים שוין . . . זי האָט ניט געקענט איינשטיין, זיך געלאָזט גיין אַרום שטיין. אומגעריכט איז ער אויסגעוואַקסן פאַר אירע אויגן.

— ביסט דאָ?

— געמיינט איך בין דערהרגעט געוואָרן?

— געדאַרפט געווען דערהרגעט ווערן.

— אַזוי גאָר?

— פרעג איך דיך, וואו איז דער שכל פון קריכן ערגעץ דער שוואַרץ יאָר ווייסט וואו? מיקען דאָך דערהרגעט ווערן!

— שכל? נאַרעלע, ביטאָ קיין שכל! שכל זוכט זי. — ער האָט געפּרואווט זי אַננעמען, זי האָט זיך אָפּגעטרייסלט. — גיי! מיר פאַלט אַרויס די נשמה, און ער . . .

— נאַריש מיידל, וואָס איז דאָ זיך צו שרעקן? ווייסטו דען ניט

אז נאראנים שפרינגען דארט וואו חכמים וואגן ניט א טראט טון? גאט היט די נאראנים.

— ביסט א נאר!

— זאג איך דאך: גאט היט די נאראנים.

— חכם!

— הע, דאס איז שוין צופיל. אט בין איך א נאר, אט בין איך א חכם, איז וואס בין איך טאקע? — זיין קוק האט ניט געזאגט אז ער וויל טאקע דערגיין פון איר צו איז ער א נאר אדער א קלוגער. זיינע אויגן האבן געשמייכלט: אי, מיידל, מיידל . . .

— ביסט א נאר! אן אפגעריסע־נער נאר, — האט דבורה ארויס־געבראכט פון מויל און די אויגן האבן געזאגט: האב איך דיך ליב! האב איך דיך ליב! — קריכט! מיטן מלאך המות טאר מען זיך ניט רייצן.

דוד האט געהערט אירע רייד, געזען אירע אויגן און געענטפערט:

— גאר אזוי? מלאך המות? גיי שוין גיי, ניטא קיין מלאך המות. הערסט, דבורה? ניטא! ניטא קיין טויט, עס איז דא לעבן און אויפ־הערן לעבן, און היינט לעבן מיר, ניט אזוי? — ער האט א ריב געטון זיין שפיץ נאז אן אירן, זייערע בליקן האבן זיך אויך א רייב געטון און א לעבנס פונק האט אויפגעפינקלט. ער האט זי א צי געטון צו זיך, א ביס געטון אין האלז. אפרייסנדיק זיך פון האלז, האט ער א קוק געטון אויף איר: לעבן! יא?

— דו שלעכטער אינגל!

זי האט זיך צוגעטוליעט צו דעם שלעכטן אינגל. הענט פאר־טשעפעט, פינגער איבערגעפלאכטן — זיינען זיי געגאנגען, די ארעמס וויגנדיק זיך, זייערע פנימער, זייער גאנג — א געזאנג צום לעבן.



# מאַן און ווייב

— הלואי קראַפּירט ער!

האָט ער עס געהערט אין חלום? ער האָט אַן עפן געטון די אויגן. די רעאַלע וועלט — די ליכט שיין פון צווייטן צימער, דאָס טישל, זיין בעט, די וואַנט אנטקעגן בעט, דער אָפענער פענסטער — האָט געזאָגט: ווירקליכקייט, ניט קיין חלום. די טונקלקייט אין זיין צימער האָט שטיל געפרעגט: ביסטו זיכער? האָסטו ווירקליך געהערט אָט די ווערטער אַרויסקומען פון אַ לעבעדיקן מענטשנס מויל? און אפשר טאקע געחלומט, געהערט אין שלאָף? איז ער געשלאָפן?

ער האָט געהאט אַ שווערן טאָג, נאָך אַ שווערערן אָוונט. גלייך אינדערפרי — אפנים די קאשע האָט אים פארשאט — האָט ער גע־קראָגן אַ גאז אטאקע. עס האָט געשפּארט אין די זייטן, דער גאַנצער איינגעווייד אַרומגענומען מיט א שטייפער רייף און די רייף האָט געשפּארט די זייטן אויף אַרויס, ניט איינצוליגן אויף א זייט. אויפן רוקן אָדער אויפן בויך ליגן — נאָך ערגער, כאָטש נעם שנייד אויף די ברוסט, דעם בויך, אַרויסלאָזן לופט, אַריינציען אטעם. און קומט עס צו אונטערן הארצן, דאַן איז גאָר שלעכט. ער האָט זיך קיין ארט ניט געפונען. סאדא, פּילן, פּראשקעס, זי האָט דערלאַנגט, ער האָט גע־שלונגען, געהאָלפן האָט עס ווינציק, ער איז אָבער אויסגעמאטערט געוואָרן און איינגעדרימלט. אפשר ווען דער הוסט וועקט אים ניט אויף וואָלט ער אַזוי שוין אָפּגעשלאָפן די נאכט. איז ער געשלאָפן? האָט ער געהערט די ווערטער אין חלום?

אין פּאָדערשן צימער ברענט נאָך ליכט. טריט. — ציפּע? — ער האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם, דער גאַנצער קערפּער אָנגעצויגן צו הערן א באַוועגונג, דעם ענטפער אויף זיין רוף. שטיל. — ציפּע, — האָט ער נאָכאמאָל א רוף געטון.

די ליכט שיין פון צווייטן צימער האָט טראַציק געזאָגט: יאָ, זי איז דאָ, די שטילקייט דאָרטן, די טונקלקייט אין זיין צימער האָט איראָניש געשמייכלט: און אַז זי איז דאָ . . . ?

וואסער האָט זיך א גאַס געטון, אראָפּגעשווינקט די שטילקייט, אנגעזאָגט זכריהן — ציפּע איז אין וואַש צימער; אָ קורצער קלאַנג פון אַן אריינגעקוועטשטן ליכט קנעפּל ביים אויסלעשן די ליכט האָט אָ פּיק געטון זכריהן: זי האָט שוין אויסגעלאָשן דאָס פייער דאָרט; טריט — אן אנזאג און א ווארנונג — זי גייט.

— וואָס ווילסטו?

א ברוגזער וואָס ווילסטו. איבערגעשלאָגן אינמיטן?

— געמיינט דו האָסט זיך געלייגט שלאָפן, פאַרגעסן אויסלעשן די ליכט. — די ווערטער א שירם צו פארשטעלן דאָס וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן און ניט געפונען קיין ווערטער דערפאַר, דאָך גוט וואָס דער שירם האָט זיך אונטערגערוקט. וואָס האָט ער געקענט זאָגן הערנדיק אזא „וואָס ווילסטו?"

— איך גיי שלאָפן. ווילסט נאָך עפּעס?

— ניין, איך וויל גאָרניט. און אפשר? ווילסט אַזוי גוט זיין אָנ־צינדן דעם לאָמפּ?

זי האָט א צי געטון דאָס קייטעלע פון דעם שטייענדיקן לאָמפּ ביים בעט. דאָס טישל — א ליכט פעלד, אויפן ליכט פעלד . . . ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, אָנגערירט דאָס קעסטעלע פּילן, א שאַר געטון דעם טערמאָמעטער, א טאַפּ געטון די גלאָז מיט וואַסער.

— איך דיינק איך האָב אַלץ. — ער האָט אָ הויב געטון די אויגן, אָ קוק געטון אויף איר. צוליב אָט דעם קוק האָט ער עס גע־בעטן אנצינדן דעם לאָמפּ. ער האָט געוואָלט דערזען צו די ווער־טער זיינען אַרויסגעקומען פון איר מויל, אַריבער אירע ליפּן. אין אירע אויגן האָט ער עס געוואָלט איבערלייענען.

— אויסלעשן? — האָט זי אָ פרעג געטון.

— לעש אויס, — האָט ער רעזיגנירט צוגעשטימט. ער האָט גאָר־ניט געזען, גאָרניט איבערגעלייענט. זי איז ארויס פון צימער. ער האָט נאָכגעפּאָלגט אירע באוועגונגען אין איר שלאָף צימער איבער דער וואַנט. מיט אפענע אויגן געריכט אין דער פינסטערניש האָט ער געזען ווי זי האָט א לייג געטון דעם שלאָף ראָק, האָט א פיר געטון די הענט איבער די בריסט, א רייב געטון צווישן — יעדע נאַכט אַזוי, זינט ער קען זי, — דאַן זיך אַריינגעלייגט אין בעט. זי האָט זיך איינ־געדעקט, איינגענורעט. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן. א נאַכט, א לאנגע נאַכט. ער זאָל כאָטש שלאָפן די נאַכט, דאָס ניט שלאָפן . . .

דאָס האָט זי גייענדיק אין וואָש צימער פאַרלאָרן די ווערטער „הלואי קראַפּירט ער!". ניט קיין חלום. ער האָט עס דייטליך געהערט. ער קען זיי נאָך איצטער הערן — הלואי קראַפּירט ער! אפילו ניט הלואי שטאַרבט ער שוין. הלואי שטאַרבט ער שוין און ווערט אויס־געלייזט פון זיינע מאַטערנישן, נאָר הלואי קראַפּירט ער און איך זאָל אויסגעלייזט ווערן פון . . . טראָגן טעפּלעך, פון אים . . .

דער „הלואי קראַפּירט ער" האָט געקלונגען אין די אויערן, זיך געטראָגן פאַר די אויגן, די אויערן האָבן אָבער ניט געכאַפּט דעם געגוייעם טאָן, די אויגן האָבן ניט דערבליקט דייטליך דעם קאָליר, דער געדאַנק האָט זיך געוואַקלט: א גרינער עפּל אַרונטערגעקלאַפּט פון ווינט, צופעליק, מאַלע וואָס אַ מענטש רעדט זיך אמאָל אויס, אָדער אַ רייפער עפּל, געבליט, געוואַקסן, געצייטיקט און אַרונטערגעפאַלן, ניט געקענט מער הייגגען, זי האָט שוין געמוזט אַרויסזאָגן, אויב אפילו צו די ווענט נאָר? ער האָט עס געוואָלט דערהערן אינם קלאַנג פון אירע רייד, דערזען אינם אויסדרוק פון אירע אויגן, און געהערט האָט ער „וואָס ווילסטו?" וואָס ער וויל! און געזען האָט ער? קען מען דערזען איצט אין אן אויג וואָס דאסזעלבע אויג האָט אויסגע־דריקט מיט א זעכציקסטל סעקונדע פריער? „וואָס ווילסטו?" קורץ, אָפּגעהאַקט. „וואָס ווילסטו? נו, זאָג שוין, לאָמיך פּטור ווערן," און „ו ו אָ ס ו ו י ל ס ט ו ? וואָס האָסטו צו מיינע יונגע יאָר, וואָס האָסטו זיך אנגעזעצט אויף מיר?" און עס האָט געקענט זיין: וואָס ווילסטו? אַ מאַמע פרעגט, ניין, בעט זיך ביי איר קראַנק קינד: וואָס ווילסטו? ווילסט אַ פייפעלע? נו שא, מיין קינד, דיר ברייגגען אַ פייפעלע. מאָרגן,

אַז מירן אויפשטיין, דיר ברייגגען אַ פּייפּעלע, און איצט שלאָף, מיין קינד, שלאָף.

אַ גרימיקער שמייכל האָט זיך אויסגעשניטן אין די מויל ווינקלען. זיך פאַרביינקט נאָך דער מאַמע. ווי לאַנג אַז זי איז שוין טויט? אַ יאָר פופצן. קען זען איר פּנים, אָט דער אַלטער צעקנייטשטער, ליבער פּנים. און איר מילדע שטימע: איך דאַרף זיך אפשר ניט מישן, ניט מיין עסק, הײַנטיקע צייטן אַ מאַמע האָט דאָך קיין דעה, אָבער איך זאָג דיר, מיין זון, וועסט חרטה האָבן, הלוואי זאָל איך ליגן זאָגן. געהאַט אַ גוט אויג, אַ מאַמע. אַ מאַמע און אַ ווייב. אַ ווייב? אַ שונא! אַ שונא וואָס ווינטשט דיר יעדע מינוט דעם טויט. הלואי קראַפּירט ער. נו יאָ, ער איז קראַנק, זייער קראַנק, קראַנק צו בעט, אָבער גייען דאָך ארום וואַרטספּרויען אַרום קראַנקע . . . ווינטשן זיי זייערע פּאַציענטן דעם טויט? דאָך וואַרטספּרויען! דאָ אַן אייגענע פרוי, אַ ווייב . . . אַ ווייב . . . זיך אויפהויבן, אַריינגיין צו איר אין בעט, זי אַרומנעמען, זיך איינבייסן אין איר האַלז . . .

דער האַלז אירער . . .

אַ בליק אין אַ פינסטערער נאַכט.

ביי דער ערשטער באַגעגעניש האָט ער דערזען איר האַלז. אַ שוואַכקייט זיינע — אין יעדן מענטשן דערזעט ער איין אבר, איין שטריך, און דאָס אַ דאָמינירט שוין דעם גאַנצן מענטשן. ביי שבען איז עס געווען דער מויל . . . ביי איר — דער האַלז, ער האָט געפילט די גלאַטקייט, די ו ו י י ס ק י י ט פון דער הויט נאָך איידער ער האָט זיך צוגערירט צו איר מיט אַ שפּיץ פינגער, גלאַטער, ווייסער ווי וועלכע ס׳איז הויט, און דער האַלז גלאַטער, ווייסער ווי וועלכער ס׳איז טייל הויט פון איר גאַנצן קערפּער. ער האָט ניט געקענט רוען ביז ער האָט ניט „פאַרזוכט" אָט דעם האַלז . . . און פון דאַן אַן . . .

ווידער אַ בליק.

מיט איר. זיינע ליפּן רירן אַן איר האַלז. אַ מילדער, לייכטער, גאָר לייכטער באַריר, אַ מין פאַרזוכן, ערשט נאָכדעם נעמען די ליפּן זיך איינזאַפּן, זויגן, טרינקען . . . די וואַרימקייט, צו דער ריח, ער ווייסט עד היום ניט, אָבער אין האַלז האָט אַ גראַבל געטון. אַ הוסט. אַ געוויינליכער הוסט. ווי זי האָט עס אַ קער געטון דעם קאָפּ! ווי זי

האָט עס אַ דריי געטון דעם קערפּער! קיין וואָרט, אָבער שנאה, האָס האָט אַ שפּאַר געטון פון איר קערפּער, ער האָט עס דערפּילט. זיין פאַרזוך זי אנרירן, איר אפּרוקן זיך פון אים, דאָס איז שוין געווען מער ווי שנאה, עס איז געווען . . . עקל. איר האָט אפּגעעקלט פון אים. ער עקלדיק? ער איז קראַנק, שווער קראַנק, אָבער עקלדיק? און דער־פאַר אים ווינשן דעם טויט? בעטן אויף זיין טויט? לעבן! פאַרדאַמט זאָל עס ווערן, לעבן! איר אויף צו להכעיס לעבן! ער וועט זי נאָך איבערלעבן! און זאָל פּאסירן . . .

אַ הוסט האָט אים גענומען שטיקן. — עס הויבט זיך שוין אָן. — אַ שברימדיקער הוסט, שווער און פּאַמעליך, מיט קליינע הפסקות, דאַן אַ תרועה־דיקער, קליינע, דריבנע הוסטלעך כמעט אָן אַן אָפּשטעל און פאַרענדיקט מיט אַ תקועה, איין לאַנגן, שאַרפן הוסט, וואָס האָט אַרויסגעריסן די „שטיקעניש" פון גאָרגל, פון ברוסט. לייכטער געמאַכט. זי ניט אויפגעוועקט. און אַז יאָ? וועמען אַרט עס. פון איריט וועגן וואָלט ער געקענט הוסטן די גאַנצע נאַכט, אָבער א י ם לוינט זיך עס נישט, איידער ליגן אַ גאַנצע נאַכט און „האַקן האַלץ" איז שוין בעסער . . .

אין דער פינסטער האָט ער אַנגעשאַרט דאָס קליינע קעסטעלע אויפן טישל, מיט די פינגער באַטראַכט דאָס פּילכל, אַ גראַן קאָדעאין, און ווען די פינגער האָבן באַשטעטיקט: יאָ, דאָס איז עס, האָט ער עס אַ נעם געטון אין מויל אַריין, דאַן אַרונטערגעשווייבקט מיט אַ ביסל וואַסער. אָט אַזוי. עריט בדאי נעמען דריי פּילן, נאָר שלאָפן, איר אויף צו להכעיס . . . און מאָרגן . . . זיין איינקונפט קען אים קלעקן אויף . . . און זי . . .

אויף מאָרגן, גלייך אינדערפרי, האָט ער אַ זאָג געטון מיט אַ טאָן פון אַן אָפיציעלער מעלדונג: רוף אָפּ דאָקטאָר גריינזשער און פרעג צו האָט ער פאַר מיר אַ צימער. אויב יאָ, זאָל ער שיקן זיין אַמבולאַנס, ניין, זיין אויטאָמאָביל.

— וואָס עפּעס פּלוצלונג גריינזשער?

— אַזוי.

נאָך דעם „אַזוי" האָט זיך געטראָגן אַ שטומער, אַנגעלאָדענער: אַזוי, און פאַרטיק! איך דאַרף דיר ניט געבן קיינע דערקלערונגען. ווען

די אנגעלאדנקייט איז צעזייט געוואָרן האָט ער געוואָרט אויף אירס אָ וואָרט, זי זאָל אויסזעצן עפּעס קעגן דעם, איינטענהן מיט אים ער זאָל ניט גיין אַהין אין סאַניטאַריום, בעסער בלייבן דאָ. זי האָט גאָרניט געזאָגט און איר שווייגן האָט אים אויפגערייצט: זי איז צופרידן. זי איז גערן פּטור צו ווערן פון אים. בלייבן דאָ. זאָל זי זיך מוטשען מיט אים, זאָל זי אויך ליידן ביז ערשט צומאַכן די אויגן. ניין, ער וועט לעבן! ניט דאָ. דאָ איז רעכט זי זאָל אים פאַרסמען, ביסלעכווייז, צו טראָפּן גיפט יעדן טאָג, געלייענט פון אזא פאַל, ווי האָט ער געהייסן? ווי האָט ער געהייסן? געווען אין די צייטונגען! קייבער! זיך דערמאָנט! די מרס. קייבער איז געבראַכט געוואָרן אין געריכט . . . ניט קומען דערצו. זי אַליין, אירע רייד, איר באַנעמונג, איר גאַנג אפילו איז סם פאַר אים. דאָרט, אין גריינזשעריס וועט ער קומען צו זיך, דאָרט וועט ער ניט האָבן זי פאַר די אויגן.

אין גריינזשערס האָט ער זי ניט געזען. גלייך ביים אנקומען אַהין, ביים „באַזעצן" זיך אין זיין פּריוואָטן צימער, האָט ער אָנגעזאָגט דעם דאָקטאָר אַז ער וויל ניט האָבן קיינע באַזוכער, אָבער ק י י נ ע! פאַרשטאַנען?

— איך גלויב איך פאַרשטיי אייך, — האָט דער דאָקטאָר גע־ענטפערט מיט אַן אנצוהערעניש אויף אַן אנצוהערעניש.

— איז די פראַגע געשליכטעט, — האָט זכריה געשעפטסמעסיק געענטפערט, שיר ניט פרעגנדיק: וויפיל קום איך אייך פאַר אָט דער געפעליקער שליכטונג?

ציפּע איז געקומען האָט מען זי נישט צוגעלאָזט.

— אַזוי קראַנק איז ער?

— נו, — האָט דער דאָקטאָר געצויגן דעם „נו" — עס איז ניט אַזוי צוליב זיין קראַנק זיין. — דער דאָקטאָר האָט פאַרשעמט גע־שמייכלט, — ער וואָלט געקענט פאַרטראָגן אַ קורצן וויזיט, אָבער, פאַרשטייט איר מיך, — דער דאָקטאָר האָט אַ קוק געטון אויף איר און גלייך אַרונטערגעלאָזט די אויגן, — ער האָט אויסדריקליך געפאָדערט — ק י י נ ע באַזוכער, ק י י נ ע ר! — ווידער אַ קוק און — אבסאָלוט ק י י נ ע באַזוכער. און מיר פילן ניט ווי צו האַנדלען קעגן זיין פאַר־לאַנג. נאָך אַלעמען, איז ער דער פּאַציענט.

— איך פֿאַרשטיי, — האָט ציפּע אַ זאָג געטון און א קוק געטון אויפֿן דאָקטאָר מיט שנאהדיקע אויגן, ווי איינער רעדט: געשלאָגן בלאט מיט אים. כאַפּט אייךביידן . . .

אַ באַליידיקטע איז זי אַוועקגעגאנגען און גלייך ווי זי איז געקומען אַהיים, אויף דער הייסער מינוט, אים אנגעשריבן אַ כעסיקן בריוו, פֿאַרענדיקט מיט א „פֿון מיינעטוועגן מעגסטו דאָרטן קראַפּירן, אפילו היינט".

ד ע ר „קראַפּירן" האָט אים ניט געאַרט. ער האָט איבערגעלייענט דעם בריוו נאָכאמאָל און א שמייכל געטון: איר פֿאַרדריסט. זי האָט זיך ניט געריכט אַז ע ר זאָל א י ר אַזוי אָפּטון! זי ניט צולאָזן! נו, איך קען נאָך אויך עפּעס טון, טייערע ווייב מיינע! דיר נאָך ווייזן. נאָך דיך איבערלעבן. ער האָט געזען ניט נאָר זיך אַ לעבעדיקן, נאָר זי אַ טויטע. דער שמייכל האָט גענומען אויסרינען. זיבעצן יאָר מאַן און ווייב. זיבעצן יאָר. דריי־פֿיר יאָר — פֿינקלדיקע. אָט א פּונק ליבע, אָט א פּונק האַס. זי — אַ קאַץ, לאָזט זיך גלעטן, נורעט זיך, טוליעט זיך און מיט אַמאָל טוט זי אַ גראבל מיט אירע שארפֿע נעגל ביזן בלוט. און ער? א הונט, אַ געטרייער הונט, געשטאנען אויף די לאפּקעס פֿאַר איר, געטון אַלץ פֿאַר איר, צוליב איר. יאָ, ער האָט זי ליב געהאַט, מ י ט איר שלעכטסקייט. ער איז געווען בלינד. אַ קאַץ? אַ טיגער איז דאָס געווען! שטענדיק הונגעריק. גיב און גיב! און ער האָט געיאָגט, געהאָרעוועט, געגעבן און הנאה געהאט פּונם געבן. געבן ציפּעלען אַ נייעם מאנטל, א שיין שטיקל צירונג. אָבער זי האָט זיך ניט באַנוגנט מיט נעמען, זי האָט געוואָלט אַריינכאַפּן, אַריינכאַפּן פֿ אַ ר זיך. א גרויסע פֿאַרזיכערונגס פּאָליסי זאָל ער אַרויסנעמען און זי זאָל זיין די געלט אָפּנעמערין. באַטירליך זי, ווער דען? ער און זי — מאַן און ווייב. „און ער זאָל זיך באַהעפֿטן מיט זיין ווייב און זיי זאָלן זיין איין לייב". נו יאָ, איין לייב, נאָר זי האָט זיך געפֿירט א י ר ע חשבונות, זיך געהאט איר קאָסע, ביי אים געצויגן און געקליבן פֿ אַ ר זיך, און די פֿאַרזיכערונגס געלטער, ווען ער וועט שטאַרבן . . . אַזוי זיכער אַז ער'ט שטאַרבן פֿריער, זי'ט אים ירשענען, בלייבן די רייכע, יונגע . . . אַלמנה. שוין דאַן געדאַרפֿט געווען אָפּשניידן, אָפּהאַקן. ער האָט עס ניט געטון. צען יאָר — שכנישע, מאַן און ווייב

שכנים אין איין געביידע, צווישן זיי קיין וואַנט, פון זיין בעט אין אירער אַ שפאַן, דאָך ווי זעלטן ער האָט עס איבערגעשפּאַנט, און אפילו דאַן . . . אַ קורווע, אַ געניטע קורווע, זוכט אַרויסצואווייזן מער „ליבע" אירן אַ קונה ווי זי איר מאַן. און ער האָט געליטן, גע־האַפּט, מיט דער צייט . . . אַזוי ביז ער איז קראַנק געוואָרן. די דריי יאָר קראַנק זיין, איר באהאנדלונג, איר באַציאונג . . .

ער האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט. ער איז דאָ. פּערמאַנענט. איצט ווייסט ער וואָס ער האָט צו טון. דאָ דאַרף ער זיך איינאָרדענען. די פאַרזיכערונגס פּאָליסי וועט ער בייטן. איבערשרייבן . . . און זי? אָט ווי זי זאָרגט זיך פאַר אים, וועט ער זיך זאָרגן פאַר איר.

מער קיין בריוו האָט ער ניט געקראָגן. דער דאָקטאָר האָט בלויז איין מאָל אים איבערגעגעבן אַז אַ פרוי האָט גערופן, געפרעגט וואָס ער מאַכט, ווי ער פילט?

— און וואָס האָט איר געענטפערט?

— איך געזאָגט איר פילט אַ סך בעסער. און דאָס איז דער אמת, איר זייט איצט אין אַ סך אַ בעסערן צושטאַנד ווי ווען איר זייט גע־קומען. אויב איר וועט זיין אַ „וואויל קינד" און אַזוי אנהאַלטן וועט איר אינגיכן קענען אַרונטערגיין פון בעט. נו, ניט אַרומלויפן. קיינער שפרינגט ניט איבער פּלויטן נאָך פופציק יאָר. איך מיין אַרויסגיין אין דרויסן, זיצן אויף אַ לעז־שטול.

געוויס פילט ער בעסער. דאָס אריבערפאָרן אהער אין גריינזשערים האָט אים געטון אַ וועלט מיט גוטס. ער איז קראַנק, ער ליידט פון דער קריינק, אָבער ניט פון קיין ווייב. דאָס האָט זי גערופן. זאָל זי. ווען גייט עס אַן? דאָ אַז ער וויל עפּעס, דאַרף עפּעס, איז ער ניט מחויב איבערטראַכטן, איבערקלערן, אפשר שלאָפט זי, אפשר . . . דאָ ציט ער דאָס גלעקל, און די וואַרטספרוי . . .

די וואַרטספרוי וואָס איז אַרומגעגאַנגען אַרום אים איז געווען ווייט ניט ענליך אויף זיין פרוי, ניט אין אויסזען, ניט אין וואוקס, ביי איר האָט ער קודם דערזען איר נאָז, אַ פאַרריסן נעזל, חנודיק . . . דאָך ניט איין מאָל ביי איר אַריינקומען, ביי איר פאַרען זיך אַרום אים האָט ער דערזען ציפּען. איין מאָל, ווען אָט די וויזיע פון זיין ווייב איז געווען גאָר בולט, האָט ער אומדערוואַרטעט פאַר דער וואַרטספרוי

איר א פרעג געטון: זאָגט מיר, מיסס טהאמפּאָן, ווערט אַמאָל אַ פּאַציענט אייך אַזוי דערעסן אז איר זאָלט אים ווינשן דעם טויט?

— גאָט זאָל אָפּהיטן! וואָס פאַלט אייך גאָר איין צו פרעגן אַזאַ פראַגע?

ברענער איז צוגעשטאנען. — דא אן אורזאַך. און איך מיין עס ערנסט. ניט ווי אייערער א פּאַציענט, איך פרעג עס ווי מענטש צו מענטש: פּאַסירט עס ניט אַז אַ פּאַציענט זאָל אייך אַזוי נמאס ווערן אַז . . .

— אַ פּאַציענט ווערט אמאָל דערעסן, — האָט די מיסס טהאמפּ־סאָן צוגעגעבן, — דאָס איז אמת. דאָ פּאציענטן . . . — אַ מאַך מיט דער האנט. — אבער אפילו אַזאַ פּאַציענט דאַרפן מיר ניט ווינשן דעם טויט, אַלץ וואָס איך דאַרף טון איז ב י י ט ן דעם פּאַציענט, לאָזן אַן אנדערע זאָל אַרומגיין אַרום אים א שטיקל צייט. ניין, מיר ווינשן קיינמאָל קיינעם דעם טויט. טויט איז ניט אזא אנגענעמער אנזיכט. איר, פּאציענטן צו ניט פּאציענטן, איך מיין מענטשן אין אַלגעמיין, האָבן אַ באגריף אַז דאָקטוירים, וואַרטספרויען ארט ניט דער טויט. זיי זעען אַזוי פיל מענטשן שטארבן. נו, אין אַ געוויסן זין איז עס ריכטיק. אָבער בלויז אין אַ געוויסן זין. איר׳ט זיין איבער־ראַשט ווען איכ׳ל אייך זאָגן אַז אַ וואַרטספרוי ווערט אַמאָל אַזוי צוגעוואוינט צו אירן אַ פּאַציענט אַז ווען ער ליידט, ליידט זי מיט אים מיט און ווען ער שטאַרבט טוט עס איר וויי ווי ער וואָלט געווען אירער אַ באַקאַנטער. איך אַליין האָב שוין מער ווי איין מאָל געוויינט ווען מיינער אַ פּאַציענט איז אַוועקגעגאנגען. און איך בין ניט די איינציקע. איר׳ט זיין איבערראשט ווען איכ׳ל אייך זאָגן אַז איך האָב שוין געזען דאָקטאָר גריינזשערן וויינען. יעס, סיר, איך האָב עס אַליין געזען. אָבער צו וואָס רעדן וועגן טויט, שטאַרבן? איר זייט ניט געקומען אַהער שטאַרבן. איר זייט געקומען אַהער געזונט ווערן, לעבן. און די ערשטע זאַך צום ווערן געזונט איז פאַרגעסן וועגן טויט. טראַכט וועגן ווערן געזונט און איר׳ט געזונט ווערן.

— איך ווער געזונטער פון טאָג צו טאָג . . .

— לאַכט ניט דערפון. אין דעריין ליגט אַ סך אמת. נעמט זיך אַריין איינזינען אַז איר דאַרפט, מוזט געזונט ווערן, איר ווערט געזונטער

פון טאָג צו טאָג, און עס העלפט איר זאָלט געזונט ווערן. איר זעט איצט אויס א סך בעסער ווי מיט אַ פּאָר חדשים צוריק ווען איר זייט נאָר וואָס געקומען אהער.

— דער דאָקטאָר זאָגט אויך אַזוי.

— אודאי. און איר אַליין? פילט איר גאָרניט אַז איר האָט זיך אַ סך געבעסערט?

— יאָ, איך פיל אַ סך בעסער, דאָס איז אמת, און דערפאַר דאַרף איך דאנקען פריער דעם דאָקטאָר און נאָכדעם אייך.

— אָה, רעדט ניט וועגן אַזעלכע זאַכן. דאַנקען. דאַנקט גאָט! נו, איך גלויב איר האָט אַלץ וואָס איר דאַרפט. טא האָט מיר אַ גוטן. זיך זען שפּעטער.

„דאַנקט גאָט". נישט קיין שלעכטע שיקסע, כאָטש זי טראָגט אַ צלם אויפן האַלז. צוליב אָט דעם צלמל האָבן זיינע אויגן זיך ניט איין מאָל פאַרלאָרן אין דעם טונקעלן חלל צווישן אירע בריסט. אַ גאַנץ היפּשער בוזים . . . איר גאַנג. וויגט זיך אויף די קליבעס . . . פאַרוואָס נעמט זיך אַ יונגע פרוי ווערן אַ וואַרטספרוי? און גיי ווייס אַז אַ וואַרטספרוי קען אַמאָל ווינען נאָך אַ פּאַציענט. אַ וואַרטספרוי ווינט און אַן אייגענע פרוי דאַנקט גאָט וואָס זי איז פּטור געוואָרן פון אים. עס לייגט זיך אויפן שכל. ווען דער וואַרטספרוי ווערט נמאס אַ פּאַציענט בייט זי אים, קריגט אַן אנדערן, ווען דער מאַן ווערט נמאס דער אייגענער ווייב דאַרף זי אויך קריגן אַן אנדערן, דאָס מיינט אָבער קודם פּטור ווערן פון דעם, און דערפאַר טאקע ווינשט זי אים דעם טויט. הלואי קראַפּירט ער . . .

אָט די ווערטער האָבן נאָך אַלץ געקלונגען אין די אויערן. דעם טויט האָט זי אים געוואונשן. האָט זי שוין „געביטן איר פּאַציענט"? האָט זי שוין אויפגעזוכט עפּעס אַ מאַן? זי האָט שוין מער ניט גערופן. אַלענפאַלס דער דאָקטאָר האָט ניט איבערגעגעבן. אפשר גאָר אָנפרעגן? טאקע ביי איר גופא. ער וואָלט געוואָלט . . . ווען ער פילט נאָר אַ ביסל בעסער . . .

זכריה איז שוין אויף אַזוי פיל געזונט אַז ער קען אַליין צופאָרן אין שטאָט. ער קומט צופאָרן, פאָרט צו צום הויז, גייט אַריין, טרעפט

דאָרטן . . . ניין, ער קלינגט אָן, ציפּע עפנט אויף: זע נאָר! זכריה?
— ער ווערט שיר ניט דערשטיקט פון אירע אָרעמס אַרום זיין האַלז . . .

ער האָט זיך פאַרהוסט, זיך אויפגעכאַפּט פון זיין טאָג־חלום. פאַרגעס. פאַרגעס וועגן איר, וועגן אַלץ. איין זאַך — געזונט ווערן. אינגאַנצן געזונט ווערן, דאָס איז שוין פאַרפאַלן, זיך ניט איינריידן קיין קינד אין בויך, אָבער קומען צו זיך, קענען אַרומגיין, ניט זיין צוגעשמידט צום בעט . . . אוי, די בעט! אַ בעט פּאַציענט . . . הלואי קראַפּירט ער . . . ציפּע! איך שטאַרב נאָך ניט. ניין, מאַדאַם, איך שטאַרב נאָך ניט. איכ׳ל לעבן! לעבן דיר אויף צו להכעיס. לאָמיך זיך נאָר שטעלן אַ ביסל אויף די פיס וועל איך מיט דיר נאָך אַ רעד־טון וועגן דעם „הלואי קראַפּירט ער".

זכריה ברענער איז האַלב געליגן אויף זיין לען־שטול ווען דאָקטאָר גריינזשער איז צוגעקומען צו אים. פון דעם וואָס דער דאָקטאָר האָט זיך באַוויזן ניט אין זיין געוויינליכער צייט, פון זיין אופן צוגיין צו אים האָט ברענער דערפילט אַז דער דאָקטאָר איז דאָס מאָל געקומען מיט עפּעס אויסערגעוויינליכעס. אויף זיין טעגליכער דאָקטאָרישער פראַגע: ווי איז דער פּאַציענט? האָט ער אומגעדולדיק געענטפערט: פיין, און מיט די אויגן געמאַנט: נו, זאָג שוין!

— איך האָב נאָר וואָס געקראָגן אַ טעלעפאָן פון מאָונט סייניי האָספּיטאַל, — האָט דער דאָקטאָר אָנגעהויבן, קוקנדיק צודרינגליך אויף ברענערן, — אייער ווייב, מרס. ברענער, איז דאָרטן. זי איז זייער קראַנק. זי איז זייער און זייער קראַנק.

— וואָס איז איר? — די פראַגע איז געווען אָנגעלאָדן מיט אויפ־רעגונג כאַטש, און אפשר דערפאַר טאַקע, ווייל ער האָט געפּרוּווט דערשטיקן יעדע אויפרעגונג.

— לונגען אָנטצינדונג. ביידע לונגען. זי איז אין אַ קריטישן צושטאַנד און זי וויל אייך זען. איז אַזוי. מיר קענען אייך לאָזן גיין זי זען, איר קענט עס פאַרטראָגן, אָבער מיט איין באַדינג — זיך ניט אויפרעגן. זאָגט איר עס מיר צו?

— איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי, — האָט זכריה ברענער גע־מורמעלט, דרייענדיק זיך אין לען־שטול. — איכ׳ל פּרוּוון, איכ׳ל . . .

דער דאָקטאָר האָט געזען זיין פּאַציענט איז שוין געווען אויפ־

געדערגט, אָבער פֿאַרפֿאַלן. אַרויסגעזאָגט איז ניט צוריק צו כאַפּן. איצט אים פֿאַרווערן צו גיין האָט שוין קיין זין. — גוט. מירין שיקן מיסס טהאמפסאָן מיט אייך. זי וועט אייך באַגלייטן. ווי דיינקט איר?

— גאַנץ גוט. דאָס איז זייער גוט.

— גוט. וואַרט צו. די מיסס טהאמפסאָן וועט צוקומען וועט זי שוין אַלעס איינאָרדנען. און געדיינקט . . .

די מיסס טהאמפסאָן האָט אים אנגעטון, אים געהאָלפֿן אַריינגיין אין אויטאָמאָביל. זיצנדיק לעבן אים האָט זי א פּאָר מאָל פֿאַרריכט די קישעלעך הינטער זיין רוקן, ביי די זייטן, געפּרעגט צו איז אים ניט קאַלט אין די פֿיס. זכריה ברענער האָט זיך געלאָזט טון די אַלע גע־פֿעליגקייטן, געענטפֿערט אויף אירע פֿראַגעס, כאָטש זיינע אויגן, זיין געדאנק איז געווען פֿאַרנומען מיט דער באַוועגליכקייט פֿון דרויסן. אז מ׳ליגט אַ פּאָר יאָר אויפֿן בעט, מייסטנס אויפֿן רוקן, די אויגן געווענדט צו דער סטעליע, פֿאַרלירט מען דעם חוש פֿאַר דער ערד, פֿאַר דער באַוועגונג וואָס אויף דער ערד, די בעט — א אינזל, דער ים דערביי, אָבער ווייטער ווי צו די ברעגן קומט ער ניט, דער אינזל גופֿא — באַוועגלאָז, סטאַטיש, אַלע טאג דיזעלבע וועלט. איצט, זיך אַרונטערגעלאָזט פֿון אינזל אין ים אַריין, אַלץ באַוועגט זיך, לויפֿט, שווינדלט פֿאַר די אויגן, מ׳פֿאָרט, מ׳גייט, ער פֿאָרט אויך, פֿאָרט צו ציפּען . . . אין שפּיטאל . . . ווי לאַנג וועט עס נעמען?

אַריינגעקומען צו זיין ווייב אין שפּיטאל צימער, דערזעענדיק איר גרינליך בלאסן פּנים, איז אים איינג געוואָרן אין האַלז. עס האָט זיך געריסן: צי־פּע! אָבער אפֿילו דאָס איינע וואָרט איז ניט אַרויסגע־קומען, ער איז געבליבן שטיין מיט אַ געעפֿנטן מויל. ציפּעס וואָרטס־פֿרוי ווי אויך די מיסס טהאמפסאָן האָבן מיט דרך ארץ — מיטן דרך ארץ וואָס מ׳קריגט פֿאַרן טויט גופֿא — זיך צוריקגעצויגן פֿון צימער.

ציפּע האָט אָן עפֿן געטון די אויגן. איין אויגנבליק א קעגנוואַר־טיקער, ווען צוויי מענטשן האָבן זיך דערזען, זיך אנגעקוקט אויג אויף אויג, גלייך אָבער האָט צווישן די אויגן זיך אַ שפּאַר געטון זיבעצן יאָר פֿאַרגאַנגענהייט, און די זיבעצן יאָר האָבן זיך געיאָגט, געשטויסן, אומגעפֿאַלן, געבליבן ליגן צווישן זיי.

— זכריה! איך שטאַרב!

די ווערטער האָבן אַ שפּרונג געטון איבער די יאָרן, איר האַנט, אויסגעשטרעקט צו זיינער, — אַ בריק איבער די אַלע יאָרן.

— איך האָב דיר ניט געוואונשן דעם טויט.

ניט דאָס האָט ער געוואָלט זאָגן. זיכער ניט דאָס. — שטאַרב ניט, ציפּעלע! — אָדער גאָר — גיי שוין גיי, באַריש קינד, וואָס הייסט שטאַרבן? וועסט נאָך לעבן, זיין געזונט, מירין . . . — דאָס האָט זיך געריסן פון ערגעץ טיף. „איך האָב דיר ניט געוואונשן דעם טויט" איז אָבער געליגן גאַנץ אויבענאויף און האָט איבערגעיאָגט, ממש אַרויס־געפאַלן פון מויל, אָבער קוים איז עס אַרויסגעפאַלן איז עס געוואָרן אַ מין שפּילקע, א שארפע שפּילקע וואָס האָט פּלוצלונג אויסגעשטאָכן אַ צייטיקן בלאָטער. די מאטעריע איז שוין גערונען, אָבער די פינגער האָבן געביסן — אַ קוועטש טון, גוט, גוט א קוועטש טון, די מאטעריע זאָל אַרויסגיין, אינגאַנצן אַרויסגיין.

— דאָס האָ ס ט ו מ י ר געוואונשן דעם טויט, — האָט זכריה געקוועטשט דעם בלאָטער, — אָבער דער טויט קומט ניט ווען עמיצער וויל. ווייסט, יענע נאַכט, ווען דו האָסט א זאָג געטון „הלואי קראַפּירט ער" האָב איך געפילט ווי . . . ווי . . . איך וואָלט געקענט דערהרגענען דיך און זיך. יאָ, אַזוי האָב איך געפילט, נאָכדעם איז עס איבערגעגאַנגען. לעבן! ווייל דו האָסט געוואָלט איך זאָל שטאַרבן, האָב איך . . .

— זכריה!

זי האָט אַרויסגעצויגן איר האַנט פון זיינער. שרעק האָט אויפגעריסן אירע אויגן, דער קאָפּ אירער האָט זיך אַריינגעצויגן אין די אַקסל, טשערעפּאַכעמעסיק, זי האָט זיך א רוק געטון אן א זייט.

ער האָט זיך איבערגעבויגן צו איר, נאכגעגאנגען איר קאָפּ מיט זיינע רייד. — האָב קיין מורא, ציפּע. ציפּעלע! — ער האָט געפּרואווט אַ גלעט טון אירע האָר. — איך וויל ניט דו זאָלסט שטאַרבן, איך וויל דו זאָלסט לעבן, און איך אויך . . . — זיין קאָפּ, זיין מויל האָט זיך געצויגן צו איר האַלז. — שטאַרב ניט, ציפּעלע, — האָט ער געכליפּעט, — . . . איך וויל ניט שטאַרבן . . . איך וויל . . . — זיינע ליפּן האָבן זיך איינגעזויגן אין איר האַלז.

— נעמט אים צו פון מיר! נעמט אים צו! מיין מלאך המות! נעמט אים צו! — האָט זי געשריען מיט באַנומענע קולות, רוקנדיק

זיך צו דער צווייטער זייט בעט, איינשרומפּענדיק זיך, די ברייט געעפנטע אויגן שטאַר געווענדט צו איר מאַנס קאָפּ וואָס איז געבליבן ליגן אויף איר קישן.

ביידע וואָרטספרויען זיינען אַריינגעלאָפן.

— נעמט אים צו! — האָט נאָך ציפּע אַרויסגעכריפּעט איר וואָרטספרוי אין בוזים אַריין. איר קערפּער האָט קאַנוואַלסיוו זיך אַ צאַפּל געטון, איר פּנים האָט זיך פאַרקרומט . . .

אַ לויז בינטל ביינער איז געהאַנגען אויף מיסס טהאָמפּסאָנס אָרעמס. זי האָט אַ פּיר געטון מיט די אויגן אין איין זייט, אַ צווייטער, באַגריפן דאָ קען זי אים נישט אוועקלייגן, און מיט איין געשיקטער באַוועגונג אים אַ הויב געטון, אַ טרייסל געטון און אַרויסגעטראָגן פון צימער. טראָגנדיק אים, האָט זי אַ לייג געטון איר אויער צו זיין ברוסט. זי האָט פאַרנומען דאָס קלאַפּן פון זיין האַרץ. — פאַרדאַמט שוואַך. — דאָך האָט זי צוריקגעוויזן אַ בעטל, אַ וועגעלע. — אַזוי אַרום וועט זיין שנעלער. — ווען זי פּאַקט אים שוין אַריין אין אויטאָ־מאָביל!

אין אויטאָמאָביל איז ער געקומען צו זיך. אַן עפן געטון די אויגן, דערזען אַ פרוי, האָט ער גענומען מורמלען: דאָס זייט איר, מיסס טהאַמפּסאָן?

— יאָ, דאָס בין איך. און שווייגט שטיל. איר „שלעכטער בחור!"

— איך בין אַ שלעכטער. איך ווייס איך בין אַ שלעכטער. אָבער איר זייט אַ גוטע, מיסס טהאַמפּסאָן. איר ווילט נישט איך זאָל שטאַרבן, ווילט איר?

— שווייגט שטיל!

— איר ווינשט מיר ניט דעם טויט, ווינשט איר?

— אה, אום הימלס ווילן! קענט איר נישט ליגן שטיל?

— ניין, איר ווינשט מיר נישט דעם טויט, אבער איך שטאַרב. איצט וועל איך שטאַרבן. איצט אַז זי . . . איצט שטאַרב איך . . . יאָ, איך שטאַרב. ווי לאַנג נאָך וועלן מיר פאָרן? באַלד ווי מירן קומען, דערלאַנגט מיר מיין פאַרטפעל, א שוואַרצער פאַרטפעל. דאָרט

ליגט מיין צוואה. דאָס ביסל וואָס איך פאַרמאָג האָב איך איבער־געשריבן אויף אייך, מיסס טהאָמפּסאָן. גיט מיר אייער האַנט. אָט אַזוי. דאָס איז גוט. איך האָב עס געלאָזט פאַר אייך ווייל איר זייט געווען גוט צו מיר, איר האָט מיר נישט געוואונשן דעם טויט, און איך וויל ניט שטאַרבן . . . איך וויל ניט . . . איך . . . שטאַרב . . .

— האָט ער שיר ניט אַ געשריי געטון און זיין האַנט האָט פאַרדריקט שטאַרקער איר האַנט.

זי האָט זיך אַ קער געטון צו אים. — ער שטאַרבט! ער שטאַרבט!

— האָט זי אנגסטיק א געשריי געטון צום טרייבער פון אויטאָמאָביל און דערפילט אז איר באַוועגנוג, איר אַרויסרייסן די האַנט פון זיינער, האָט שיר נישט אַרונטערגעוואָרפן דעם שטאַרבנדיקנס קאָפּ פון דער קישן אויף איר שויס.

דער טרייבער האָט א קער געטון דעם קאָפּ. דערזעענדיק איר פנים, זכריהיס פנים, האָט ער האַסטיק אויסגעדרייט דעם קאָפּ, פאַר־האַקט מיט אמאָל דעם האַנט טאָרמאָז אַז מיסס טהאָמפּסאָן האָט זיך אַזש א וואָרף געטון פאָראויס.

— פאַרט! פאָרט! — האָט זי היסטעריש געשריען. — וואָס האָט איר זיך אָפּגעשטעלט? זעט איר נישט אַז ער שטאַרבט? ער איז טויט! ער איז טויט! פאָרט! פאָרט שנעלער! אָה, גאָט!

— „גאָט אלמעכטיקער!" — האָט דער טרייבער בייז א ברום געטון, אפּגעלאָזט דעם האַנט טאָרמאָז, געלאָזט דעם אויטאָמאָביל אין פולן גאַנג און גערעדט צו זיך אליין: אויף מיין וואָרט, פון די ווייבער איז נישט אויסצוהאַלטן. נאָר זיי שרייען. געהערט אַ געשיכטע? ער שטאַרבט! ער איז טויט! איז ער טויט. ברוך שפטרנו. שוין לאַנג געמעגט געווען שטאַרבן, אַזאַ . . . מאַכן מיך קראַנק אָט די ווייבער . . . ער האָט א יאָג געטון דעם אויטאָמאָביל נאָך שנעלער.

— ער איז געשטאָרבן אויף מיין שויס! אויף מיין שויס!

דאָקטאָר גריינזשער האָט אויסגעהערט מיסס טהאמפּסאָנס באַ־ריכט, געקוקט אויף איר אָט ווי נאָר עלטסטע קענען קוקן אויף זייערע אונטערגעוואָרפענע, ביסלעכווייז איז זיין קוק געוואָרן מילדער, אַ שמייכל האָט גענומען שפּילן אין זיינע אויגן: ער האָט באַמערקט איר נעזל — איר קליין, פאַרריסן נעזל, ווי גוט ער האָט עס געקענט . . . —

איז געוואָרן רויטליך פון ווישן עס, פון וויינען. טאַקע וואָס איז זי שולדיק וואָס ער איז געשטאָרבן אין אויטאָמאָביל? אויב עמיצער איז שולדיק, איז עס גאָר ער גופא, ניט געדאַרפט געוועזן אים לאָזן. ער האָט פּאַטערליך אַ גלעט געטון אירע האָר און גאָר ניט פּאַטערליך אַריבערגעצויגן זיין אָרעם איבער איר פּלייצע, אַ דריק געטון איר זייט צו זיינער. — רואיק, רואיק, מייבל! דער מענטש איז געוועזן אַ טויטער שוין לאַנג צוריק. איר ווייסט עס. און ווייסט איר וואָס אים האָט געהאַלטן ביים לעבן? האַס! ער האָט געהאַסט זיין ווייב.

— אָבער ער האָט געוויינט! ער האָט אַזוי געוויינט!

— נו, אפשר האָט ער זי ליב געהאַט אויך. קענט קיינמאָל ניט וויסן. ניין, קענט קיינמאָל נישט וויסן, — האָט ער פילאָזאָפיש צוגעגעבן. — ווי אַלע אנדערע זאַכן קומען זיי אפשר פאָרוויז — ליבע און האַס צוזאַמען. ווי זאָגט זיך דאָרט אין שיר השירים: כי עזה כמות אהבה, קשה כשאול . . . שנאה. דאָס איז עס. יאָ, אַזוי איז עס . . . און ער האָט אייך איבערגעלאָזט זיין „קניפּל“, א גאַנץ פיינע סומע. וואָס דיינקט איר צו טון דערמיט?

— קריגן אַ מאַן און חתונה האָבן, — האָט די מיסס טהאַמפּסאָן אַרויסגעוואָרפן די ווערטער אַט ווי זיי וואָלט שוין לאַנג געליגן אנגעגרייט ביי די ליפּן.

דער דאָקטאָר האָט שמייכל געטון.



# א ו י ף א ה אָ ר

שוין אָנגעטון אין מאַנטל און היטעלע, האָט זי זיך איבערגע־בויגן איבערן בעט, פאַרשארט אַ פאסמע האָר פון זיין ברייטן שטערן, אַ קוש געטון אין א ווינקל פון אויג און זיך אויסגעגלייכט. — אין אייז קאַסטן שטייט מילך, פוטער. אויפן טיש ליגן צוויי אייער, וועסט אָפּקאָכן, צוויי און אַ האַלב מינוט. און נעם פרוכט. וועט אַרויסקומען די זון, גיי אַרויס אויפן גאַניק, נאָר זיץ ניט צו לאַנג אַנטקעגן דער זון. — זי האָט זיך ווידער א בויג געטון, אַ פּ י ק געטון א קוש, אויסגלייכנדיק זיך, אַ שמייכל געטון. דער שמייכל — נו, ווייסטאָך, אַ נאשערקע . . .
— זי האָט א ריר געטון דאָס היטעלע, א צי געטון דעם מאַנטל, אַ בליק געטון אויפן האַנט זייגערל און אויף שנעל אַרויס פון אלקיר. דאָס זייגערל האָט געטריבן — גיי שוין! גיי שוין! וועסט פאַרשפּע־טיקן! איז זי געגאַנגען מיט שנעלע טריט צו דער גאָס טיר. דערזען אויפן גאַניק דעם לייוועגטענעם לען־שטול, האָט זי אים א קער געטון, אַריינגערוקט ריכטיק דאָס שטאַכעטל אין די צוויי זייטיקע אויסשניטן, א פּרואוו געטון צו דער שטול וואקלט זיך ניט, צו וועט זיין באַקוועם אויסציען די פיס, געוואָרפן אַ קוק צום פענסטער ביי וועלכן זיין בעט איז געשטאַנען און ערשט דאַן אַרונטערגעלאָפן די טרעפּ.

איר גאַנג — שנעלע טריט, אבער קליינע שפּאַן. זי איז שיר ניט געלאָפן, דאָך געדעקט ווינציק שטח און זי האָט געהאַט דעם געפיל אַז זי שטויסט זיך אויף איין אָרט. די אויגן האָבן געשלונגען דעם וועג צום טראַמוויי. ווען זי איז שוין דאָרטן, אָט לעבן יענעם ראַג,

די פיס זיינען נאָכגעשפּרונגען די אויגן, אָבער דער וועג האָט זיך געצויגן, געצויגן . . . גיכער! אַניאָגן איין מינוט! זייט פאַרשפּעטיקן דעם טראַמוויי מיינט עס זיבן מינוט וואַרטן אויף אַ צווייטן. צו די אויערן האָט זיך דערטראָגן אַ גערויש פון אַן אַנקומענדיקן טראַמוויי. איז עס פון שטאָט צו אין שטאָט? זי האָט גענומען אונטערלויפן, אירע באַוועגונגען מער אויף אַרויף ווי אין דער לייַנג. דער טראַמוויי, גייענדיק אין שטאָט אַריין, האָט זיך פאַרבייגעטראָגן, קלינגענדיק שטאַרק ביי דער גאַס קרייצונג.

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט אַ שטויס אויף צוריק, כעסיק אַ מאַך געטון מיט דער האַנט — פּאַסקודנער מאַטאַרמאַן! האָט קיין צייט ניט! — און גלייך צוגעדריקט די האַנט צום האַרצן. זי האָט זיך אַ רוק געטון צו א וואַנט, זיך אָנגעלענט, געבליבן שטיין מיט אַ גֿעעפנט מויל, שנאַפּנדיק לופט, די פינגער האָבן געקניפּט דעם מאַנטל ביז אין די ריפּן — איינקלאַמערן, ניט לאָזן דאָס האַרץ אַרויס־שפּרינגען! באַרואיקט זיך, האָט זי גענומען גיין פּאַמעליך. אַ נאַריש־קייט. זייט שוין מער ניט לויפן. מילא, איז פאַרשפּעטיקט צען מינוט. אַט זעט זיך שוין א טראַמוויי.

אַנגענומען דאָס הענטל פון טראַמוויי, האָט זי זיך דערמאָנט זי האָט פאַרגעסן אַרויסנעמען פאַר אים אַ ריינע פאָר פּיזשאַמעס. האָט אַזוי געשוויצט די נאַכט . . . די האַנט אויפן טראַמוויי הענטל האָט זיך געשוובט — זיך אָפּטיילן פון הענטל. מידאַרף דאָך גיין צוריק אַהיים, אָדער זיך איינקלאַמערן, אַרויפגיין, פאָרן אין שאָפּ אַריין? עמיצענס אַ ברוסט האָט אַ שטופּ געטון איר פּלייצע. די האַנט האָט זיך איינגעקלאַמערט, דער קערפּער האָט זיך אַ הויב געטון, זי איז אַריין אין טראַמוויי. די פּיזשאַמעס זיינען איר נאָכגעפאָרן דעם גאַנצן וועג, איר נאָכגעגאַנגען אין שאָפּ אַריין.

דאָס שוויצן זיינס איז גאָרניט גוט . . . איבער דעם שוואַכן, קילבליכן זייד געדרוך טוט זיך אַ טראָג אַ שאַרפער, זויערליכער, וואַ־רימער שווייס געדרוך, טוט אַזש אַ קיצל אין די נאָז ווענטלעך, זי טוט אַ נאָס.

— האָט שוין אייער *„שטרויי" פיבער? — טוט אַ פרעג די שכנה שטעפּערין.

— ניין, נאָך צו פרי פאַר דעם. דאָס איז אַזוי זיך . . . — זי טוט אַ לייג דאָס טיכעלע צום נאָז, ניט אַזוי אַפּצואווישן דעם נאָז ווי צו פאַרשטעלן דעם פּנים. איר דוכט זי איז רויט געוואָרן. דער זויערליכער גערוך פונם שווייס איז פאַרשוואונדן מיטן נאָס, דאָס קילע, גלאַטע, האַרטליכע זייד איז אָבער וואַרימער, ווייכער, קלעפּיקער געוואָרן . . .

די ערשטע עטליכע נעכט האָט זי ניט געקענט פאַרטראָגן דעם שווייס, אַזוי פייכט, שליימיק . . . זי האָט געפּרואווט זיך אָפּציען פון זיין לייב, איין מאָל האָט זי בגנבה ארייגעכאַפּט אַ שטיקל ליילעך צווישן ברוסט און ברוסט. ווען ער האָט זי „געכאַפּט ביי דער גנבה" האָט זי שולדיק געשטאמלט: עס בלאָזט א ווינטל . . . זי האָט דאָך אַרויסגעצויגן דאָס שטיקל ליילעך, אים שטאַרקער, שטאַרקער צוגע־צויגן צו זיך: נאַ זע, מיך אַרט ניט דער שווייס און . . . עס האָט איר מער ניט געאַרט, אדרבה, זי האָט געפילט אַז אָט דער שווייס קלעפּט זיי צוזאַמען, נאָענטער, נאָענטער, נאָענטער . . . . פון דאַן אָן . . . זי האָט הנאה . . .

זי האָט א קלאַפּ געטון דאָס הענטל, דעם נאָדל קאָנטראָל, אויף אַרויף, גענומען באַטראַכטן אירע פינגער.

— „וואָטצימעטער?"

— שיר ניט דורכגעשטעפּט דעם פינגער.

— זייט בעסער פאָרזיכטיק. אנומעלטן האָט סיידי געהאַט אַזאַ פאַל, די נאָדל איז אַריין, געבליבן שטעקן, זי האָט מורא געהאט א דריי טון דאָס רעדל די נאָדל זאָל אַרויף, האָט זיך פאַרלאָרן, און געשריען מיט באנומענע קולות. שאַט, איר זייט דאָך געווען דערביי, געדיינקט ניט?

— אודאי געדיינק איך.

— מידאַרף זיין זייער פאָרזיכטיק.

וואָס רעדט זי היינט אַזוי פיל, די חנה?

---

* פאַראָדיע אויף „היי־פיבער"

— צעשטאָכן?
— ניין.
אַ פאַרשעמטע וואָס זי האָט אַריינגעכאַפּט דעם פינגער אין מויל, טוט זי אים אַ וויש אין ברוסט, בויגט זיך צו צום מאַשין קעפּל — נייען! נייען, ניט . . .
אַריינגייענדיק דעם קאַלנער פּילט זי דאָס גלאַטע, קאַלטע זייד ווערט בויגיקער, וואַרימער. פלאַנעל. פלאַנעלענע פּיזשאַמעס. ער'ט מסתמא אַליין אַרויסנעמען. די מיט די ברוינע שטרייפעלעך, איבער־בייטן, אַרויסגיין אין דרויסן. די זון איז שוין אַרויס. אפשר ווען ער קען אַרויספאָרן אויף עטליכע וואָכן אין סיעררא מאַדרע, דאָרטן, אַ סך העכער, טרוקענער . . . סיעררא מאַדרע, סיעררא מאַדרע, סיעררא מאַדרע . . .
אַ צימער, עסן, היינט פאָרן אַהין, דאָס מיינט אַכט, צען דאָלאַר אַ וואָך, אויב ניט מער, און דאָ דאָס הויז אויפגעבן קען מען ניט, נאָכדעם ניט קריגן אַזאַ דירה מיט אַ גאַניק פאַר אַזוי ביליק, אַן אויס־כאַפּעניש אויף דירות, מיינט עס זי זאָל זיין דאָ, ער דאָרט, בלויז שבת נאָכמיטיק ביז איבער זונטיק זיין דאָרטן, טויג ניט. צווייענדיקע באַלעבאַטישקייט. און ער — ליגן אַליין די טעג, די נעכט, ער איז דאָך אַזוי ווי אַ קינד, דאַרף אים אַלץ אונטערטראָגן, דערלאַנגען. טויג ניט. סיידן זי אויך. פאָרן אַלע טאָג וועט ניט סטייען די חלה אויף דער המוציא. ווען זי קען אָפּשפּאָרן אויף צוויי וואָכן צייט! צוויי וואָכן ניט גיין אין שאָפּ, זיין מיט אים אין סיעררא מאַדרע. פאַר איר איז אפשר סיעררא מאַדרע ניט גוט, צו הויך, צופיל פלאַנצן. ביים ים וואָלט געווען בעסער. ניין, דער ים טויג ניט פאַר אים, ער וואָלט באַדאַרפט זיין אין סיעררא מאַדרע . . .
סיעררא מאַדרע. סיעררא מאַדרע. סיעררא מאַדרע . . .
די נאָדל האָט געשטעפּט דאָס זיידנס, געשטאָכן די שטונדן, דעם טאָג און געפּיקט אין קאָפּ — סיעררא מאַדרע . . .
אַזאַ קאָפּ האָט זי שוין געהאַט ציירל. איז איר עפּעס אַריין אין קאָפּ האָט עס געפּיקט, געפּיקט אַן אַן אויפהער, ביז זי האָט עס ניט אַרויסגעזאָגט עמיצן, געוויינטליך אים, איר נחן. זייט עס אים זאָגן. באַלד ווי זייט קומען. זיך דורכרעדן, אפשר קען מען פאָרט געפינען

אַ וועג. סיעדרא מאָדרע . . . ערשט דריי אַ זייגער. נאָך אַ ג ד ע ר־
האַ ל ב ן שעה!

דער מאָטאָרמאַן האָט בייז געצויגן די שטריק, געקלונגען באַ־
אַנאַנד — פאַרנעם זיך, דו . . . ! דער אויטאָמאָביל פאָרער האָט
ענדליך זיך אָפּגעקערט, געלאָזט דעם טראַם פאָרן, אים איז אָבער
בישט אנגעשטאַנען אַ טראַם זאָל א י ם איבעריאָגן, דערצו איז ער
נאָך אין כעס געווען אויפן מאָטאָרמאַן למאי יענער האט אַן עפּן געטון
דעם פענסטער און אים געזאָגט עפּעס . . . וואָס דער מאָטאָרמאַן האָט
אים געזאָגט האָט ער ניט געהערט, ער האָט אָבער געכאַפּט דעם
מאָטאָרמאַנס פּנים און ער האָט געזען, קיין גוט נאָוונט האָט אים
דער מאָטאָרמאַן נ י ט געזאָגט . . . אויב אַזוי, שוין יאָ אזא . . .
יעטיר אים ד ו י י ז ן! עריט איבעריאָגן דעם טראַם און וועט דוקא
גיין אויף די רעלסן, און גיין פּאַמעליך, און זאָל ער אים . . . ער האָט
אַ טראַט געטון אויפן גאז קנעפּל, זיך אַ יאָג געטון. ווען ער האָט זיך
אַ כאַפּ געטון אַז אַן אויטאָמאָביל ביים טראַטואר איז אים געשטאַנען
אין וועג, איז שוין געווען צו שפּעט. צוויי ברירות האָט ער געהאָט
— אָדער אַריינפאָרן אינם שטייענדיקן אויטאָמאָביל אָדער זיך „דורכ־
קוועטשן" צווישן דעם אויטאָמאָביל און דעם טראַם. ער האָט זיך
דורכגעקוועטשט און אָפּגעבראָכן די הילצערנע טרעפּ פונם טראַמוויי.

— וואָס האָט פּאַסירט?

— עמיצער באַשעדיקט?

— אָט די פאַרדאַמטע אויטאָמאָביל טרייבער!

ווער עס איז אויפגעשטאַנען, געקוקט דורכן פענסטער, ווער עס
איז אַרויסגעגאַנגען אַ קוק טון; איינער האָט שוין אפילו פאַרקאַשערט
אַן אַרבל, גרייט זיך אַריינצואוואַרפן אין דעם געשלעג וואָס וועט אָט
אָט אויסברעכן צווישן מאָטאָרמאַן און אויטאָמאָביל טרייבער; צירלען
איז ניט אנגעגאַנגען וואָס האָט פּאַסירט. ביים קלאַפּ פון אויטאָמאָביל
אין די טראַמוויי טרעפּ האָט זי זיך אַ צאַפּל געטון, געוואָרע געוואָרן
וואָס איז געשען, האָט אַ קלאַפּ געטון דער געדאַנק — נאַדיר! איצט
וועט מען שוין שטיין און זי דאַרף נאָך קויפן פלייש, מאַכן
עסן . . .

זי האָט זיך אויפגעהויבן, אַ קוק געטון דורכן פענסטער: ווי

לאַנג וועט עס נעמען? אפשר גאָר אַרויסגיין פון טראַם, זיך לאָזן גיין? צו ווייט. ווי לאַנג וועט מען נאָך שטיין? זי איז אין כעס געווען אויפן אויטאָמאָביל טרייבער, אויפן מאָטאָרמאַן: וואָס מאַכן זיי דערפון אַ גאַנצע חתונה? אַן עסק, מיט אַ שרייבעניש. ווען דער קאָנדוקטאָר איז צוגעקומען צו איר, דערלאַנגט אַ קאַרטל זי זאָל אָנגעבן איר נאָמען און אַדרעס אַלס עדות, האָט זי כעסיק אָפּגעשטופּט דאָס קאַרטל — איך האָב גאָרניט געזען. — נאָך אַן עדות זיין! פאָרן! זאָלן זיי זיך שוין רירן!

דער טראַם האָט זיך גערירט. דער מאָטאָרמאַן האָט נאָכאַנאַנד געקלונגען, געמעגט שווערן ער איז געפאָרן לעשן א פייער. קלינגענדיק האָט דער מאָטאָרמאַן געלאָשן זיין כעס אויף דעם אויטאָמאָביל טרייבער, פאַרהילכט דעם אויסרייד וואָס ער וועט זיכער קריגן ביים ברייגען דעם טראַם אַן טרעפּ און, דער עיקר, געפּרואווט אניאָגן די ניין און אַ האַלב מינוט וואָס ער האָט פאַרלוירן. צוויי מינוט מיט זיבן און דרייסיק סעקונדן האָט ער שוין אָנגעיאָגט, אָבער ער איז געווען אנטשלאָסן אָנצויאָגן די פולע ניין און א האַלב מינוט, בדאַי איבערפאָרן אַ קינד, בדאַי אונטערשטופּן, אַרונטערוואַרפן אַן אַלטע פרוי וואָס האָט זיך אויסגעקליבן אַרונטערצוגיין דוקא דאָ אָ, נאָר די ניין און אַ האַלב מינוטן זאָל ער אָניאָגן!

— נו שוין, גיכער! קריך שוין אַרונטער! — האָט ער שטומערהייד נאָכגעשריען צירלען ווען זי האָט געהאַלטן ביים אַרונטערגיין. — ווי דאָס רירט זיך! איך האָב נאָך פיר און אַ האַלב מינוט אָניאָגן, און זי . . . .

צירל האָט נעבאך געמוזט אַרונטערגיין פּאַמעליך: פאַר איר איז אַרונטערגעקראָכן אַן עלטערע פרוי, זי האָט שיר ניט אָנגעטראָטן אויף דער פרויס קליידל, געווען ברוגז אויף איר אפשר אַזוי ווי דער מאָטאָרמאַן, אָבער וואָס האָט זי געקענט טון? דער מאָטאָרמאַן האָט געהאַט דעם זייגער הייגגען פאַר די אויגן, געציילט די סעקונדן, צירל האָט אויך אַ פאָר מאָל אַ קוק געטון אויפן זייגערל, זי האָט אָבער ניט געציילט די סעקונדן, זי האָט בלויז געפילט — שפּעט! זי האָט פאַרשפּעטיקט! עריט דאַרפן וואַרטן מיטן עסן, און אים אַז עס קלעמט איבער דאָס האַרץ, פינף מינוט, קריגט ער אַ קאָפּ ווייטיק. זי האָט

האַסטיק געשפּאַנט צו איר קצב. צוליב אַט דעם קצב האָט זי געמוזט אָנלייגן אַ בלאָק גאַנג, נח איז אָבער געוואוינט צו פלייש געקויפט ביי דעם קצב, אַמאָל געקויפט ערגעץ אַנדערש האָט עס אים פאַרשאַדט . . .

אַריינגעקומען אין יאַטקע, געטראָפן דאָרט עטליכע ווייבער, האָט זי אַ טראַכט געטון: ווער ווייסט ווי לאַנג דאַרפן וואַרטן? און דאָך געווען צופרידן וואָס זיי זיינען דאָרט געווען — זי האָט געמוזט אָפּכאַפּן דעם אָטעם; דאָס האַרץ, האָט זי געפילט, שפּרינגט ממש אַרויס.

דער בחור, דער קצב יונג, האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ, דער האַק מעסער אין האַנט איז געבליבן שטעקן אין דער לופטן. ער האָט אַ שמייכל געטון צו צירלען: וואָס היינט? — צירל איז געווען אַ גוטער קונה, האָט געקויפט די בעסטע פלייש און געצאָלט מזומן.

— פילעי, — האָט צירל אַרויסגעזאָגט און דערפילט אַ דער־לייכטערונג. איר האָט זיך שוין אפילו געאָטעמט גרינגער. איצט האָט זי שוין געקענט גוט אַ קוק טון אויף די אַנדערע קונים. דער קצב יונג האָט איר אַ וויז געטון דאָס שטיקל פילעי סטייק און עס אַ לייג געטון אויף דער וואָג. צירל האָט פאַרשעמט אַ קוק געטון אויף די אַנדערע פרויען — אנטשולדיקט וואָס ער גיט מיר פריער . . . איך . . . ווען איר ווייסט . . .

די ווייבער האָבן געוואוסט . . . איינע האָט אַ שמייכל געטון. דער שמייכל: נו יאָ, מיר ווייסן . . . מיטן מויל האָט זי געפרעגט: וואָס מאַכט אייער מאַן?

— אַ דאַנק. ער פילט פיין.

— איר האַלט אַ נוירס אין שטוב?

— אַ נוירס? איך בין די נוירס. — צום קצב יונג, — וויפיל?

— ניינציק סענט.

צירל האָט אַ לייג געטון דאָס געלט, מיט די אויגן געדאַנקט דעם קצב יונג: ביסט אַ וואוילער בחור. צו דער ווייבל וואָס האָט זיך נאָכ־געפרעגט אויף איר נחן, אויף אַ נוירס, האָט זי א שמייכל געטון, דער שמייכל — אַ קנייטש מיט די ליפּן, און אויף גיך אַרויס פון יאַטקע. זי האָט זיך געשעמט וואָס זי האָט געקראָגן איר פלייש אויסער דער

רייע, געווען צופרידן וואָס זי האָט עס געקראָגן, און געפילט אַז זי האָט שוין באַצאָלט פאַר איר פּריווילעגיע — אָט די ווייבל! „איר האַלט אַ נוירס?"

פרויען מיט ווייסע פאַרטוכער־קליידער, ווייסע הויבן האָבן געשווינדלט פאַר צירלס אויגן, איר ניט געלאָזט גיין און זי האָט אויף צו להכעיס זיי געשפּאַנט האַסטיקער, זיי געטריבן, לאָזט מיך גיין! איין פרוי אין א אוניפאָרם, מיט אַ ווייסער הויב, מיט אַ שפּילקע „ר. נ." (רעגיסטרירטע נוירס) אויפן ברוסט, פאַרשפּיליעט דעם הויכן בוזים, האָט געטענצלט פאַר אירע אויגן: לויף ניט, לויף ניט, קיינער וועט דיין נחן ניט אויסכאַפּן, מיינסט אַן אמתן אַז . . . ? זאָל געווען יועלן אויסכאַפּן, ווייסטו גאַנץ גוט אַז . . .

צירל האָט פאַרפאַמעליכט איר גאַנג. וואָס איז איר אָט די רבקה קריוואָשיי פּלוצלונג געקומען אויפן זינען? זי האָט זי פיינט. איבּ־איינעם געאַרבעט אין שאַפּ,ביידע אַרומגעגאַנגען מיט נחן, ער איז נאָך דאַן געווען געזונט. ווען עס איז קלאָר געוואָרן אַז מיט איר וועט ער ניט חתונה האָבן, האָט זי פּלוצלום פאַרלאָזט דעם שאַפּ. איר איז נישט אנגעשטאַנען, הייסט עס, צו בלייבן א שאַפּ מיידל, געוואָרן אַ נוירס, אָנגעהויבן קוקן אויף די שניידער מיידלעך פון אויבן אַרונטער, איין קלייניגקייט . . . טראָגט ראַנאַלן . . . געמיינט אַ דאָקטאָר וועט זי אויסכאַפּן . . . אויסגעכאַפּט האָט מען זי ניט, אָבער מיט די דאָק־טוירים . . . און זי, אָט די א . . . האָט נאָך געוואָלט קריכן צו נחן ווען ער איז שוין געווען איר מאַן. — איך פאַרזיכער דיך אַז מיינע שוועסטער פון דער יוניאָן זיינען אַ סך פיינער, אַ סך אנשטענדיקער ווי דיינע שוועסטער, די באַרמהערציקע, — האָט זי איר איין מאָל אַריינגעזאָגט, און יענע האָט אויפגעהערט קומען אַזוי אָפט. טאָ וואָס איז זי איר פּלוצלונג אַרויף אויפן זינען? די ווייבל מיט איר שמייכעלע. גייט זי צון אַלדי שוואַרצע יאָר מיט דער ווייבל אינאיינעם. „איר האַלט אַ נוירס?" זייט אַוועקפאָרן מיט אים, קיין סיעררא מאַדרע, קיין . . . נאָך ווייטער, זיי ניט אָנקוקן, קיינם פון זיי. אָט אָ, קויפן אַ קעפּל לעטוס, טאַקע דאָ אויפן ראָג.

זי האָט געהאַלטן ביים אַריינגיין אין קרעמל ווען איין אויג האָט געכאַפּט אַ ווייס ספּאָדיקל, אָט ווי די וואַרטספּרויען טראָגן. זי האָט

אַ דריי געטון דעם קאָפּ: יאָ, אַ „שוועסטער". געמעגט שווערן טאַקע זי, די קריוואשיי, איר גאַנג. זי! ווי קומט זי אהער? געווען ביי . . . נאָכלויפן! זי דעריאָגן, זי אָפּשטעלן, זי אָנכאַפּן, זי . . . און ער . . . צירל האָט זיך ניט אַ ריר געטון. איר מויל האָט זיך געעפנט, די אויגן זיינען פון קאָפּ געקראָכן, דאָך האָבן זיי אפילו ניט אַ פּינטל געטון.

— איר ווילט עפּעס, מרס. קריין?

— האַ? ניין. אַ דאַנק. איך האָב געדיינקט . . . פאַרגעסן וואָס איך דאַרף, וועל אַריינקומען שפּעטער. — זי האָט זיך אָפּגעריסן פון אָרט, געטון אַ פּאָר שנעלע שפּאַן, דערפילט ערגעץ וואו אינעווייניק האָט זיך אַ „טירעלע" געעפנט, אין דעם טירעלע האָט זיך אַ יאָג געטון איר . . . האַרץ, זיך געיאָגט, געשפּארט זיך, הין און צוריק, אַרויף און אַראָפּ, שנעל—שנעל און . . . זיך אפּגעשטעלט. צירל האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט. פינסטער אין די אויגן, דאָך דאָס ווייסע הויבל — אַ ווייסער זעגל אויפן ים, שווימט, פאַרשווינדט. זי פאַר־קירעוועט זיך. האָט זיך אומגעקוקט. זי! און אפשר? זיך אויסגעדוכט, צירל האָט זיך געלאָזט גיין צום שטוב צו.

קומענדיק צום גאַניק האָבן די אויגן אַריינגעכאַפּט דעם לען־שטול. ער איז געזעסן אין דרויסן. זי דערקענט עס. זי איז אַרויפגעלאָפן די פיר טרעפּלעך אויפן גאַניק, אָן עפן געטון די טיר. וועט זי אים טרעפן אין בעט איז . . . אַ סימן אַז גאָרניט . . .

— צירל? — האָט זי דערהערט די באַקאַנטע שטימע פון אלקיר און זי האָט זיך אַ צי געטון נאָך דער שטימע. זי האָט זיך אַריינגעשטעלט אין אלקיר טיר, ער האָט זיך אָפּגעקערט פון שפּיגל. ביים שפּיגל גאָר? די האָר אַזוי גלאַט פאַרקעמט, נאָר וואָס פאַרקעמט, דער שלאָף ראָק . . . פון דעם שלאָף ראָק האָט זיך אַרויסגעזען דאָס הערצל פון די פּיזשאמעס. נייע. ער האָט איבערגעביטן.

די גאַנצע משא פון טאָג, פון דעם מאָמענט וואָס זי האָט אנגע־נומען דאָס הענטל פון טראַמוויי ביז איצטער, איז מיט אַמאָל אַרונ־טערגעפאַלן — ער האָט איבערגעביטן די פּיזשאַמעס. די משא, אַרונ־טערפאַלנדיק פון צירלען, האָט זי מיטגעשלעפּט — זיך אנידערזעצן, אַנידערלייגן, אַנידער . . .

— ווידער געלאָפן? דו לויפערקע . . .

איין ארעם איבערגעצויגן איבער איר פלייצע, האָט ער מיט דער צווייטער האַנט אַרויסגענומען דאָס פּעקל פלייש פון איר האַנט, אַ לייג געטון אויפן קאַמאָד. אירע אויגן האָבן נאָכגעפאָלגט זיין האַנט, אויפן קאַמאָד האָבן זיי דערזען אַ קליין פרויען טיכעלע. אַ בוכשטאַב „ק" האָט זיך געהויבן פון טיכעלע, זיך געבערגלט פאַר די אויגן. די אויגן האָבן אַ שפּרונג געטון פון טיכעלע, פונם בוכשטאַב צו נחן, פון אים צום בעט. צוגעגלעט. ניט צעוואָרפן, ניט פאַרבעט, צוגעגלעט. עמיצער האָט געוואָלט פאַרגלעטן. די אויגן האָבן ווידער אַ שפּרונג געטון צו אים.

— ווער איז דאָ געווען? — די אויגן האָבן נאָכאַמאָל אַ שפּרונג געטון צום טיכעלע, זיך איינגעשטאָכן אינם בוכשטאַב „ק", אפשר איז עס אירס? ניין, ניט איר בוכשטאַב, דאָס איז יענערס, און גלייך זיך איינגעגעסן אין אים: זאָג! דערצייל!

— ווער איז געווען? ווער זאָל זיין? קיינער ניט. דעם גאַנצן טאָג געזעסן אין דרויסן. אַזאַ שיינער טאָג געווען.

דאָס האָט זי, די בליאַד, אומישנע איבערגעלאָזט דאָס טיכעלע: נא וויים אַז איך בין דאָ געווען, און טו מיר עפּעס. און ער, ניכאַיבי וואָלט ער איר דערציילט אַז זי איז געווען. ער לייקנט. הייסט עס, דאָ וואָס צו פאַרלייקענען, באַהאַלטן. ער איז געווען מיט . . . ווי לאַנג איז זי דאָ געווען? אָט דאָס האָט עס די ווייבל געפרעגט: „איר האַלט אַ נוירס?"

— וואָס איז? וואָסי, צירעלע?

אים אַ שטופּ טון. אַ שטופּ טון ער זאָל פאַלן, ער זאָל . . . איר קאָפּ איז אַ פאַל געטון צו זיין ברוסט. ער האָט געפּרואווט אָפּציִען איר קאָפּ, אַ קוק טון אויף איר, אָבער זי האָט זיך איינגעביסן מיטן . . . נאָז אין ברוסט, געצויגן, געזויגן דעם גערוך פון זיין לייב, פון די פּיזשאַמעס, די ריחות — באַקאַנט. יענעריס ריח דערשפּירן! אַ שפּיר הונט אויפן שפּור פון אַ מענטשן, אַ פאַרברעכער. ער האָט אָפּגעבויגן איר קאָפּ, פאַרקוקט איר אין פּנים. — צירעלע, וואָס איז?

זי האָט אים לאַנג אָנגעקוקט, דאַן פאַמעליך אָפּגעצויגן דעם קוק פון אים, די אויגן זיינען געבליבן רוען אויף איין פונקט, אויפן לאַץ

פון שלאָף ראָק. די פאַרגרעסערטע אויגן האָבן זיך איינגעעסן אין דעם פונקט, זיך ניט געקענט אָפּרייסן.

— צי־רע־לע!

די שפּיצן פון דעם אנווייזנדיקן און גראָבן פינגער האָבן אָנגענומען אַ האר, א דינע, לאַנגע, שוואַרצע האָר, זי געהאַלטן, געצויגן זי פון זיין לאַץ אין דער הויך פאַר זיינע, אירע אויגן. שפּיץ פינגער האָבן אנגערירט אַ פּראַסטיקע קליאמקע. אַ ברי, ספק הייס, ספק קאַלט, אָבער די פינגער שפּרינגען ניט אָפּ, זיי זיינען צוגעפרוירן צו דער „קליאמקע", ניין, די קליאמקע איז צוגעזאַטן צו די פינגער, די פינגער ציען זיך, רייסן זיך פון דער קליאמקע, אָבער זי גייט נאָך. צירלס אויגן, גרויסע, אויפגעריסענע קוקן אויף אָט דער . . . מיילן לאַנגער האָר און די האָר וואַקסט אַלץ, שוין ניט מער אין דער לייַנג, נאָר אין דער גרעב, א באַרג א גאַנצער, אַ באַרג פון פאַרדאַכטן, פאַרדרוסן. אָט דער באַרג איז אַלע מאָל געשטאַנען פון דערווייטן, איצט רוקט ער זיך אָן אויף איר, רוקט זיך, רוקט זיך. פאַרשטעלט די שיין, פינסטער, פינסטער אין די אויגן . . . דער באַרג איז א ו י ף איר. זי האָט זיך אַ וואַקל געטון.

ער האָט געפּרואווט פאַרהאַלטן זי. מיט איין האַנט, מיט ביידע הענט. ווען ער קען זי נאָר אונטערהויבן, אָט אַזוי אונטער די פאַכוועס. זי אונ־טער־הויבן! זי איז אַזוי שווער, אַזוי . . .

איר פּנים, איר ברוסט האָט זיך געגליטשט איבער זיין ברוסט, בויך, זיך אַרונטערגעגליטשט פאַמעליך, מיטשלעפּנדיק אים, ער האָט זיך ממש פאַרפלאַנטערט פאַר זיינע אייגענע פיס, זיך געדרייט און איבערגעדרייט און ערשט נאָכדעם געבליבן ליגן.

געקומען צו זיך פונם פאַל האָט ער אַ בליק געטון אויף צירלען. זי אויפהויבן! אויפהויבן זי, אויפמינטערן, איר דערציילן. ער האָט באַגריפן — די האָר. רבקה קריוואשייס האָר אויף זיין לאַץ. ער האָט זיך אויפגעהויבן, זיך איבערגעבויגן איבער איר. — צירל! צירעלע!

— ער האָט אַרונטערגערוקט זיינע הענט אונטער איר רוקן, זי אַ הויב געטון. ער האָט דערפילט עפּעס האָט זיך אָפּגעריסן אין אים, איין זייט ברוסט איז הויל געוואָרן, אַ ווינט יאָגט אים אין ברוסט אַריין, צעשפּאַרט זי, אָט אָט ווערט זי צעריסן. זיינע הענט האָבן זיך

אַרויסגעגליטשט פון אונטער צירלס רוקן און זי איז טעמפּ צוגעפאַלן צו דער ערד. ער האָט דערפילט די ליידיקייט אין זיינע הענט, גע־פּרואווט זיך אויסגלייכן, אָבער צירל, די פּאַדלאגע אונטער איר האָט זיך געהויבן צו אים אנטקעגן, זיך געהויבן, געוויגט, געשווינדלט פאַר די אויגן, אים אונטערגעכאַפּט, צוגעצויגן צו זיך.

זיך אויפהויבן! אויפהויבן זי! צירל! ה־ע־ל־פ־ט! — האָט ער געוואָלט אַ געשריי טון און ווידער דערפילט ווי אין זיין געעפנט מויל יאָגט זיך אַ ווינט אויף אַריין, אָבער אַרויסברייינגען אַ וואָרט, אַרויס־אָטעמען קען ער ניט. אָ־ט־ע־ם!

די צעשפּרייטע פינגער פון איין האַנט האָבן געקנייפּט, געקנאָטן די לופט, זיין ברוסט, האָט ער געפילט, אָט פאַלט זי איין, ברוסט און רוקן וועלן זיך באַגעגענען, און אָט ווערט זי אויפגעבלאָזן — אַ בלאָז זאַק, דאָס מויל האָט זיך געעפנט, פאַרמאַכט און מאָמענטאַן זיך ווידער געעפנט, שלינגענדיק לופט אויף אַריין, אָבער קוים אָטעמענדיק אויף אַרויס — אָ־ט־ע־ם! וואַ־ס־ער! א ביסל וואַסער! זיך אויפהויבן! זיך אויפהויבן! נאָר ניט בלייבן ליגן . . .

ער האָט זיך אויפגעזעצט, האָט אנגעשפּאַרט איין האַנט אן דער ערד. די מוסקולן פון ארעם, האַנט האָבן געציטערט, די ברוסט האָט זיך געהויבן, צוגעפאַלן. מאַכט ניט. זיך אונטערהויבן! זיך אויפ . . .

דער צימער האָט זיך גענומען וויגן, דרייען, צירל האָט זיך פאַר־בייגעדרייט, צירל מיט איר פּנים פאַרקרומט פון ווייטיק. צירעלע! נאַרישע צירעלע! נו יאָ, זי איז געווען, געקומען זיך אויסוויינען. איר ברודער, דו האָסט אים געקענט, איז ערשט פאַראַכטאָגן געשטאָרבן. זי האָט געוויינט, האָט ער אַ גלעט געטון איר קאָפּ. דאָס יאָ, ניט דערציילט ווייל . . . נו, פרויען . . . אָבער, צירעלע . . . ! צירלס פּנים, פאַר־קרומט פון ווייטיק, פאַרשטאַרט האָט שטום געסטאַרטשעט פאַר די אויגן. פאַרפאַלן. ער קען זי ניט אויפהויבן, קען זי ניט אויפמינטערן, און ער . . . ווען ער קען זיך אויפהויבן, כאָטש א געשריי טון. ער האָט אַן עפן געטון דאָס מויל. ווידער ווינט און קיין קלאַנג . . . ער האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט — אַלץ איינס, און דער אויבערשטער האַלבער קערפּער האָט זיך אַרונטערגעלאָזט, געבליבן ליגן האַרט לעבן צירלען . . .

קאַלטע, פאַרשטייפטע האָט אַ שכנה זיי געפונען אויף מאָרגן.

דער דאַפּלטער טויט האָט אויפגעלעבט די שכנים פון גאַנצן בלאָק.

— אַזאַ גזר. אַזאַ גזר.

— ערשט נעכטן זיי געזען. זי געזען גיין פון דער אַרבעט.

— זעט איר דאָך.

— ווער האָט זיך עס געקענט ריכטן?ביידע אין איין טאָג.

— מילא ער, געקרייענקט, אָבער זי?

— זי איז דאָס געווען די געזונטע? איר געזונט אויף שונאי ציון געזאָגט געוואָרן. אַ מענטש אַן אַ האַרץ. האָט זיך מקריב געווען פאַר אים: מיין נח און מיין נח.

— און ער: צירעלע און צירעלע.

— ווי די טייבעלעך האָבן זיי דאָך געלעבט.

— און זעט איר דאָך, אַזאַ גזר. ס'איז סברא מ'עט זיי נאָך פאַלמעסן.

— פאַלמעסן? גאָט באַהיט! וואָס הייסט פאַלמעסן?

— ווייסט'אך, ביידע געשטאָרבן פּלוצלונג, ביידע אין איין טאָג . . .

— דרימעך? האָסטו געהערט, גאָר פאַלמעסן. מירין עס ניט דערלאָזן. איר הערט? מירין עס ניט דערלאָזן! אפילו ווען . . . כ'ווייס ניט וואָס . . .

זיי האָבן ניט דערלאָזט. די מתים זיינען געווען זייערע. זיי האָבן אראַנזשירט די לויה, זיך געלאָזט קאָסטן גאָרניט לויט זייער פאַרמעגן. שפּעטער צו האָבן זיי אויך באַשטעלט אַ מצבה. אויף דער מצבה האָבן זיי געהייסן אויסקריצן צוויי הענט, געשלאָסן אין פריינטשאַפט, אונטער די צוויי הענט די ווערטער „הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו". דער מצבה קריצער, דווקא אַ גוי, — קיין אידישער ניט געווען — האָט קאָפּירט ערליך, עס זאָל עס פעלן אַ . . . האָר . . .



# א ה ר נ ' ם ש ט ע ק ן

(והנה פרח מטה אהרן לבית לוי ויצא
פרח ויצץ ציץ ויגמל שקדים.
במדבר, קרח.)

די לעצטע סצענע איידער דער פֿאָרהאַנג האָט זיך אַרונטערגע־לאָזט. — דער סיגנאַל האָט זיך שוין געהאַט געביטן אויף רויט. אהרן ספּעקטאָר האָט אַריינגעכאַפּט דאָס שטיקל גאַס, אַרויפֿגעלאָפֿן אויפֿן טראָטואַר, זיין ברוסט האָט זיך אנגעקלאַפּט אָן אַ רוקן פֿון אַ פֿרוי וואָס איז נאָר וואָס אַרויסגעשטויסן געוואָרן פֿון סאַלון אויפֿן ראָג. די פֿרוי האָט זיך אַ וואַקל געטון, איר קאָפּ אויף אַ לאַנגן, געקנייטשטן האַלז האָט זיך אַ וויג געטון, אומגעדרייט צו אהרנען.

— אנטשולדיקט מיר, זשענטלמאַן! אנטשולדיקט מיר, — האָט זי איבערגעחזרט, אַנגערירט איר היטעלע און א טראָט געטון צו דעם מענטשן אין טיר פֿון סאַלון.

— גיב מיר מיינע פֿיר דאָלאַר!

— גיי אַהיים און שלאָף זיך אויס.

— גיב מיר מיינע פֿיר דאָלאַר, דו . . . — אירע הענט האָבן זיך געריסן צום מאַנסביל אין טיר. אַ פּאָר ברייטע הענט האָבן פּאַמעליך אַ שאָר געטון דער פֿרויס הענט, אירע אָרעמס. — גיי אַהיים איידער איך רוף די פּאָליציי.

— אַה! יעצט רופֿן פּאָליציי! אדרבא, רוף! כ׳על זיי דערציילן

די גאַנצע געשיכטע. כ׳האָב דיר געגעבן פינף דאָלאַר, געהאט בלויז פינף שנאַפּסן, קומט מיר פיר דאָלאַר. איך וויל פיר איינציקע דאָלאַר, אויסגאַב פון מיינע פינף.

— האָסט קיינמאָל אין דיין לעבן ניט געזען קיין פינף דאָלאַרדיקע.

— אַזוי זאָגסטו! כ׳האָב געהאַט פ י נ ע ף דאָלאַר, א יונגערמאַן האָט זיי מיר ערשט היינט אינדערפרי געגעבן, און א פיינעד יונגער־מאַן דערצו.

— גיי שוין גיי, דו אַלטע קליאַטשע, א יונגערמאַן . . .

— וואָס! איך אַן אלטע קליאַטשע! איך אַן אלטע קליא . . .

די פינגער פון דער פרוי — פיסלעך פון אַ פליג וואָס ליגט איבערגעקערט אויפן רוקן און זי וויל זיך איבערדרייען — האָב שנעל זיך באַוועגט, זיך געריסן צו דעם מאַנס פּנים, און דער מאַן, נידערי־קער פון איר, זיינע הענט קורצער פון אירע, האָט דאָך באַוויזן מיט איין ברייטער האַנט אַ זעץ טון אירעביידע הענט אויף צוריק און זי אַזוי אַ שטורכע געטון אַז זי האָט זיך אַ רוק געטון הינטערווייַלעכס, אנשלאָגנדיק זיך ווידער אָן אהרנען. אהרן איז שוין ניט געווען דער איינציקער צוקוקער, עטליכע „שטענדיקע איינוואוינער" פון דער „סקידראָו" (גליטש־וועג) זיינען געשטאַנען, געקוקט, געשמייכלט, איינעם איז דער ספּעקטאַקל אַזוי געפעלן געוואָרן אַז ער האָט אַזש אונטערגעגעבן היץ: גיב אים, פּעגגי! דערלאַנג אים! אַט אַזוי! דאָס הייסט . . . אַ מיידל!

פּעגגי, איר גרין היטעלע אַרונטערגעפאָרן פון קאָפּ, הייגנענדיק בלויז אויף אַ גומעלע פאַרטשעפּעט ביי איין אויער, האָט אנטפּלעקט פאַראַקסייד בליאַקירטע, בלאַנדע האָר, קורץ געשוירן. סטרופּעס־ווייז זיינען די האָר זיך צעפּאַלן איבערן שטערן, פּנים, די לילאַווע אנגעפאַרבטע באַקן האָבן זיך דאָך דורכגעשלאָגן דורך די האָר שטאַכעטן. געריסן דאָס אויג האָט דער ברייט געעפנטער מויל, די אויבערשטע רויט־ברוינע פּלאַסטינקע פון די אריינגעשטעלטע ציין, געריסן דעם אויער האָט איר מבול זידל ווערטער: דו פאַרפוילטער, פאַסקודנער, הינטישער זון, דו . . .

די ברייט צעשטעלטע פיס פון דעם מאַן מיטן ווייסן פאַרטוך אין טיר האָבן זיך אַ ריר געטון, איין פוס, אַ צווייטע, אַט ווי זיי

וואָלטן געווען פאַרפרוירן און ער וויל זיי אַנוואַרימען, די קליינע, טיף פאַררוקטע אויגעלעך האָבן זיך אַ הויב געטון. ניט געפינענדיק וואָס ער האָט געזוכט און, דערפילנדיק גלייכצייטיק פּעגגיס פינגער, האָט ער ראַשיק אַ דריי געטון דעם קאָפּ, מיט איין ברייטער האַנט פלאַך אַ שטופּ געטון פּעגגין אין ברוסט. זי האָט זיך אַ וואַקל געטון, גענומען שפּרינגען אויף הינטערוויילעכס, אָט אָט פאַלט זי אום מיטן נאַקן, קאָפּ אָן טראָטואַר.

אהרן האָט אַ שפּרונג געטון, זיך איינגעבויגן, איין אָרעם האָט זיך אַרונטערגעכאַפּט אונטער איר רוקן, די צווייטע האַנט איז געווען ביי איר אויפן ברוסט. אין נאָז האָט אים אַ זעץ געטון אַ גערוך פון בראָנפן, אויסגעמישט מיט טאַבאַק רויך, דאַן אַ שאַרפער גערוך פון ביליקן פאַרפום, און איבלדיקער ריח פון פוידער, פאַרב. אָט אָט לאָזט ער זי אַרונטער. נאָך עמיצער איז געקומען צו הילף, זיי האָבן זי אויפגעשטעלט, געהאַלטן זי ביי די אַקסל און זיך איבערגעקוקט: וואָס טוט מען מיט איר?

זי איז איצט געווען שלאַבעריק שיכור, ניט געקענט זיך האַלטן אויף די פיס. דורך דעם גרעסער געוואָרענעם רעדל האָט איין אָרעם פון אַ פּאָליציסט געשאַרט מענטשן אָן אַ זייט, די צווייטע האַנט אויסגעשטרעקט, גרייט אָנצונעמען, אָנצוכאַפּן עמיצן. דערזען דעם „עמיצן" איז די שטירדעס פון זיין פּנים פאַרשוואונדן. — אָה פּעגגי! ווידער אַמאָל?

— איך וויל מיינע פיר דאָלאַר! — האָט פּעגגי גערעדט ווי פון שלאָף.

— אַזוי, דאָס מאָל איז עס פיר דאָלאַר.

— און ער האָט קיין רעכט מיך צו באַליידיקן, — האָט פּעגגי ווי אויפגעוואַכט, — אָט דער טכויר, אָט דער צעפוילטער ממזר, דער . . .

— נו, נו, פּעגגי, שטילער, שטילער אַ ביסל.

— איך וועל ניט שטילער ווערן, — האָט שוין פּעגגי זיך אַ שטעל געטון קריגעריש.

— איך וויל מיינע פיר דאָלאַר!

— דאָסמאָל וועסטו שוין קריגן דיינע פיר דאָלאַר, פינף מאָל אַזוי פיל.

דער פּאָליציסט האָט פאַרקלעמט זיין גריף אַרום פּעגגיס אָרעם, זי געצויגן נאָך זיך צום פּאָליציי טעלעפאָן און דעם עולם צוגעוואָרפן: רירט זיך! רירט זיך! דער עולם האָט פאַרזיכטיק זיך נאָכגערוקט נאָכן פּאָליציסט. וואָס קען ער טון? מיט איין האַנט האַלט ער פּעגגין, אין דער צווייטער דאָס טעלעפאָן טרייבל. פּעגגי האָט זיך אַ גליטש געטון פון זיינע פינגער. ער האָט זי אַ שטאַרקן צי געטון צו זיך, איז זי צוגעפאַלן מיט איר ברוסט צו זיין אַקסל און עס האָט אויסגעזען ווי דער פּאָליציסט רעדט צו עמיצן און פּעגגי פאַלט אַריין אין זיינע רייד, רעדט אויך אַריין אהין. דער עולם האָט אויסגעפּלאַצט אין אַ געלעכטער. פאַרענדיקט דעם געשפּרעך, האָט דער פּאָליציסט אָפּגעטרייסלט פּעגגין פון זיך, די שכרות כוואַליע איז אָבער ווידער אָנגעקומען, געוואַלגערט פּעגגין פון די פיס, דער פּאָליציסט האָט זי געמוזט אונטערהאַלטן, דרייענדיק אומגעדולדיק מיטן קאָפּ אין דער ריכטונג פון וואַנען דער וואָגן האָט באַדאַרפט אָנקומען.

דאָס פייפעריי פון פּאָליציי אויטאָמאָביל האָט זיך דערהערט. דער עולם האָט כלומרשט גענומען מאַכן אַ ווארע פאַרן וואָגן, דערביי אָבער זיך גענומען שטופּן אַלץ נעענטער צו פּעגגין.

— אה, פּעגגי! — האָט אַ זאָג געטון אַ פּאָליציסט, אַרונטערשפּרינגענדיק פון פאָרנט פון אויטאָמאָביל.

— דיזעלבע אַלטע צרה, — האָט דער פּאָליציסט געשמייכלט, אַ צופרידענער פטור צו ווערן פון זיין פּעקל, פונם עולם. — נו, פּעגגי, קום!

פּעגגי האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ, איר אויבערשטער האַלבער קערפּער האָט זיך געטוליעט צום פּאָליציסט, די שיינקלען, פיס האָבן זיך נאָכגעשלעפּט.

— נו, ריר זיך! קריך אַריין! קריך אַריין!

פּעגגי האָט ניט באַוויזן דעם מינדסטן חשק צו קריכן אין בויד. צוויי פּאָליציסטן האָבן זי אַ הויב געטון, אַ לייג געטון דעם אויבערשטן האַלבן קערפּער אין וואָגן אַריין, דאַן אַ כאַפּ געטון פאַרן הינטן, פאַר די פיס, אַריינגעשאַרט זי אינעווייניק, שנעל פאַרהאַקט די טירלעך און אַליין זיך אַרויפגעכאַפּט פון פאָרענט. דער עולם האָט אויסגעפּלאַצט אין אַ הורא, די פּאָליציי סירענע האָט איבערגעשריען.

דאָס איז געווען אַ מיטוואָך נאָכמיטיק. מיט איין פערטל אויג האָט אהרן ספּעקטאָר צוגעזען אָט די סצענע. גלייך נאָך פּעגגיס אָפּפאָר איז ער אַוועקגעגאַנגען אהיים און דאָרטן האָט זיך דער פּאַרהאַנג אַרונטערגעלאָזט. פינסטער געוואָרן. מיט אַמאָל. ער האָט ניט געגלויבט. ער האָט אַ טאַפּ געטון די אויגן — אָפן! ער האָט זיי נאָך ברייטער צעעפנט און „געזען" אַ טונקל ברוינעם טומאַן. אָט דעם טומאַן האָט ער געפילט ניט נאָר פאַר די אויגן, נאָר אַרום גאַנצן קערפּער, אַ שטייענדיקער טומאַן און ער, אהרן, אַריינגעשטעקט אין דעם טומאַן. זיך אַ ריר טון. אויפהויבן זיך פון שטול. ער האָט זיך ניט גערירט. ער האָט מורא געהאַט. ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ פּעקל ציגאַרעטן, זיך איינגעהערט צו דער גלאַטקייט אין די פינגער, נאָכגעגאַנגען זיי ווי זיי האָבן אַרויסגענומען אַ ציגאַרעט און דערזען אַ ציגאַרעט — אין זכרון. די פינגער האָבן באַשטעטיקט — יאָ, אַ ציגאַרעט. איצטער אַ שוועבעלע. פּ י י ע ר וועט ער דערזען! אים האָט זיך געדוכט ער האָט געזען דעם פלאַם און ער האָט געקוקט אויף אים אַזוי לאַנג ביז ער האָט דערפילט אַ ברי. די פינגער האָבן זיך אַ וואָרף געטון, איין פוס האָט גענומען טאַפּן, טופּען, צו ליגט ניט דאָס שוועבעלע און ברענט נאָך, דער נאָז האָט גענומען ציען די לופט. ברענט ניט. נאָך אַ שוועבעלע. פאַררויכערן. צוטראָגן דאָס שוועבעלע צום ציגאַרעט. טרעפן? די פינגער האָבן געציטערט, די וו אַ ר י מ־ ק י י ט פונם ברענענדיקן שוועבעלע האָט זיך געוויגט, צו אָט דער וו אַ ר י מ ק י י ט דערלאַנגען דעם ציגאַרעט. פּפּפּ . . . פּפּפּ . . . פּפּפּ . . .

אין די פינגער האָט אַ ברי געטון. זיי האָבן זיך צעטיילט. איין אין דעם ציגאַרעט רויך. דער ערשטער עקזאַמען, די אָפּעראַציע אויפן פוס האָט גענומען טופּען, די ליפּן האָבן גענומען ציען, ציען . . . רויך! פאַררויכערט! פאַררויכערט אַן די אויגן. בלינד!

די גאַנצע געשיכטע פון זיין בלינד ווערן האָט זיך נאָכגעקרייזלט רעכטן אויג צו ראַטעווען דאָס לינקע. דאַן דאָס קראַנק ווערן פון לינקן אויג, אָט ווי מ׳וואָלט עס צעפערטלט, איין פערטל פינסטער געוואָרן, אַ צווייטס, דאַן דאָס דריטע, דערפאַר דער לעצטער סעקטאָר

האָט ווי זיך איינגעשפּאַרט: ניט נאָכגעבן! ער איז געגאַנגען אומע־טום, געגאַנגען אָן אַ שטעקן, אָן ברילן, און געזען, אויף אַרונטער ניט, אָבער פּאַר זיך געזען גוט, אפילו נאָך געלייענט צוביסלעך, און אַט — בלינד! שטאָק בלינד. איצטער? ער האָט געוואָלט זיך אויפהויבן, ניט געוואַגט. די טיר, די ווענט פון צימער, האָט ער געפילט, שפּיאַנירן אים נאָך, דאָס גאַנצע הויז הערט זיך איין. קיינער, קיינער דאַרף ניט וויסן. ניט היינט. עריט . . . ווען סיוועט ווערן נאַכט, גוט פינסטער, וועט ער אַרויסגיין, שטילערהייד, גאָר שטיל, אַזוי שטיל אַז . . . וועט ער אַרויסגיין און . . . פאַרשווינדן.

עריט . . .

עריט . . .

ווען ער האָט ענדליך זיך אויפגעהויבן פון ביינקל האָט ער זיך גוט איינגעהערט, באַשלאָסן אַז אַלע שלאָפן שוין און, שטייענדיק, אויסגעלייגט פאַר זיך די מאַפּע פון צימער. ער איז איצט ביים פענסטער, די בעט איז פונקט אנטקעגן. אַן טיש וועט ער זיך ניט פאַר־טשעפּען, דער טיש איז צוגערוקט צום וואַנט. אַז עריט גיין גלייך, אָבער טאַקע גלייך, וועט ער גרייכן די בעט.

די הענט האָבן געטאַפּט דעם חלל, די פיס האָבן געמאָסטן דעם דיל, דער גאַנצער קערפּער האָט זיך איינגעהערט, די רעכטע קני האָט זיך לייכט אנגעקלאַפּט אָן בעט. די בעט. און דאָס ביינקל? דאָס צווייטע ביינקל איז . . .

אַרונטערגעצויגן דאָס רעקל, האָט ער ווידער אנגעטאַפּט דאָס ביינקל, אוועקגעלייגט דאָרט דאָס רעקל, דאַן די העמד, איצטער די שיך. גנבמעסיק האָט ער אַוועקגעשטעלט איין שוך, אַ צווייטן. ניט אַ קלאַפּ געטון. איצטער די הויזן. דאָס קליינגעלד זאָל ניט אַרויספאַלן. אַוועקגעלייגט. איצטער . . .

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, געאַנט עס איז ליכטיק, געפילט אָבער דעם ברוינעם טומאַן, האָט ער אַ דריי געטון דעם קאָפּ אַט ווי איינער וואָס כאַפּט זיך אויף ביינאַכט, רייסט אויף די אויגן און קען זיך ניט אָריענטירן וואו ער געפינט זיך, טיר, פענסטער, בעט, אַלץ איז עפּעס איבערגעדרייט. אין דער ריכטונג, וואוהין ער האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ, האָט ער געוואוסט, דאַרף זיין דער פענסטער,

אָבער . . . ער האָט זיך אויפגעזעצט, א הויב געטון די פינגער צו די אויגן. די מיטלסטע פינגער האָבן אנגעטאַפּט די ווינקלען, פּאַמעליך זיך געררוקט איבער די וויעס, געפילט די אויגן זייַנען אָפן. אָפען זייַנען זיי . . . און ער האָט דאָך געהאַט אַ . . . חשד אז איבער נאַכט . . . ווען עריט אויפשטיין, וועט ער . . . זען.

די פינגער האָבן נאָך גערוט אויף די אויגן, די הענט האָבן זיך שוין אָבער געצויגן אויף אַרונטער, זיך אַרונטערגעלאָזט. — בלינד!

— איז אַרויסגעפאַלן דאָס וואָרט פון מויל און אהרן האָט דער־פילט אַז ערגעץ אין אים האָט אָפּגעקלונגען: בלינד. די פינגער האָבן אַ נעם געטון די קאָלדרע, זי אַראָפּשאַרן, און דער ליילעך פון דער קאָלדרע — ווייט ניט קיין בייער — האָט זיך געפילט באַקאַנט, דאָך נייַ. די פינגער האָבן אַ רייב געטון דעם ליילעך, אַרייַנגענומען דעם געוועב פון די פעדים אין דעם פינגער געוועב און ווי אנגעזאָגט זיך: געדיינקט! ער האָט אַרונטערגעלאָזט די פיס פון בעט, אנגעשאַרט די שיך, זיך אויפגעשטעלט, א דריי געטון דעם קאָפּ. דער קאַמאָד מיטן שפּיגל איז . . .

די שטרעקע פון בעט צום שפּיגל האָט זיך אויסגעשפּרייט ערגעץ וואו אין זיין קאָפּ, ער האָט זי דייטליך געקענט אויסמעסטן, אַ דריי פוס, די האנט האָט דאָך זיך אַ שטרעק געטון, די פיס האָבן זיך אַ ריר געטון, די פינגער פון די הענט האָבן אַ גראבל געטון די לופט, דאַן דעם קאַמאָד. מיטן בויך אנגעשפּאַרט אַן קאַמאָד, איז ער געשטאַנען דעם פּנים אַרייַנגערוקט אין שפּיגל. אַ שטומע קעלט, האָט ער גע־פילט, גייט צו אים פון אַט דעם געפלעקטן שטיק גלאָז דאָ. ער האָט צוגעלייגט די הענט צום שפּיגל און דער באַריר פונם גלאָטן, קאַלטן גלאָז האָט אים אכזריותדיק קאַלט באַשטעטיקט — בלינד.

הינטערווייַלעכס האָט ער זיך גענומען רוקן אויף צוריק. די פינגער דרעשנדיק די לופט. אנגערירט דעם ראַנד פון בעט, האָבן די פינגער גענומען גיין איבער אים, געקומען, ווי אים האָט זיך געדוכט, צום מיטן, האָט ער זיך אוועקגעזעצט, די הענט האָבן פאַרדעקט די באַקן, די פינגער האָבן פאַרקוועטשט די אויגן . . .

— איצטער וואָס?

אַ כאַאָטישער בילדער געדראַנג האָט ניט געלאָזט שטיין אַט דעם

געדאנק, אים געשטויסן, פאַררוקט, ניט געלאָזט אַרויפקומען, און אין דעם בילדער געדראַנג האָבן זיך גענומען אַריינשטעכן קלאַנגען. „מיניים מנוחה מקלט"* — אַזוי איז געווען דער נאָמען פונם הויז מיט די מעבלירטע צימערן — האָט זיך גענומען אויסטשוכען פון דער נאַכטיקער רו. א געסקריפּ פון טירן געעפנט, אַ געקלאַפּ פון טירן פאַר־האַקט, אַ שאַלאַרכען פון שטעק שיך, א געסקריפּ פון לויזע פאַדלאָגע ברעטער, אַ גאַרגלען פון וואַסער קראַנען, אַ געפּליס פון וואַסער אָפּ־פּלייט. די מאַפּע פון מיניס הויז האָט זיך אויסגעשפּרייט ביי אהרנען אין קאָפּ, יעדער קלאַנג א שפּילקע אין דער מאַפּע. די טיר פון לעצטן אַלקיר האָט זיך געעפנט. דער „פּרינץ" גייט זיך וואַשן. דער בעקער איז צוגעפּאַרן. די באַלעבאַסטע שטייט שוין אויפן גאַניק. דער . . .

מ'דאַרף זיך אויך גיין איינוואַשן. ווי איינפאַך עס איז געווען נעכטן, נעמען דעם האַנטוך, דאָס שטיקל זייף, גיין זיך וואַשן, און ווי קאָמפּליצירט עס איז היינט. דאָס אַנטון ליגט אויפן ביינקל, דאָס געדיינקט ער, און דאָס ביינקל . . . דער זכרון פירט צום ביינקל, די פיס געטרויען פונדעסטוועגן ניט, זיי שאַרן, טאַפּן פאַרזיכטיק יעדן צאָל פון באָדן און די הענט, די פינגער לויפן פאָראויס, אויסשפּירן, דאָך איז דער גאַנצער קערפּער אנגעשטריינגט, גרייט זיך א צי טון אויף צוריק אויב די אַלע מרגלים זאָלן געשטרויכלט ווערן. די פינגער האָבן אנגעטאַפּט א . . . ווייך שטיקל צייג, קנעפּלעך. די העמד! די אוי־בערשטע העמד . . . די העמד שפּעטער, איצטער דאַרף ער די הויזן. אָט אָ זייבען זיי. יאָ, די הויזן, דאָ דער גאַרטל, די קאַלאשנעס. איין פוס, די צווייטע, די פינגער גייען איבער די עפענונג פון פאַרנט, די קנעפּלעך, לעכלעך, פאַרשפּיליעט, איצט נעמען דעם האַנטוך, גיין אין וואַש צימער.

דער קאָרידאָר, די טירן פון יעדן צימער טראָגן זיך פאַרביי אהרנען. זיין טיר, נאָכדעם נאָך צוויי טירן, דאַן זיך פאַרקירעווען לינקס, די ערשטע טיר איז די טיר פון וואַש צימער. זיך דערלאַנגען אַהין.

זיין טיר פאַרמאַכט הינטער זיך, איז ער געשטאַנען, זיך איינגעג־

* Minnie's Resthaven.

הערט: גייט עמיצער? איז ווער אין וואַש צימער? דוכט זיך אַז ניט. דער קאָרידאָר א גלייכער, דאָך געטרויט ער זיך ניט צו גיין אינמיטן, ער שאַרט זיך לעבן דער וואַנט, די פינגער טאַפּן דעם שאַרסקן שפּאַליר און ווען זיי קריכן אַרונטער אויף אַ גלאַטן אושאַק פון אַ טיר, רע־גיסטרירט ער — ערשטע טיר. די פינגער גליטשן זיך איבער דער טיר, קוים קוים זיי רירן זי אָן, דערביי ציט זיך דער קערפּער אויף צוריק ניט אנצורירן זי, די פינגער יאָ, דער קערפּער ניט. איין טיר, צווייט, איצט זיך פאַרקירעווען. דער ראַג סטאַרטשעט אַרויס אנטקעגן אהרנען, זאָגט אָן: דאָ איז דאָס, פאַרקירעווע זיך. קיינער זאָל כאָטש ניט אָנקומען אנטקעגן. אהרן קירעוועט זיך פּאמעליך, פילט קיין נאָענט־קייט פון קיינעם. די פינגער טאַפּן ווייטער — שפּאַליר. דאָ אָפּגע־שטאַנען אַ פּוכיר, דאָ אויפגעריסן, דאָ האַרט, גלאַט — דאָס ביישטידל פון טיר, דער וואַש צימער!

ער האָט באַטאַפּט די טיר פון אינעווייניק, אָנגעטאַפּט דעם שליסל, איבערגעדרייט אים. פאַרשלאָסן, האָט ער נאָך אַ צי געטון די טיר צו עפנט זי זיך ניט, ערשט דאַן גענומען עקספּלאָרירן דעם וואַש צימער לויט דער מאַפּע אין זיין זכרון. דאָ די וואַנע, די וואַש שיסל, דער כסא, דאָס ברעטל . . . יעדעס מאָל וואָס ער האָט גע־דאַרפט זיך אָוועקזעצן האָט ער זיך גוט איינגעקוקט און גאַנץ אָפט עס געדאַרפט אָפּווישן. איצט. . . . ניטאָ די אויגן, די אומזיסטע משרתים וואָס זאָלן אַ לויף טון, אַ קוק געבן און דערציילן — ס׳איז נאַס. איצט דאַרף מען האַרעווען, אַנטאַפּן, מיט די פינגער אָנטאַפּן. די פינגער האָבן פאַרזיכטיק, קוים אנרירנדיק, גענומען איבערגיין די אויבערפלאַך פון דעם אַלטן, אפּגעריבענעם, טאַמייטאָ קאָליר ברעטל. זיי האָבן שוין אַזוי גוט ווי באַשלאָסן אַז אַלץ איז אין אָרדנונג, ווען דער מיטלסטער פינגער האָט מיט אַמאָל זיך פאַרטשעפּעט אָן עפּעס נאַסעס, אַלע פינגער זיינען אפּגעשפּרונגען ווי אפּגעבריטע. אהרנס פּנים האָט זיך פארקרומט. דאָס ברעטל אין מיניס וואַש צימער איז אים אַלע מאָל געווען אַ דאָרן אין אויג, איצט האָט דער דאָרן זיך אַריינגעשטאָכן אין לייב. די האַנט האָט זיך אַ יאָג געטון אין דער ריכטונג פונם ראָל פּאַפּיר, זיך אָנגעקלאַפּט אָן שטאַלענעם האַלטער, באַלד אָבער אַריינגעכאַפּט דאָס דינע פּאַפּיר פאַרטוכל, אַ צי געטון, אַ

פליק געטון, איין מאָל, צוויי מאָל, דאַן גענומען ווישן, רייבן אויף טראָף. ער האָט געעפנט ביידע קראַנען וואַסער, געוואַשן, געזייפט, געשווייַנקט די הענט און האָט נאָך אַלץ געשפּירט אָט יענע נאַסקייט וואָס דער פינגער האָט אַנגעטאַפּט.

אהרן האָט זיך געשארט צו זיך אין צימער און געפילט אַז נאָך אים שלייכט זיך נאָך עטוואָס פון וואַש צימער, עפּעס שליימיקעס, עפּעס מיאוסעס . . . זיך דערלאַנגט אין צימער, אָנגעטאַפּט דעם פּייכטן האַנטוך, האָט ער אים אַרויסגעלאָזט פון צווישן די פינגער ווי מילאָזט אַרויס אַ ווייַדעלע פון אַ געפּגרטן שטשור . . . ער האָט זיך צוגעשארט צום בעט, זיך אנידערגעזעצט.

מיאוס. מיאוס. טאָג טעגליכע מיאוסקייטן. מ י ט די אויגן האָט ער זיי גאָרניט באַמערקט, איצטער דאַרף ער זיי אַנטאַפּן . . . ווען ער האָט געזען . . .

נעכטן האָט ער דאָך נאָך געזען. וואָס האָט ער געזען נעכטן? פּעגגי! איר לילאווע, אָנגעפּאַרבטער פּנים, אירע האָר סטרופּעס; פּעגגי, ווי מיגיט זי אַ לייג אַריין אין וואגן מיטן פּנים אַרונטער, משטופּט אַריין איר אונטערשטן האַלבן קערפּער, אירע בלויע גאַטקעס האָבן זיך אַרויסגעזען. פּעגגי . . . ניין. ניט דאָס. עפּעס שיינעס! האָט ער דאָך געזען אַמאָל עפּעס שיינעס.

אַ לאַמטערן אזא. אינים לאַמטערן טוט זיך אַ שטעל אַריין אַ שייבל, ווערט באַלויכטן, א בילד. ניט דאָס. איין שייבל רוקט זיך אַרויס, אַן אנדערס שאַרט זיך אַריין. די שייבלעך שפּרינגען אונטער, שווינדלען, פאַרשווינדן, אהרן יאָגט — שנעלער! שנעלער! אַן אנדערס! אַ . . . עפּעס אויף וואָס ער זאָל קענען זיך אפּשטעלן, קוקן. אַ פילם. דער פילם ציט זיך, בילד נאָך בילד, בלאַנק, בלאַנק, ווידער אַ בילד. שנעלער! שנעלער! עפּעס אַ בילד! די רייזע קיין אַמעריקע. די שיף, דער ים. אַכצן טעג געפאָרן און אַלע אַכצן טעג געווען קראַנק, געבראָכן מיט דער גרינער גאַל. אַן אַנדער בילד! אַ ש י י ן בילד! אַ בילד זיך אָפּצושטעלן, קענען קוקן דאַרויף! אָט! אַ טייך. ער, נאָך חדר איינגלעך באָדן זיך. פון יענער זייט קוסטעס באָדן זיך מיידלעך. איינע, שיינדל חיה דער אלמנהס . . .

— „וואַצימעטטער"? קראַנק?

מיני, די באַלעבאָסטע, איז דאָס אַריינגעפאַלן, ווי איר שטייגער, ניט אָנקלאַפנדיק, זען פאַרוואָס איר קוואַרטיראַנט איז ניט אַרונטער־געקומען צום אנבייסן.

— איך . . . איך . . . איך בין . . . בלינד! — האָט ער ענדליך אַרויסגעבראַכט, אויסשטעלנדיק דעם פּנים צו דער באַלעבאָסטע, און אין דעם אויסשטעלן דעם פּנים מיט די אָפענע, בלינדע אויגן איז געווען אַן אַרויסרוף: נו, אָט בין איך בלינד, טו עפּעס!

— ער איז בלינד! — האָט מיני אַ געשריי געטון, אָט ווי זי וואָלט דערזען אַז אהרן האָט זיך אָנגעצונדן, און אַרויסגעלאָפן פון צימער ווי זי וואָלט געלאָפן רופן די פייערלעשער. אין אהרנס אויערן האָט נאָך געקלונגען איר געשריי, ווען ער האָט דערהערט אַ טופען פון פיס, באַלד דערהערט מענטשן קומען, זיי דערפילט לעבן זיך.

— בלינד? — האָט אהרן דערהערט, און דער מח האָט רעגיסט־רירט: דאָס איז דער פּרינץ, דער „קאַווקאַזער פּרינץ", וואָס האָלט אין איין שרייבן סצענאַריאָס פון זיין אייגענעם לעבן אויף קאַווקאַז, ווי ער גייט אָנגעטון מיט אַ קינזשאַל ביי דער זייט, און די מואווי סטודיאָס, ברענגען זיי אַלע מיט איין פייער, ווילן ניט אָננעמען די סצענאַריאָס, ווילן ניט גלויבן אַז ער איז אַ פּרינץ. אָבער ער'ט זיי באַווייזן, ער'ט . . . דער פּרינץ.

— טאַקע בלינד? אויף אַן אמת בלינד? וואָס הייסט אַ מענטש ווערט פּלוצלונג בלינד? רופן אַ דאָקטאָר, אַ . . . אמעריטשקע!

דאָס איז „די אידענע". דער איד, וועמען זיין ווייב האָט אָפּגעגט קעגן זיין ווילן און ער קען באַין אופן ניט מוחל זיין אמעריקע, וואו אַ אידענע פירט אַלץ אויס. אַמעריטשקע! די אידענע.

— בלינד איז בלינד. מיקען גאָרניט טון.

דאָס איז דער „גרויסער פאַרדינער". דער פאַרשוין מיטן בייכל, וואָס יעדן טאָג האָט ער אַן אנדער פּלאַן ווי צו פאַרדינען שווערע געלטער זייער גרינג, דערווייל עסט ער ביי מינין אויף באָרג און זי גיט אים נאָך אַ פּאָר סענט אין קעשענע, גיט זיי אים מיט אַ בייזער, וואָס דערציילט, מסרט אַז זי בייזערט זיך ניט אויף סתם אַ קוואַר־טיראַנט . . .

— וואָס שטייט איר? וואָס זייט איר זיך צוזאַמענגעלאָפן? אויפן

ביז וואונדער? גייט! דאַרפן, וועל איך אייך שיקן רופן, — שטופּט מיני אַרויס אירע איינוואוינער, וועלכע זי האָט נאָר וואָס אַליין אַרויסגעבראַכט מיט איר געשריי און ווען זיי זיינען שוין ניטאָ, דערפילט אהרן מיניס נאָענטקייט לעבן זיך און דערהערט: אָבער עסן דאַרף מען דאָך.

— ד אָ ס איז מיניס שטימע, — פאַרחתמעט דער מח די קלאַנג רעגיסטראַציע.

— ווילט, וועל איך אייך אַרויפברענגען עסן אַהער. איך גיי שוין. — מיניס טריט קלינגען אָפּ אין אהרנס אויערן.

אַ ליידיגקייט האָט זיך דערפילט נאָך איר אַוועקגיין. נאָר וואָס איז דער צימער געווען אנגעפילט מיט גערויש, טומל, איצט אַזוי שטיל, אַזוי . . .

מיני וועט אים ברענגען אנבייסן אין צימער. — מיט אָדער אָן?

— האָט מיני בייזליך אַ פרעג געטון ווען ער האָט געהאַלטן אין דינגען דעם צימער. ווען ער האָט אַ קוק געטון אויף איר: וואָס מיינט עס? האָט זי מיט א טאָן פון אַ געניטן וואָס ענטפערט אַ גרינעם אַ זאָג געטון: מיט אָדער אָן אנבייסן? פאַר אַ דאָלאר א וואָך, בעסער, פיר דאָלאר א חודש, האָט מיני געגעבן אנבייסן — אַ טעלערל פלוימען אָדער אַ מאראנץ, א גלאָז טיי אָדער אַ טעפל שוואַכע קאַווע מיט בלויליכער מילך און ברויט אָדער נעבעכטיקע זעמל מיט פּוטער. קיין צו גרויסע פאַרדינסטן האָט איר פון אָט דעם אנבייסן ניט געקענט בלייבן, מייסטע פון אירע איינוואוינער האָבן זיך געלאָזט וואוילגיין מיטן . . . ברויט, וואָס איז ביי זיי שיר ניט געווען דער איינציקער מאַלצייט, פונדעסטוועגן, ווען איינער האָט זיך אפּגעזאָגט פון איר אנבייסן, געדונגען דעם צימער „אָן", האָט זי אויף אים געקוקט ווי אויף אַ פרעמדן, א ניט איריקן. אירע מענטשן האָבן אינדערפרי באַדאַרפט אַרונטערקומען אינם גרויסן, הויכן עס צימער, זיך אַרומזעצן אַרום קיילעכדיקן טיש, איבער וועלכן עס איז אַרונטער־געהאָנגען נידעריק אַ הייגנ לייכטער און זי, נידעריק געוואַקסן, לייביק, האָט זיך שווער געטראָגן אויף אירע דיקע פיס, אַריינגעבראַכט דעם עמאלירטן קרוג קאַווע, דעם גלעזערנעם קרוג טיי, דאָס קוישל ברויט

און זעמל און האָט הנאָה געהאַט צו זען ווי אירע מענטשן עסן, הנאָה געהאַט אַפילו פון אנפילן נאָכאַמאָל דאָס קוישל מיט ברויט.

„מיניס מנוחה מקלט". דאָס אלטע הילצערן הויז מיט שפּיצן און שפּיציקלעך, דאַך און דעכעלעך, די הויכע צימערן מיט די לאַנגע פּענסטער, די אַלטע, ברוין געוואָרענע, איבערגעבערענטע שפּאַלירן, די סקריפּענדיקע דילן ווען מיני טראָגט זיך איבער זיי; מיני, ווי זי באַלע־באַטעוועט, ראַמט, וואַשט, שייערט, בורטשעט אויף די קוואַרטיראַנטן, בייזערט זיך אויפן „גרויסן פּאַרדינער", חנדלט זיך צו אים — דאָס אַלעס טראָגט זיך פאַרביי אהרנען און צום ערשטן מאָל זינט ער וואוינט אין דעם הויז טוט ער אַ טראַכט וועגן מינין. דערזעט זי ווי ער האָט זי נאָך קיינמאָל פריער ניט געזען. אָט די אַ אידענע „שפּילט אַ ליבע"! . . .

אהרן האָט נאָך געהאַלטן אין קוקן אויף מינין, ווען ער האָט דערפילט איר אַריינקומען, געהערט ווי זי האָט אַוועקגעשטעלט דעם אָנבייסן און דערהערט — נאַט, עסט! אהרן האָט געמאַכט אַ טראָט צום טישל, דערפילט ווי מיני שאַרט אַ ביינקל, האָט עס אונטערגעשאַרט אונטער אים, דערפילט איר האַנט אויף זיין אָרעם, העלפנדיק אים זיך אַוועקזעצן. — כ׳על אַליין, — האָט ער אַ זאָג געטון, אָבער מיני האָט אים ניט געטרויט, אים אַריינגעשטעקט אַ שטיקל זעמל אין האַנט. דאָס ערשטע מאָל וואָס מיניס האַנט האָט ווען עס איז אנגערירט זיינע און דער באַריר איז געווען אַזאַ שאַרפער אז ער האָט זיך אַריינגעשניטן אין זיין גאנצן קערפּער, דערפילט אַז זיין האַנט וואָס האָט געזוכט די גלאָז האָט גענומען ציטערן, ציטערן און . . . געביינקט נאָך נאָך אַ באַריר. מיני האָט אָנגענומען זיין האַנט, זי צוגעפירט צו דער גלאָז. אהרנס ביינדלעך־קראַקוועס האָבן דערפילט מיניס האַנט דעכעלע, די הויט האָט זיך געטוליעט צו איר הויט, זיך געטוליעט און זי דער־קענט — מיניס האַנט. — כ׳וועל אַליין, — האָט ער הייזעריקליך אַ זאָג געטון.

— וואָס דיינקט איר צו טון?

די גוטע מיני, ווי זי זאָרגט זיך עס פאַר אירע מענטשן.

— דאַרפן לאָזן וויסן דעם ברודער.

אהרנס ליפּן גלעטן דעם ראַנד פון גלאָז, די אויערן שפּיצן זיך אָן. האָט שוין מורא פאַרן דירה געלט.

— איר קענט דאָך ניט אָט אַזוי אַ . . .

האָט שוין מורא ווען פאַלן אויף איר צו לאַסט.

— כיעל זען, — האָט ער אַ זאָג געטון און אין מה האָט אַ קלאַפּ געטון — בלינד! בלינד! כיעל זען . . . ניטאָ די אומזיסטע משרתים, די אויגן. טאַפּן! טאַפּן! אנטאַפּן מיט די פינגער דעם זעמל, די גלאָז, דאָס . . . ברעטל . . . די קאַווע האָט אים אַ שלאָג געטון אויף צוריק. ער האָט אַ שטעל געטון די גלאָז.

— „וואַצימעדער?"

— איך וויל מער נישט, — האָט אהרן אַ זאָג געטון און אָט די מיני, מיט וועמעס האַנט ער האָט זיך נאָר וואָס באַקאַנט, געביינקט נאָך נאָך אַ באַריר, איז אים מיט אַמאָל געוואָרן אַזוי איבערדריסיק, זי מיט איר אנבייסן, מיט איר הויז, מיט איר . . . ברעטל אַז . . . זאָל זי גיין, זאָל זי אַרויסגיין וואָס גיכער, זאָל זי . . . עריט . . .

מיני האָט שווייגנדיק אַראָפּגענומען פון טיש דאָס רעשטל פון אָנבייסן, אַרויס פון צימער.

— אנטלויפן פון דאַנען! — האָט איר נאָכגעיאָגט אהרנס געדאַנק. דעם געדאַנק אנטקעגן איז געגאַנגען „די אידענע".

— נאַ, דאָ האָסטו אַ שטעקן, יעסט וועלן אַרויסגיין.

— אַ דאַנק, — האָט אהרן אַרויסגעזאָגט. די פינגער האָבן גענומען אומגיין איבערן שטעקן, איין האַנט האָט אנגענומען דעם אויער, אים פאַרדריקט, אים דערקענט. ער האָט אַ הויב געטון דעם שטעקן, אים אַרונטערגעלאָזט, אַ טאַפּ געטון דעם באָדן. דער שטעקן — אַן אויסגעצויגענער פינגער וואָס טאַפּט, זוכט אַ וועג . . .

(2)

ד'ער אנשטאַלט פאַר די בלינדע, וואוהין אהרנס ברודער האָט אים אַריינגעגעבן — אַ נייע מדינה אויסצופאָרשן. און ניטאָ די אויגן די פלינקע וועג ווייזער, וואָס זאָלן אַלץ אויסזאָגן: דאָ אַ וואַנט, דאָרט אַ טרעפּ, דאָ אַ . . . נאָזלעכער דאַרפן דערשפּירן דעם שוואַכסטן

גערוך, אויערן דאַרפן פאַרנעמען דעם מינדסטן קלאַנג, פיס דאַרפן אנשאַרן יעדע שטרויכלונג, פינגער דאַרפן אַלץ אָנטאַפּן, באַטאַפּן, דערקענען.

אין דער נייער מדינה — נייע מענטשן, מענטשן וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט געזען מיט די אויגן, דאַרף זיך מיט זיי באַקענען דורך די אויערן. אויך די מענטשן ביי מינין אין הויז האָט ער נאָכן בלינד ווערן שוין דערקענט מיט די אויערן, דאָס דערקענען איז אבער שוין געווען פּראַצענט אויף דעם קרן וואָס ער האָט דערוואַרבן מיט די אויגן, דער זכרון — די באַנק, וואו דער קרן איז געליגן, געקענט צו יעדער צייט אַרויסציען פון דער באַנק, זען פאַר זיך אַלע פּנימער. דאָ האָט ער געדאַרפט דערווערבן דעם קרן, דערווערבן מיט די אויערן, מיטן נאָז, מיט די פינגער. ער האָט זיך באַקענט. ניט מיט אַלע. „אַלטע סאָלדאַטן" האָבן אים געזאָגט אז אין דעם אנשטאַלט געפינען זיך אַ זעכציק מענטשן, פון די זעכציק האָט ער זיך באַקענט מיט אַ זעקס זיבן, באַפּריינדעט האָט ער זיך מיט צוויי — יאָסל און בערל.

זיי זיינען שוין אויך געווען אַלטע סאָלדאַטן, א יאָר אַכט אין דעם אנשטאַלט, און זיי האָבן גענומען אויף זיך אַ מין מיסיע אויפצונעמען יעדן גרינעם, אים מחנך זיין די ערשטע עטליכע וואָכן, אים באַקענען מיטן אינעווייניק און אויך מיטן הויף פון דער געביידע. אַן אויפזעער האָט טאַקע אָנגעוויזן אהרנען זיין בעט, זיין קליידער שראַנק, יאָסל און בערל זיינען אָבער געווען די יעניקע וואָס האָבן אים ריכטיק געוויזן די גאַנצע געביידע, וואו א טיר עפנט זיך, אים געלערנט ווי צו באַ־וואָרענען זאַכן מיזאָל ביי אים גאָרניט צונעמען, שמייכלענדיק דערביי פון זיין גרינקייט וואָס ער האָט זיך געוואונדערט: ווער גנבעט דאָ? — וואָס הייסט ווער? אַ מענטש איז א מענטש, אפילו אין א בלינדן אנשטאַלט. — מיעט אים מוזן אויסגרינען, איינבערעכן.

אהרן איז געגאַנגען זיך איינוואַשן פאַרן שלאָפן. יאָסל און בערל האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט. קודם האָט יאָסל צוגענומען אהרנס שטעקן וואָס איז געהאנגען אויף דער בעט פּאַרענטשע און אים באַ־האַלטן ביי זיך אין בעט. נאָכדעם האָט בערל אַרויסגענומען זיין גומענע מייזעלע מיט א שטריקל פוןביידע זייטן, עס אַרונטערגעשטופּט אונטער אהרנס ליילעך צופוסנס, לויז מאַכנדיק דעם ליילעך, דאַן האָבן זיך

ביידע געלייגט אין זייערע בעטן מיטן צוקאָפּנס פּאַרקערט, געליגן שטיל, קוים געאָטעמט.

אהרן איז צוריקגעקומען, אַ טאָפּ געטון דעם געלעגער. אַלץ אין אָרדנונג, האָט ער זיך אַריינגעלייגט אין בעט. אָבער ווי נאָר ער האָט זיך אָוועקגעלייגט האָט דאָס מייזעלע געטון א לויף איבער פון איין ברעג בעט צום צווייטן. אהרן האָט אנגעשפּיצט די אויערן: האָט זיך עס אים געדוכט? יאָסל האָט א צי געטון דעם צווייטן עק פון שטריקל און דאָס מייזעלע האָט ווידער אַ לאָף געטון. אהרן האָט זיך אויפגע־זעצט אויפן בעט, געגומען שאַרן דעם ליילעך.

— וואָסי? — האָט יאָסל אַ פרעג געטון, — פאַרוואָס שלאָפסטו ניט?

— עפּעס אין בעט ביי מיר.

— וואָס אין בעט? געפונען אַ ווייבל?

— אַ ווייבל וואָלט געווען ניט אַזוי שלעכט. עפּעס טוט זיך אַ ריר, אַ לויף, און ניטאָ, אנטאָפן קען איך עס ניט.

— עס דוכט זיך דיר.

אהרן האָט זיך צוריק אוועקגעלייגט און גלייך ווידער דערפילט עפּעס לויפט אַרום ביי אים אין בעט.

— וואָס פאַר אַ . . . !

— וואָס ווידער?

— מיר דוכט אַ מייזל.

— אַ מייזל! גיי שוין גיי, — האָט בערל מבטל געמאַכט דאָס מייזל און תוך כדי דבור אַ צי געטון דאָס שטריקל. אהרן האָט אַ שטרעק געטון די האַנט, אָט כאַפּט ער עס!

אַלץ וואָס ער האָט פאַרנומען מיט דער האַנט איז געווען אַ שטיק ליילעך.

— זאָגט אייך וואָס איר ווילט, ביי מיר אין בעט איז דאָ א מייזל!

— נעם אַ ביסל זאַלץ, שיט דעם אָן אויפן ווידעלע.

— דערגיי ניט אַ מענטשן די יאָר. נעם, אהרן, דעם שטעקן, טו אַ קלאָפּ איין מאָל, צוויי מאָל, וועט עס אנטלויפן. מאַכט זיך אַמאָל, זאנאדעט זיך א מייזל.

אהרן האָט גענומען טאָפּן די בעט פּארענטשע און, ניט געפינענ־דיק דאָרט דאָס שטעקל, איז ער שוין געוואָרן דערשראָקן און אויפ־געדעגט. — מיין שטעקן! ווער האָט צוגענומען מיין שטעקן?

ער איז אַרונטערגעקראָכן פון בעט, גענומען טאָפּן נאָכאַמאָל די פּארענטשע.

— טו אַ קוק, אפשר אַרונטערגעפאַלן, — האָט יאָסל אַ זאָג געטון און ווי נאָר אהרן האָט זיך איינגעבויגן האָט ער אפּירגענומען דעם שטעקן און לייכט א קלאַפּ געטון אהרנען איבערן רוקן. אהרן האָט זיך געטון אַ גלייך אויס. — וואָס פאַר אַ . . .

— שאַ! שאַ! נאָר ניט געקאָכט זיך, — האָט אים יאָסל איינגעגע־נומען, דערלאַנגט דעם שטעקן. — נא, דאָ האָסטו דיר דיין שטעקן. ווייטער זאָלסטו וויסן — אַ שטעקן לאָזט מען ניט אויף הפקר. דעם שטעקן זאָלסטו היטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ. איצט קום אַהער, קום אַהער, אָט דאָ אָ. נא, טו א טאָפּ.

אהרן האָט אַ פיר געטון מיט דער האַנט, זי א כאָפּ געטון אויף צוריק.

— לעקיש! דאָס איז א גומענע! אַ גומענע מייזעלע. נא, זע!

אהרן האָט באטאַפּט דאָס מייזעלע, פונם קעפּל ביזן עקעלע, און עס איז אים געפעלן געוואָרן, אים איז אפילו געפעלן געוואָרן דאָס שטריקל מיט וועלכן די צוויי פריינט זיינע האָבן מאַניפּולירט. א פיינער איינפאַל!

דעם אָוונט האָבן די בעט שכנים לאַנג פאַרבראַכט אין שמועסן, די אלטע סאָלדאטן האָבן שטילערהייד דערציילט וועגן די פאַרשיידענע שפּיצלעך וואָס מיטוט אָפּ די גרינע. — אַ מייזעלע איז גאָרניט. וואָס איז אַ מייזעלע? נאָך אַ גומענע דערצו? איינעם האָט מען אַריינגעלייגט אַ זשאבע, אַ לעבעדיקע זשאבע! אַ צווייטן האָט מען אַריינגעגאָסן וואַסער און ער האָט זיך נאָך געהאַלטן אין איין שווערן אַז ער האָט זיך ניט באפּישט. געדיינקסט, בערל?

צו בערל געדיינקט?

אַ סך מעשות האָבן בערל און יאָסל דערציילט אהרנען יענעם אָוונט, אָבער שוין ניט ווי אַלטע דערציילן אַ גרינעם, נאָר זייערס אַ גלייכן, אַ חבר. זיי זיינען אים געפעלן געוואָרן די צוויי נייע חברים

זיינע, אַזוי גערעפלן געוואָרן, אַז ער האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן און אַ פרעג געטון: איא, יאָסל, דו ביסט אַ בלאָנדער? אַרויסגעזאָגט, האָט ער זיך דערשראָקן פאַר זיין דרייסטקייט.

— אודאי בין איך אַ בלאָנדער, וואָס דען אַזא שוואַרצער ווי דו, צו אַזא רויטער רודיק ווי דער בער?

בערל אַ רויטער? עפעס האָט זיך אים געדוכט אַז בערל איז אויך אַ בלאָנדער, אַ געלבלאָנדער, אָבער אַ רויטער?

— יעסט זיך צוהערן צו אים וועסטו שיין אויסזען. איך בין אַזוי אַ רויטער ווי דו. דאָס פאַרגינט ער מיר ניט מיינע רויטע באַקן. בין איך ביי אים אַ רויטער. סך הכל בין איך אַמאָל געווען געלבלאָנד, ליכטיקער טאַבאַק, ניין, ליכטיקע שטרוי, איצט ווערט שוין פון דער שטרוי היי. און ביי דיר, לייגט זיך שוין אויך אַ פרעסטל, וואָס?

— יאָ, אַ לייכט פרעסטל.

— קומען, קומען די פרעסט. דערווייל אָבער שלאָפן. אַ גוטע נאַכט.

אהרן איז אנטשלאָפן געוואָרן מיט אַ געוואוינענער זיכערקייט אַז ער געפינט זיך צווישן פריינט.

די פריינט זיינען געווען די ערשטע אים אַריינצופירן אין דער ביבליאָטעק. ווען ער האָט אנגעטאַפּט דאָס ערשטע מאָל דעם ברעיל בוך, האָט ער קודם געטאַפּט די טאָוולען, דעם איינבונד, דער איינבינדער אין אים האָט באַטראַכט די מלאכה, עס האָט זיך פאַרבייגקט נאָך ביכער, איינבינדן און אויך נאָך לייענען.

אהרן האָט זייער שנעל געכאַפּט דעם וועג צום לייענען און די צייט וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין לייענען איז פאַר אים געווען די בעסטע צייט פון טאָג, בעסער אפילו ווי זיצן און ריידן מיט זיינע צוויי פריינט.

ער האָט געלייענט דעם חומש. אנטאַפּנדיק די פּיפּקעלעך, זיינען אַרויפגעשוואומען ניט די פאַרקיילעכיקטע בוכשטאַבן פון דעם איינגליש, נאָר די קאַנטיקע העברעאישע בוכשטאַבן. פון „ענד גאָד סעד" איז געוואָרן „ויאמר אלהים", און גאָר אָפּט האָט אפילו גאָט ניט געזאָגט, עס האָט גאָר געזאָגט אַ מלמד, אהרן אַ אינגל אין חדר, אַ אינגל מיט נאָך אינגלעך . . . און דאָס אינגל אהרן ספּעקטאָר אין

בלינדן אנשטאַלט האָט געלערנט דעם חומש געשמאַקער ווי ווען אַ אינגל ביים מלמד.

„. . . און עס איז געווען אַז יצחק איז אַלט געוואָרן, און זיינע אויגן זיינען שוואַך געוואָרן צו זען . . ."

אַלט. שוואַך צו זען.

ווי אַלט איז ער דען, אהרן ספעקטאָר? איינגאַנצן צוויי און פערציק יאָר. צוויי און פערציק יאָר. ווער ווייסט וויפיל יאָרן ערשט נאָך ציען, וויפיל יאָרן נאָך זיין דאָ . . . עד . . .

„. . . האָט ער גערופן עשון, זיין עלטערן זון, און ער האָט געזאָגט . . . און יעקב האָט געזאָגט צו רבקהן זיין מוטער, עשו מיין ברודער איז דאָך אַ האריקער און איך בין אַ גלאַטער".

אהרן האָט אַ טאַפּ געטון זיין האַנט, א פיר געטון פון האַנט שלאָס אַרויף צום עלנבויגן. קליינע, ווייכע הערעלעך. מענדל, דער ברודער, איז באוואַקסן ווי אַ בער. ער פלעגט לאַכן פונם ברודער. — ביי דיר וואַקסט אַ באָרד אויף דער ברוסט.

„. . . און יצחק האָט געזאָגט צו יעקבן: קום אַהער, וועל איך דיך אנטאַפּן, מיין זון, צו דאָס ביסטו מיין זון עשו אָדער ניט. האָט זיך יעקב דערנעענטערט צו יצחקן זיין פאָטער און ער האָט אים באַטאַפּט און האָט געזאָגט: דאָס קול יעקבס קול און די הענט עשוס, און ער האָט אים ניט דערקענט."

די הענט, די פינגער נארן אַמאָל אָפּ. אָבער אַז די פינגער טאַפּן אָן אַ נאָס ברעטל . . . אהרן האָט זיך אַ צאַפּל געטון, גענומען געשמאַק לייענען ווייטער. ער איז געפאָרן קיין פדן ארם, איז אַריינגעפאַלן צו לבנן אין הויז און האָט זיך פאַרליבט אין רחלען . . .

(3)

— וואוהין גייען מיר?

— יעסט שוין זען.

אהרן האָט געהערט אַ פאַרשווערערישן טאָן אין דעם ענטפער פון זיינע חברים, זיי פירן אים ערגעץ . . . וואוהין פירן זיי אים? די צוויי אָרעמס פון זיינע חברים זיינען דורכגעצויגן דורך זיינע

אַרעמס. זיינע צוויי חברים — אונטערפּירער, זייערע שטעקלעך — די פּירער, זיין אייגן שטעקל היינגט לויז ביי אים אין האַנט, ער דאַרף ניט טאַפּן, זוכן דעם וועג, זיי, די חברים זיינע פירן אים. וואוהין? וואָס מאַכט דאָס אויס? ער איז אין דרויסן, דרויסן פון הויף שוין. דער הויף פון בלינדן אנשטאַלט, אַ גרויסער הויף, באַדעקט מיט גראָז, ערטערווייז בלומען, פונדעסטוועגן אַז מ׳גייט אַרום אין הויף פילט מען זיך מ׳איז ניט אין דרויסן, דער גאַנצער הויף אַ פאַרזעצונג פון אַ געביידע, מער ניט די ווענט פון דער געביידע פעלן, אויף יענער זייט הויף — הייזער, מ׳קען זיי פילן, דאָך אין דרויסן, די לופט גאָר אַן אַנדערע, דער טומל. אָט קלינגט אַ טראַמוויי.

אַ טראַמוויי! ווי לאַנג אַז ער איז שוין ניט געפאָרן אויף אַ טראַמוויי. ווי וועט ער אַרויפגיין?

בערל איז דער ערשטער אנצוכאַפּן דאָס הענטל, אַרויפצושטייגן אויף די טרעפּ פון טראַמוויי. ער שטרעקט אויס די האַנט, נעמט אָן אהרנס האַנט און יאָסל שטופּט אים אונטער. ער איז שוין אין טראַמוויי, יאָסל אויך.

— העללאָ, בען! — הערט אהרן אַ נייע שטימע.

— העללאָ, פּעט! — ענטפערט בערל.

— העללאָ, אַלטער בחור! — רופט אויס יאָסל.

— וואָס מאַכט דער יונגערמאַן? — דערקענט שוין אהרן פּעטס שטימע.

— זייט באַקאַנט, אונזער נייער פריינד — אהרן ספּעקטאָר, אונזער שאופער — פּעט.

דער „שאופער" פּעט נעמט אַריין אהרנס האַנט, און די האַנט נעמט אָן די נייע באַקאַנטשאַפט.

— צופרידן אייך צו באַגעגענען, — וואַרפט צו דער קאָנדוקטאָר דעם נייעם פריינד און ווענדט זיך גלייך צו די אַלטע — נעמט אים אַרויס „פאָר אַ גוד טאַים"?

— ווי דען? וויפיל קומען מיר אייך אַלע צוזאַמען?

— אַ צוואַנציקער, אומגעפער אין דעם ערך.

— אַלרייט, דאָ האָט איר עס.

— ריכטיק, — באשטעטיקט פעט, צעלייגנדיק די מטבעות אין זיין געלט גארטל. — און וואו גייען מיר היינט אַרונטער?

— גאַרפיעלד.

— אלרייט. גאַרפיעלד איז דער פּלאַץ.

אהרן האָט זיך איינגעהערט אין געשפּרעך, מקנא געווען זיינע חברים וואָס זיינען אַזוי פריינדליך מיטן קאָנדוקטאָר, רעדן, שפּאַסן מיט אים, געפילט אַז די פריינטליכקייט באַציט זיך שוין אויך אויף אים, דאָך ניט אַזוי היימיש ווי זיי, דער עיקר האָט זיך אים געדוכט אַז זיי, און ניט אַזוי זיינע חברים, ווי ער, דוקא ער, איז אין וועג יעדן איינעם דאָ אויפן טראַמוויי בריקל, וואו נאָך מענטשן שטייען, וואו איינער רוקט זיך אינעווייניק אין טראמוויי, אַ צווייטער רייסט זיך אויף אַרויס. זיך אוועקזעצן, ניין, זיך אַריינרוקן אין אַ ווינקעלע, קיינעם ניט זיין אין וועג. בערל טוט אים א צי, ער לאָזט זיך נאָך אים, פילט יאָסל רוקט זיך נאָך. גייען זיי אַריין אינעווייניק, זיך אַוועקזעצן? ניין, זיי בלייבן שטיין ביים ווענטל פון טראַמוויי, פון דאָרטן פירן זיי זייער געשפּרעך מיטן קאָנדוקטאָר, איבערגעריסן בלויז ווען אַ מענטש קומט אַרויף, און אַזוי שנעל ווי דאָס קלייגעלט גיט זיך אַ רודל אין דער געלט רעשעטע ווערט דער געשפּרעך ווידער אויפגענומען, אַזוי ביז גאַרפיעלד.

— גאַרפיעלד! גאַרפיעלד!

— „סאָ לאָנג“, חברה! פאַרברייננגט גוט!

— זיך זען שפּעטער, — טוט בערל אַ מאַך מיט איין האַנט, די צווייטע האַנט האָט שוין אָנגענומען די שטאנג ביי די טרעפּ, איין פוס טאָפּט שוין א טרעפּל, אַרונטערגעגאַנגען, שטרעקט ער א האַנט צו אהרנען, נאָך אים יאָסל.

— פאַרברייננגט גוט! — האָט אהרן נאָך געהערט דעם קאנדוקטאָרס אנזאָג און באַלד האָט דער טראַמוויי זיך אפּגעטראָגן, איבערלאָזנדיק א ליידיגקייט אויפן פּנים און די ליידיגקייט האָט ניט גערוט, זי האָט גערודערט: וואוהין איצט? בערל מיט יאָסלען האָבן אים אַרויסגעפירט פון דער צערודערטקייט, זייערע צוויי שטעקלעך האָבן שוין האָפּערדיק געקלאַפּט. ביים ראַג גאַס האָבן די שטעקלעך פאַר־טראַכט אַ טאַפּ געטון — וואָרט, א גאַס איבערצוגיין. אַ שרילער

פייף. אי, דער בערל! אהרן קען זען ווי אויף בערלס פנים צעלייגט זיך אַ שמייכל: דרך ארץ! איך, בערל דער בלינדער, גיי. אויטאָמאָבילן צו אפילו טראַמווייען, שטעלט זיך אָפּ! עמיצער דערנעענטערט זיך, וויל אָנגעמען בערלען ביים אָרעם, איבערפירן די גאַס. — אַ דאַנק, מיר ווייסן דעם וועג. — ענטפערט בערל. און ווירקליך, בערל, יאָסל, זיי גייען אַזוי זיכער אַט ווי אין הויף, וואוהין גייען זיי עס?

— גיב אַכטונג ווי דו גייסט, — טוט בערל אַ זאָג, און אהרן דערפילט אַ טרעפּ. א הויז. אַ הויז? א . . . הוי ־ ז . . . ?

— אה, העללאָ, בען! העללאָ, דזשאָו! העללאָ . . .

— אונזער נייער פריינד אהרן. דאָס איז מערי.

אַ ווייכע האַנט, אַ פּוכקע, אָבער זי נעמט אַרום אַזוי שטייף, לאָזט נאָך אַ ביסל צו דערפילן די ווייכקייט און, איידער זי טיילט זיך אָפּ, גיט זי אַ קלעם אַרום דעם גראָבן פינגער זיינעם. אַט דער קלעם . . . איז ער ניט רויט געוואָרן?

— נו, וואָס מאַכט איר, חברה? אַלע אָלרייט?

— אָ קעי. און וואָס מאַכט איר?

— פיין!

— גוט. געבראַכט אונזער נייעם פריינד, זיך באַקענען. זייט גוט צו אים.

— אודאי, וועל איך זיין גוט. קום, ליבינקער!

פודער, פּאַרפום, מעריס נאַקעטער אָרעם האָט אים געצויגן פאַראויס, דער נאַקן האָט דאָך זיך געריסן אויף צוריק צו זיינע פריינט, צוריקלויפן צו זיי, אַרויפפאַלן אויף זיי, זיי . . .

— נו, ליבינקער . . .

ווען מעריס פּראָפעסיע זאָל דערלויבן אַרויסהייבגען אַ שילד וואָלט זי געקענט אָנשרייבן דאָרט: מיר באַדינען די בלינדע. בלינדע זיינען געווען אירע בעסטע קליענטן. ניט אין דער ערשטער יוגנט, יאָרן אין דער פּראָפעסיע, האָט מערי געהאַט איר פילאָזאָפיע וועגן מענער. — א מאַן איז אַ חזיר. פון אַלע חזירים איז דער בלינדער דער קלענסטער חזיר. פאַרשטייט זיך, ניט דער סיפיליס בלינדער. פאַלט אַמאָל אַריין אַזאַ — זי דערקענט שוין — טרייבט זי אים ווי אַ הונט. ערשטנס, איז דער בלינדער ניט שכור, צווייטנס, קומט ער בייטאָג,

דריטנס, קומט ע ר צו א י ר, זי דאַרף ניט זיך אויסטראַצלען פון זיינעטוועגן, אים אויפכאַפּן אין גאַס. דעם ערשטן בלינדן האָט זי אויך ניט אויפגעכאַפּט. ער איז געשטאַנען ביי א ראַג, געוואַרט איבערצו־קרייצן די גאַס. זי איז אַנגעקומען, אים אַנגענומען ביים אָרעם. איבער־פירנדיק אים, האָט איר אָרעם אַ דריק געטון זיינעם, אַ דריק געטון אָן קיין כוונה . . . פשוט אָן אויטאָמאָביל איז אָנגעקומען. זי האָט דער־פילט אַ ציטער אין זיין אָרעם, און אין איר האָט זיך דערוועקט אַ בייגיריגקייט — ליגן מיט אַ בלינדן! — ווילסט אַרויפקומען צו מיר, ליבינקער? — זי האָט געזען ווי זיינע ברעמען האָבן זיך אַ הויב געטון און זי האָט געקראָגן אַ גוואַלדיקע הנאה פון איר איינפאַל, א חשק האָט זיך אין איר דערוועקט צו ליגן מיט אים, שוין, גלייך! זי האָט אים שיר ניט אַרויפגעשלעפּט צו זיך. ווען ער האָט גענומען „גיין" מיט די פינגער איבער אין פּנים, האָט זי זיך א צאַפּל געטון — ווערים קריכן אַרום אויף אירע באַקן, אים אַרויסוואַרפן! אַ באַקעטן אים אַרויסוואַרפן פון בעט, פון שטוב, ווען זי האָט אָבער דערזען ווי זיין בלינדער פּנים האָט געשיינט, האָט זי זיך צוגעטוליעט צו אים און נאָכדעם אפילו ניט געוואָלט נעמען ביי אים קיין געלט. ניט דאָס מאָל. דאָס צווייטע מאָל, אַז ער'ט קומען. און ער איז געקומען, און ניט אַליין, מיט נאָך איינעם, און די צוויי האָבן געשיקט נאָך, זיי האָבן אונטערגעטראָגן די געלט פאַפּירלעך מיט אַזאַ דאַנקבאַרקייט, אָט ווי קינדער. און זי האָט זיך אַזוי צוגעוואוינט צו זיי אַז די פינגער זייערע אויף איר לייב האָבן זי שוין ניט געאַרט, פאַרקערט, זי האָט גענומען יעדן פינגער באַזונדער, „געמאָלקן" אים, געזען ווי דאָס רייצט, האָט זי הנאה געהאַט און באַצאָלט פאַר דער הנאה מיט צולייגן די פינגער צו יענע טיילן פון לייב וואו די פינגער האָבן אַזש געציטערט פון דעם באַריר.

דערפילט אהרנס פינגער אויפן שטערן, ווי זיי זיינען געגאַנגען אין דער ברייט פון שטערן, נאָכדעם אין דער הויך, פון די האָר צו דער נאָז, האָט מערי א שמייכל געטון: קנייטשן זוכט ער! יאָלד. אַ זעענדיקער קען זיי ניט דערזען, ווערט ער זיי אַנטאַפּן. און וואָס פאַר אַ שטערן טאַפּעניש? אַ קאָפּ ווייטיק זוכט ער? פאַמעליך האָט זי אַרויס־געצויגן דער שטערן פון אונטער אהרנס פינגער, די פינגער פון איין האַנט האָבן זיך אַ גליטש געטון פון שטערן שלייף צום ווינקל פון

אויג. אַלע זוכן זיי די אויגן, פירן איבער די אויגן לעדלעך, ברעמען. אַ קאַמיש געזינדל. די אויגן ווילן זיי אנטאפּן. מאלטיך, נאָך די אויגן זוכן זיי . . . דער פאַרשוין וויל ווייזט אויס טאקע גוט אויספּאַרשן יעדן צאַל הויט. עריט אַזוי טאַפּן, וועט ער . . .

— דאַ איז ביי דיר אַ געבורט צייכן, ניין?

— אודאי א געבורט צייכן.

— אַ ברוינער.

— און נאָך ווי!

— און דו ביסט אַ בלאנדע.

— קויטיק בלאנד, — האָט זי לאכנדיק געענטפערט. איר קאָליר האָט זי געביטן לויט יעדנס השערה, פאַר איינעם איז זי געווען בלאנד, אַ צווייטן ברונעט. די מעשה אז זיי זעען איז א בלאָף. זי ווייסט בעסער. „דו ביסט אַ בלאַנדע". זי האָט שוין אליין פאַרגעסן איר אָריגינעלן קאָליר.

אטעם לייכט זיינען אהרנס פינגער, און ניט זיי טאפּן מעריס געזיכט, זיי גלעטן אַזוי לייכט — אַ ווינטל, מער ניט דאָס ווינטל גלעט אַזוי פאמעליך, קוים קוים עס באַוועגט זיך, דאָך קיצלט עס אַזוי מאָדנע. וועט ער אמאָל אַרונטערקריכן פון פּנים? זייט אים אונטער־טראָגן די בריסט . . . זי האָט זיך אַ דריי געטון. אהרנס פינגער האָבן אַ שפּרונג געטון, גלייך אבער צוריק אַ פאַל געטון צום פּנים. איין פינגער האָט זיך איינגעגראָבן, די איבעריקע פינגער האָבן זיך אויפ־געהויבן, געשטאנען, געוואַרט.

— האָסט חן גריבעלעך, מערי?

— חן גריבעלעך? אודאי! געוויס!

שוין א פּאָר חדשים אַז מיהאָט איר אויסגעשניטן אַ טשירעק אויפן באַק. אַרויסגייענדיק אין גאַס „פּארקיטעוועט" זי אָט דעם אויסשניט מיט פּודער, איצטער האָט ער געפונען דאָס „חן גריבעלע". אַ קאַמיש געזינדל, און זיי נעמען זיך צופיל צייט . . .

— דו נאַריש קינד. חן גריבעלעך זוכסטו?

זי האָט אומגעדולדיק זיך אַ דריי געטון . . .

— מערי! דו ביסט שיין! ביסט אַזוי שיין! ביסט . . .

דריי בלינדע זיינען געגאנגען פון מעריס הויז צוריק צום טראַמ־וויי, צוריק אין בלינדן אַנשטאלט. בערל און יאָסל האָבן, ווי פריער, געפירט אהרנען אונטער די ארעמס, ער האָט אָבער אויך געקלאפּט מיט זיין שטעקעלע, און אַלע דריי שטעקעלעך, ווייס און רויט גע־פאַרבט, האָבן אויסגעקלאַפּט:

אַ שיינע וועלט!
שיין איז די וועלט!
די וועלט איז שיין!



# ק י נ ד ע ר

די קינדער האָבן אָקופּירט דעם פּאַרלאָר. טהעד און לואי מיט זייערע מיידלעך, עטל און מרים מיט זייערע בחורים, דערצו חברים און חברות, איז שוין געווען אַ גאַנץ געזעמל. מיהאָט גערעדט, געלאַכט, אַ ביסל אונטערגעשטיפּט. תחלת אָוונט, ווען טאַטע מאַמע האָבן זיך באוויזן אין פּאַרלאָר, האָבן די זין און טעכטער זיי העפליך פאָרגעשטעלט פאַר די חברים און חברות, וואָס זיינען דאָס ערשטע מאָל געווען אין הויז און נאָך דער פאָרשטעלונג האָבן די עלטערן דערפילט זייער איבעריגקייט דאָ אין פּאַרלאָר. נו יאָ, זין, טעכטער, אפשר שניר און איידימס, אָבער . . . די יונגע חברה, וואָס מיהאָט זיי פאָרגעשטעלט האָבן נאָך דער פאָרשטעלונג ניט געוואוסט וואָס צו טון מיט זיך, אוועקגיין? עפּעס ניט שיין, שטיין? ניט באקוועם: די אלטע האָבן אַ טבע צו קוקן מיט א אינספּעקטאָר קוק. די אפשר־צוקונפטיקע שניר און איידימס האָבן זיך געפילט פרייער, זיי האָבן אָפּגעזאָגט זייער „העללאָ" און „האַו אַר יו" ווי צו גוטע באקאנטע, אָבער אַ מאַך טון מיט די פינגער און א זאָג טון „זיך זען שפּעטער", ווי צו גוטע באקאנטע, האָבן זיי אויך ניט געקענט. די קינדער זיינען געקומען צו הילף. טהעד האָט אַריבערגעצויגן זיין אָרעם איבערן פאָטערס פּלייצע, פאַרקוקט אים שעלמיש אין די אויגן און אַ זאָג געטון: — דאָס איז מייבל. קענסט־אַך מייבלען, ניין?

— אודאי קען איך זי. קען איר פאָטער אויך. אַ וואויל מיידל. פאַרוואָס שטעלסטו ניט קיין חופּה מיט איר?

מייבל האָט זיך פאַרדרייטלט און כלומרשט שאַקירט אויסגערופן:
— אה, מר. טע־נענ־בא־ום!

טהעד האָט אַ לאַך געטון, געפּעטשלט דעם פאַטער איבער דער פּלייצע. — „דעד איז אלרייט". ער פאַרשטייט אַן עסק — און אַ קוק געטון אויף מייבלען מיט א קוק: די אַלטע פאַר אונז האָבן שוין לאַנג געטון דאָס וואָס מיר . . . און ער האָט שוין ניט געזען דעם טאַטן, ער האָט געזען מייבלען, און ניט די מייבל דאָ איצט, אין דעם באַלויכטענעם צימער, נאָר מייבל מיט אים אין אויטאָמאָביל, די לאָמפּן אויסגעלאָשן, ער און מייבל אין שטיבל אין „קליין שוויי־צאַריע" . . .

לואי איז געשטאַנען דערביי ווי די מאַמע האָט דערלאַנגט די האַנט אסתרן. ער האָט געקוקט אויף דער מאַמע און אויף אסתרן, זיין פּנים האָט געשטראַלט: איך האָב אייך ביידן ליב. דיך, מאַמע, ווייסט־אַך, און אסתר, אה אסתר! א קוש געטון האָט ער ניט אסתרן, נאָר דער מאַמע. ניט קיין פולער קוש, ניט קיין פאַרצויגענער ליפּ צו ליפּ קוש, נאָר אַ קוש — א פּיק מיט די ליפּן אין באַק, פונדעסט־וועגן האָט אין דער מוטערס אויגן אויפגעפינקלט אַ פלעמל און אויף אסתרס פּנים האָט זיך אַ וויג געטון אַ פלאַם — העל, שאַטנדיק, העל — און פאַרשוואונדן: איך קען זיינע קושן, ניט ווי דער אַ, א קוש, וואָס . . . איר זייט דאָך אַ פרוי . . . און ווען די פרוי, לואיס׳ מאַמע, האָט מיט מאַמיש־פרויאישע אויגן אַ קוק געטון אויף אסתרן, אויף איר זון, האָבן אַלע דריי דערפילט ווי זיי וואָלטן אַלע צוזאַמען זיך אונטערגעהערט הינטער א טיר, אַריינגעקוקט אין א שליסל לאָך, געזען עפּעס וואָס . . . איז אַזוי גוט און וואָס . . . מידאַרף ניט, מיטאָר ניט זען, קוקן . . . די מוטער איז טאַקע גלייך אפּגעגאַנגען פון זיי זון לואי האָט א דריק געטון אסתרן צו זיך, א קורצן, שאַרפן דריק. איר פּנים האָט זיך א דריי געטון צו אים, האָט א קוק געטון אויף אים פון אונטן אַרויף: בחור! דער „בחור" האָט א שיק געטון זיינע ליפּן צו אירע. אַ שאַרפער, אפּגעריסענער קוש און ער האָט זי שיר ניט אפּגעשטויסן פון זיך . . . אסתרס פּנים — אַ שווייגנדיקער מיטפאַרשווערער: פאַרשטיי דעם קוש, דעם שטויס . . . ווען מיר זיינען איצטער ניט דאָ, ווען . . .

די טעכטער האָבן זיך ניט אַרומגענומען מיט טאַטע מאַמע, ניט געקושט קיינעם. ווען טאַטע מאַמע האָבן זיך געגריסט מיט זייערע בחורים (זיי זיינען נאָך ניט געווען אַזוי זיכער אַז זיינען שוין טאַקע זייערע) האָבן זיי געפילט אַ אומרואיגקייט, געוואָלט די באַגריסונגען זאָלן שוין זיין פאַראיבער, נאָכדעם זיך א סודע געטון מיט דער מוטער און געווען צופרידן ווען די מאַמע, דער טאַטע האָט פאַרלאָזט דעם זאַל.

די מוטער האָט מיט א צייט שפּעטער זיך באַוויזן אין זאַל מיט אַ טאַץ אנגעשטעלט מיט געטראַנקען, לייכטע פּענעצלעך צובייסנס. זי האָט געפּרואווט אַרומגיין, אונטערטראָגן יעדן באַזונדער, פון אַ פּאָר שוין אפילו געקראָגן אַ פּאָר שמייכלען, מרים האָט אָבער אַרויס־גענומען די טאַץ — אַ גאַנץ שווערע — פון אירע הענט, זי אַוועק־געשטעלט אויפן טישל מיטן גלעזערנעם צודעק און א זאָג געטון: זאָלן זיי זיך אַליין צוהעלפן. מרים האָט חלילה ניט געמיינט קיין שלעכטס. נו טאַקע, וואָס איז דאָס פאַר אן עובדא זיך אַרומטראָגן מיט א טאַץ, שטיין און וואַרטן ביז מ׳וועט עפּעס נעמען? וואָס זיינען זיי, חולאים? זיילין שוין אויסטרינקען און אויפעסן ניט נאָר די פּענעצ־לעך צובייסנס, זייילין נאָך עסן סענדוויטשעס, טרינקען קאַווע, זייילין נאָך . . . דער מאַמעס ליידיק געבליבענע הענט זיינען אבער שווער געוואָרן, זי האָט דערפילט אין די הענט אַ שווערערע שווערקייט ווי ווען זי האָט געהאלטן די טאַץ, די הענט האָבן זיך געפילט אַזוי שווער אַז דער גאַנצער קערפּער איז געוואָרן איבעריק, אַ צוטשעפּע־ניש צו די הענט, איבעריק. טאַקע, וואָס האָט זי דאָ צו טון איצט?

זי איז אַרויס פון זאַל, אַריין אין „ווינקל", אַ מין ביבליאָטעק צימער, וואו זיי צווייען, זי און איר מאַן, פלעגן מייסטנס פאַרברייגגען. דאָרטן איז געווען אַ שאַפקע מיט ביכער, א געשטעל פאַר זשורנאַלן, אַ ראַדיאָ, א גוטער געבעטער שטול מיט א לאָמפּ דערביי און א ווייכע סאָפקע. די מייסטע אוונטן האָבן זיי דאָרט פאַרבראַכט, לייענענדיק, הערנדיק די ראַדיאָ און אַמאָל אויך כאַפּנדיק אַ דרימל. ווען די קינדער האָבן געהאַט געסט אין זאַל איז אָט דער „ווינקל" געווען ממש א מקום מקלט פאַר די עלטערע. זיי זיינען נאָך אַמאָל אַרויסגעגאַנגען פון דאָרט, א קוק טון וואָס ט ו ט זיך ביי די קינדער, די יונגוואַרג

האָט אפילו ניט אַריינגעשמעקט אַהין. וואָס האָבן זיי געדאַרפט דאָרטן? די ביכער? אַ ראַדיאָ? די ראַדיאָ אין זאַל איז געווען אַ בעסערע. און די עלטערן? די עלטערן האָבן זיי ניט אויסגעפעלט.

דער פאָטער איז שוין געליגן אויפן סאָפקע, אַריינגעקוקט אין אַ זשורנאַל. ווען זיין ווייב איז אַריין האָט ער אַ דריי געטון דעם קאָפּ, מיט די אויגן אַ זאָג געטון: ביסט שוין אויך דאָ? נו זיי דאָ, אַ קנייטש געטון דעם זשורנאַל און ווידער געלייענט. זי האָט זיך אַריינגעזעצט אינם געבעטן שטול, אַ נעם געטון אַ זשורנאַל פון געשטעל, אַ קוק געטון אויפן שער בלעטל און אַוועקגעלייגט אויפן שטול ווענטל. פון זאַל האָט זיך דערטראָגן מוזיק. חברה האָבן אנגעשטעלט די ראַדיאָ.

— טאַנצן זיי? — האָט די מוטער אַ דריי געטון דעם קאָפּ. — זיין איבערפירן דעם טעפּיך, און אפשר האָבן זיי אים צוזאמענגעוויקלט. זיי טוען דאָס אמאָל. און אפשר טאנצן זיי ניט? — זי האָט זיך איינגעהערט.

דער מאַן האָט זיך אויפגעזעצט אויפן סאָפקע, אַ דריי געטון דעם קאָפּ צום זאַל צו, זיך אויפגעהויבן, פאַררויכערט, געמאַכט אַ פּאָר שפּאַן איבערן קליינעם צימערל, געבליבן שטיין מיטן פּנים צו זיין ווייב.

— טאַנצן אפּנים, — האָט זי אַ זאָג געטון.

— יאָ, — האָט ער פאַרטראַכט צוגעגעבן, אַרויסגעלאָזט רויך, געבליבן שטיין, אָט הערט ער זיך צו צו דער מוזיק פון דאָרטן, אָט קוקט ער זיך צו צום רויך פון זיין ציגאַרעט, הערט זיך איין אין זיינע אייגענע געדאַנקען.

— צייט צו שטעלן אַ חופּה.

די ווערטער זיינען אַרויסגעפאַלן. זיין ווייב האָט געקענט זען ווי ער האָט זיי שוין לאַנג געטראָגן ביי זיך אין קאָפּ און איצט זיינען זיי אַרויסגעפאַלן פון זיין מויל. זי האָט שוין אויך אַ טראַכט געטון וועגן דעם, מער ווי איין מאָל, אָבער איבער די ליפּן האָט זי עס ניט אַרויסגעבראַכט, ניט געלאָזט עס אפילו אַרויספאַלן.

— טהעדי מיינסטו?

— טהעד, לואי, עטל, מרים.

די ווערטער זיינען שוין ניט אַרויסגעפאַלן. זי האָט געקענט

זען ווי ער שיקט אַרויס יעדער וואָרט באַזונדער, און דאָס וואָרט איז ניט געווען סתם אַ וואָרט, יעדער וואָרט — אַ באַמען, יעדער באַמען — אַ קינד, איינס נאָך יס׳אַנדערע שיקט ער אַרויס די קינדער, שיקט זיי אַוועק פון שטוב. דאָס . . . דאָס . . . וויל זי . . . ניט.

— וואָס האָסטו קיין צייט ניט?

ער האָט אַ צי געטון זיין ציגאַרעט, אָפּגעצויגן די האַנט פון מויל און, האַלטנדיק דעם ציגאַרעט אַרויף, געבלאָזן דעם רויך אין אַ דין שטראַמעלע, איין אויג פאַרזשמורעט.

— זייין חתונה האָבן. זייין חתונה האָבן.

ביים צווייטן „זייין חתונה האָבן" האָט איר קאָפּ זיך לייכט אַ וויג געטון. ער האָט, דוכט זיך, געקוקט אויף זיין ציגאַרעט, דעם רויך, ער האָט פונדעסטוועגן באַמערקט דעם וויג פון איר קאָפּ, אויך דערזען דעם געדאַנק וואָס האָט באַוועגט דעם קאָפּ זיך אַ וויג טון — זייין חתונה האָבן, זיך צעגיין, צעלויפן, בלייבן אַליין, אַליין . . .

— קענסט זיי ניט איינהאַלטן, — האָט ער אַ זאָג געטון און אַ שפּאַן געטון, ווערנדיק אַזוי אַרום נעענטער צו איר. ער האָט פאַר־שטיקט דעם ציגאַרעט.

— איינהאַלטן? — זי האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ צו אים, זי האָט געקוקט צו אים, ער אויף איר, ביידע האָבן געהערט מוזיק און מענטשליכע געלעכטערס, וואָס האָבן פּלוצלונג אויסגעבראָכן, און די געלעכטערס האָבן צעשפּאַלטן די מוזיק, צעשמעטערט די שטילע פאַר־זאָרגטקייט אין דעם צימערל. דער געלעכטער איז פאַרשוואונדן, האָט זיך אויסגעמישט מיט דער שטילקייט אינעם צימערל, און די שטילקייט האָט געקראָגן עפּעס אַ ביטערן צומיש. — ווער רעדט פון איינהאַלטן?

ער האָט געקוקט אויף איר מיט אַ מבינישן קוק: ווער רעדט פון איינהאַלטן? רעדסט טאַקע ניט וועגן דעם, איך רעד אויך ניט, אָבער וואָס פילן מיר ביידע? זייין אַוועקגיין, אַלע ביז איינעם, מיר׳ן בלייבן אַליין. אַליין. זיי דאַרטן טאַנצן, און מיר, מיר . . .

— שטייט געשריבן, — האָט ער מגידיש אַ זאָג געטון, — דאַריבער זאָל אַ מענטש פאַרלאָזן זיין פאָטער און זיין מוטער, און זאָל זיך באַהעפטן אין זיין ווייב, און זיי זאָלן זיין איין לייב. אַזוי גייט עס שוין.

— יאָ, אַזוי גייט עס שוין, — האָט זי פאַרזאָרגט ווידערגעגעבן זיינע לעצטע ווערטער און, אין דער עכא פון זיינע ווערטער, אין איר ווידערגעבונג, האָט זיך געהערט ניט נאָר רעזיגנאַציע, נאָר אויך הכנעה צו אים, דעם מאַן, דער וואָס ווייסט וואָס עס שטייט געשריבן, און צו אים, דעם אלוויסנדיקן, האָט זי איצט אַרויפגעשיקט אַ בעטנדיקן קוק: אפשר ווייסטו אויך אַן עצה דערצו? ס׳איז אַזוי . . . אַזוי . . . שווער . . .

שטייענדיק ביים שטול ווענטל, האָט ער אויפגענומען אָט דעם קוק ניט נאָר מיט זיינע אויגן, נאָר שיר ניט צוגעטראָגן אים מיט די הענט צו זיין פּנים. איין האַנט האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויף אירע רויך גרויע האָר, לייכט אַ גלעט געטון.

— זייין חתונה האָבן, אפשר זיין אייניקלעך . . .

מאַן און ווייב האָבן זיך אנגעקוקט. איר קוק פון אָנהויב אַ פאַר־חידושטער: אייניקלעך? וואָס אים קען איינפאַלן! דאַן גוטהייסנדיק: א גוטער איינפאַל. דאַן — הנאהדיק: אייניקלעך! פּיצעלעך קינדערלעך, אָט ווי טודרוסל, לייבעלע, עטעלע, מרימקע, ווי זי האָט זיי געבאָדן, ווי . . . און אין זיינע אויגן האָט זי געזען: יאָ, יאָ, אייניקלעך, קליינינקע, פּיצעלעך . . .

זי האָט פאַרשעמט אַרונטערגעלאָזט די אויגן, פאַמעליך צוגע־טוליעט איר קאָפּ צו זיין זייט. ער האָט אַ גלעט געטון איר קאָפּ, די האַנט האָט זיך אַרונטערגעגליטשט פון קאָפּ צום רוקן, אַ פּיר געטון איבערן רוקן ביין און זיין האַנט האָט דערפילט ווי איר קערפּער האָט לייכט אַ ציטער געטון. אָט דער ציטער! ווי גוט ער האָט אים גע־קענט . . . איבער זיין אייגענעם קערפּער איז אַ שטראָם דורכגעלאָפן . . . ער האָט זי אַ הויב געטון פון שטול, זי צוגעצויגן צו זיך. זי האָט געגנורעט דעם קאָפּ צו זיין ברוסט, זיין האַלז, ניט געוואָלט א קוק טון אויף אים.

ווי אַ בלינדע האָט ער זי אַרויסגעפירט פון דעם קליינעם צימערל, אויפן וועג צום שלאָף צימער. ווען צו זייערע אויערן האָט דערגרייכט דער פריידיקער טומל פון זאַל, האָט זי דערשראָקן זיך אַ צי געטון פון אים.

— זיילן שוין אַליין, — האָט ער אַ זאָג געטון מיט רוגז, אומ־געדולד. געהייסן האָט עס: וואָס גייען זיי דיך אָן? דאַרפסט וואַרטן ביז זיי'ין זיך צעגיין, אויפראַמען פון זיי? זייין זיך שוין אַליין ספּראַווען. זיי דאַרפן אונז ניט, און מיר דאַרפן זיי ניט, מיר . . .

„זיי" האָבן זיך ניט געכאַפּט אפילו צו זייערע עלטערן זייענ־נאָך וואָך אָדער שוין געגאַנגען שלאָפן. ווען איינער פון די געסט, איינער וואָס האָט זיך געפילט ניט איבעריק באַקוועם: מרים האָט אים שוין צופיל פאַרזען, און געוואָלט אַוועקגיין אָן א אנדייטונג אַז ער איז אומצופרידן, האָט אַ קוק געטון אויפן זייגערל און געלאָזט פאַלן אַ באַמערקונג: שוין שפּעטליך, שטערן מיר ניט אייערע עלטערן? האָט מרים א קוק געטון אויף אים: וועגן מייבע עלטערן זאָרגסטו זיך? און מיט אַ שמייכל געענטפערט: — די אַלטיטשקע ווערן ניט גע־שטערט פון אונז.

און זי האָט געזאָגט אַן אמת.

דער טומל פון די קינדער האָט דערגרייכט די עלטערן, ער האָט זיי אָבער נישט געשטערט. אין דעם טומל האָבן די עלטערן געהערט: ליגט אייך דאָרטן, אַלטע. מיר זייבען יונג און מיר לעבן זיך אונזער לעבן. און די עלטערן האָבן געענטפערט: יונג זייבען מיר שוין ניט, פונ־דעסטוועגן לעבן מיר ניט נאָר פאַר אייך, מיר לעבן אויך פאַר זיך.

פאַר זיך . . .

פאַר זיך . . .



# ב י י ם   אָ פ ג ר ו נ ט

ער האָט ניט געוואָלט גיין אויפן באַרג ווילסאָן. שוין געווען אַ מאָל דריי, וויפיל איז דער שיר? אָבער חוה האָט דורכאויס געוואָלט גיין. קאַקעטיש ברוגזלעך האָט זי געטענהט: גיי, ביזט אַ שלעכטער. שוין אַזוי לאַנג ניט געגאַנגען. היינט איז אַ פולע לבנה. אין אַזאַ נאַכט איז דאָך אַ פאַרגניגן צו גיין. אַ גאַנצע קאָמפּאַניע גייט.

— אַ גאַנצע קאָמפּאַניע גייט! אויב אַזוי, חוהלע, זיצן מיר טאַקע אין דערהיים, — האָט שלום געענטפערט מיט אַ שמייכל.

חוה האָט זיך געכאַפּט אַז דער לעצטער נדן וואָס זי האָט אים אנגעגעבן — די קאָמפּאַניע — איז פאַר אים ווייט ניט אזא גרויסע מתנה, זי האָט עס געמעגט וויסן און ניט דערמאָנען וועגן דעם, אָבער קוים שוין דערמאָנט, האָט זי עס געפּרובט פאַרריכטן: אין קאָמפּאַניע איז פריילעכער.

שלום האָט, ניט אויסקירעווענדיק דעם קאָפּ, איר געגעבן אַ זייטיקן קוק: און אין צווייען איז, ווייזט אויס, ניט גענוג פריילעך?

חוה האָט אויפגעכאַפּט דעם קוק און ניט געפונען גלייך קיין וואָרט צו ענטפערן. שלום איז געזעסן און שוין געקוקט אין פענסטער, ווען ער האָט דערפילט אירע אָרעמס אַרום זיין האַלז און, נאָך איידער ער האָט צייט געהאַט זיך אַ קער צו טון, האָט זי זיך שוין אַרויפגעקאַראַבקעט אויף זיינע קני. — אפשר וועלן מיר נאָך קריגן דאָסזעלבע שטיבל „דער בלויער פויגל״.

אירע אויגן האָבן אויפגעפינקעלט. זיי האָבן געוואָרפן אַ ליכט

אויף אַ פֿאַרגאַנגענער נאַכט, צוגעזאָגט באַלויכטן דעם וועג די נאַכט . . .

שלום האָט שוין געוואוסט אַז היינט ביינאַכט גייט ער אויפֿן באַרג ווילסאָן, ער האָט עס אָבער נאָך ניט געוואָלט צוגעבן, ניט מיט ווערטער, ער האָט בלויז אומגעקערט דעם קאָפּ, געשמייכלט מיט די אויגן. זי האָט געכאַפּט דעם שמייכל, שטיפֿעריש געקושט: ביזט אַ גוטער, גוטער אינגעלע.

דער צווישנשטעטלדיקער טראַמוויי האָט זיך שנעל געטראָגן. אַ פֿרישער, קאַלטער ווינט האָט אויפֿגעכאַפּט דעם שאַרפֿן פֿאַרשכורנדיקן ריח פֿון די בליענדיקע מאַראַנצן בוימער און געוואָרפֿן פֿולע הויפֿנס די פּאָרער אין פּנים אַריין. חוה האָט טיף אָפּגעאָטעמט — האַ! ווי עס שמעקט!

שלום האָט אויך געפֿילט דעם שאַרפֿן ריח, דאָך האָט איר אויס־רוף ווי ערשט דערמאָנט אים אַז ער פֿאָרט פֿאַרביי מאַראַנצן גערטנער. יעדעס מאָל וואָס ער פֿאָרט אין די צווישנשטעטלדיקע טראַמווייען האָט ער אַ מאָדנעם געפֿיל. עס איז ניט קיין באַן, וואו אפֿילו ווען מיפֿאָרט בלויז איין שעה פֿילט מען זיך אויף אַ רייזע, עס איז אויך ניט קיין שטאָטישער טראַמוויי, אונטער אָדער איבערערדישע באַן, עס איז דורכאויס א צווישנשטעטלדיקער טראַמוויי, וואָס יאָגט זיך מיט זיין אייגענעם אימפּעט, פֿייפֿט אויף זיין אייגענעם שטייגער: היט זיך, איך פֿאָר! און ער פֿאָרט אַזוי שנעל, שניידט די לופֿט, שפּאַלט די פֿינסטערניש פֿון דער נאַכט. די פֿענסטער זיינען אָפֿן, דאָך זעט מען ניט די בוימער פֿון ביידע זייטן. הורבעס, סטויגן שוואַרץ־גרינס טאַנצן אונטער, פֿאַרנויגן זיך און פֿאַרשווינדן, איבערלאָזנדיק אַ שטילקייט. און די שטילקייט, די נאַכט האָט איר ווירקונג אויף שלומען, זי מאַכט אים שווייגנדיק.

— דיר איז ניט קאַלט?

מער האָט ער ניט גערעדט ביז מ׳איז אָנגעקומען אין שטעטל סיערראַ מאַדרע, דאָס פּוס ביינקעלע פֿונם באַרג ווילסאָן. עס איז געווען האַלבע נאַכט.

פֿריילעך האָט זיך אָנגעהויבן די עליה. מונטערע יונגע שטימען האָבן דורכגעריסן די נאַכט שטילקייט. דער וועג גאַנץ ברייט, מיקען

גייִן אין צווייען, איז מען געגאנגען ווער שנעל און ווער פּאמעליך. די שנעלע גייער האָבן געלאָזט הערן זייער: הו־הו! ווי אייגער רעדט: וואו זייט איר דאָרט? זעט וואו מיר זייִנען שוין! די הינטערגייענדיקע האָבן אָפּגעענטפערט: הו־הו! — וואָס האָט געזאָלט מיינען: מיר קומען, מיר גייען. די ווידערקולות, אפּליידנדיק גלגול הרים, האָבן זיך איינגעלייגט אין זייער אייביקער רו.

שלום און חוה זייִנען געבליבן די לעצטע. שלום האָט בכיוון פאַרפּאמעלאכט דעם גאַנג. — וואָס איז די אייַלעניש? ער מוז דאָס זייִן אויפן שפּיץ באַרג אין א באשטימטער מינוט? איז דען דער עיקר דאָס קומען אויפן באַרג? דער עיקר איז דאָך דאָס גייִן. און עס איז אַזוי שיין אַז עס איז פּשוט אַ שאָד צו גייִן שנעל.

שטעלט ער זיך אָפּ און קוקט. איבער אים דער הימל. דער אַלטער, אַלטער הימל, אבער ווי שיין ער איז אינם יונגן חודש, פערצן טעג אַלט, אַזוי בלוי, אַזוי הויך, אַזוי טיף, און די שטערן אַזוי שאַרף, שפּיציק, די קליינע שטערנדלעך אַזוי שפּילעוודיק אין זייער מיניען זיך, און די לבנה אַזוי גרויס, אַזוי לויטער, און יסיאַרא מאָדנע רואיגקייט, שטילקייט, און אַזאַ זעלטענע הארמאָניע: אָט אַזוי דאַרף זייִן די וועלט און זי איז אַזוי. דאָס איז אין דער הויך. און אין דער נידער איז אויך אַ הימל. מויערן, הייזער, בוימער, שטיינער, גאַסן, מענטשן — אַלץ פארשוואונדן, פארדעקט געוואָרן מיט אַ לייכטן נעבל ליילעך, פאַרפלייצט געוואָרן פון אַ גראפיט קאליר ים. אָבער זע וויפיל לייכט טורעמס אויף אָט דעם ים! וויפיל פייערלעך! אָט אַזוי זיך אראָפּלאָזן און זיך לאָזן שווימען נאָך די פייערלעך. בלאנזענדיקע פייערלעך. ניין, טאקע א הימל. איינער פון די זיבן הימלען האָט זיך אַרונטערגעלאָזט צו דער ערד, די פייערלעך דאָס זייִנען שטערן אינם אירדישן הימל. ביים ערשטן קוק זעען אויס די שטערן צו געדיכט אָנגעשאָטן אויף איין פלאַץ און צו שיטער אין אַ צווייטן, ניטאָ קיין הארמאָניע אין אירדישן הימל, קוקט מען זיך צו דערזעט מען אַ שורה פייערלעך אין דער לייִנג א שורה אין דער ברייט, מענטשליכע פלאנמעסיגקייט, שוין צו פלאנמעסיק, א נס וואָס די פייערלעך, סטאַ־טישע, פון מענטשליכע הענט איינגעפּאסטע, שפּרינגען דאָך אונטער, מיניען זיך אָט ווי די שטערן אין הימל. אָט האָט זיך איין פייערל

אויסגעלאָשן, פארשוואונדן, א וואונדער אין וועלכער הויז האָט דאָס פייער זיך אויסגעלאָשן?

— ה־ו־פּ!

ער האָט א ציטער געטון מיט זיין גאַנצן קערפּער.

חוהס אָרעמס זיינען געווען אַרום זיין גארטל. זי האָט פרײדיק געלאַכט. שלום איז בייז געווען. — זאָלסט מער אַזעלכע חכמות ניט פּראָווען!

— זע גאָר ווי דאָס ציטערט פאַרן טויט!

— ציטערט פאַרן טויט, וואָס פאר א חכמה? מישטייט פאַרטראַכט . . .

— נו, ווער הייסט דיר שטיין פאַרטראַכט?

— שיין!

— יאָ, עס איז שיין, אָבער מידאַרף גיין.

— וואָס האָסטו קיין צייט ניט? שטיין נאָך אַ ביסל. זעסט אַן דאָרטן . . .

דאָס טיפע, ריינע שווייגן איז איבערגעריסן געוואָרן. שטייענדיק אין דער הויך צווישן איין הימל אויבן און זיין אייגענעם אימאַזשינערן הימל אונטן, האָט ער געפילט אַז ער איז א ניט אירדישער, ער רוט אין דער לופטן, ניין, אפילו ניט אין דער לופטן, על בלימה, ער און ביידע הימלען איינס, אָבער קוים איז דאָס שווייגן איבערגעריסן געוואָרן איז ער שוין ווידער געשטאַנען מיט ביידע פיס אויף דער ערד, אפילו הויך אויף דער ערד, אָבער דאָך אויף דער ערד, און ער האָט שוין געענטפערט חוהן אויף אירע פראַגן ווי טיף דאָ איז אין טאַל, אין אפּגרונט, צו קען מען דערהרגעט ווערן ווען מיפאַלט אַרונטער. — ווי אַ שטייגער ווען מיר פאַלן ביידע ארונטער?

— רעד ניט קיין נאַרישקייטן, קום!

חוה איז געגאַנגען און גערעדט וועגן אַן אויטאָמאָביל מיט זעקס מענטשן וואָס איז אַרונטערגעפאַלן אויפן וועג קיין „ביג בער לייק", וועגן „ביג בער לייק" גופא, אַז זי מוז דאָרט זיין. איין קלייניגקייט, מיקריכט אַרויף צען טויזנט פוס הויך, און ערשט דאָרט איז אַ נייע וועלט, מיט א סאַסנאָווען וואַלד, מיט אַן אָזערע. עס מוז דאָרט זיין

זייער שיין, זי מוז פאָרן אַהין. אַהין און אין יאָסעמיטי טאָל. דאָרט איז גאָר אַ וואונדער.

— רעד ניט אַז דו גייסט, — האָט שלום איבערגעריסן, — דערפאַרענע בערג קלעטערער גייען שווייגנדיק. אַז מ׳רעדט פאַר־שלאָגט דער אָטעם. און לאָז מיך גיין אַפריער ווייל דער וועג דאָ איז אַ שווערער.

עס איז שוין געווען די צווייטע העלפט פון וועג, די שווערערע, די עליהס זיינען אַלץ געוואָרן גראַדער און גראַדער, טיילמאָל האָט מען זיך געדאַרפט דראַפּען מיט די הענט, גיין כמעט אויף אַלע פיר, דערצו נאָך האָט מען זיך געמוזט אַלע מאָל פאַרקירעווען, אַ גרייצער וועג, און ביי יעדן קערוו האָט מען געמוזט זיין פאָרזיכטיק. אַ גרייצער וועג וואָס לאָקט און נאַרט, פאַרפירט, אָט איז מען שוין, דוכט זיך, אויפן שפּיץ באַרג, נאָענט — מיטן האַנט צו דערלאַנגען, פאַרקירע־וועט מען זיך, זעט מען עס איז נאָך אַ לאַנגער, לאַנגער וועג. פאַר־קירעווענדיק זיך קערט מען זיך טיילמאָל אָפּ פון דער לבנה, און ווי העל זי זאָל ניט שיינען אויף יענער זייט באַרג, איז אָבער אויף דער זייט פינסטער — די אויגן אַרויסצונעמען, פון טאָל ווייעט דאַן אַ שרעק. אַ נס וואָס ער האָט מיטגענומען אַ שיין וואַרפער.

— לאָז מיך גיין אפריער! — האָט זיך שלום גערוגזט.

— ביזט גאָר קיין זשענטלמאַן. פרויען אַפריער.

— דריי ניט קיין קאָפּ מיט פרויען אַפריער! לאָז מיך גיין פאַר־אויס, דער וועג דאָ איז אַ שמאָלער און אַ שלעכטער און ס׳איז פינסטער.

— הערסט, חכם! ווען דו גייסט אפריער לויכסטו פאָראויס און איך מוז גיין אין דער פינסטער, ווען דו גייסט הינטער מיר און האַלסט דעם שיין וואַרפער אויף אַרונטער איז אי דו זעסט אי איך זע. חכם! — זי האָט זיך אומגעדרייט, אים אַ צופּ געטון ביים נאָז . . .

— פראַווע ניט קיין שטיק. גיי אפריער, אָבער היט זיך ווי דו גייסט.

אַ מאַניאַ ביי די ווייבער, גיין פאָראויס, זיין די ערשטע . . .

מ׳איז געגאַנגען שווייגנדיק, עס האָט זיך געהערט דאָס שווערע אָטעמען, דאָס פאַלן פון אַ בלעטל, דער שאָרך פון זאַמד אין שאַרן זיך,

דער קלאַנג פון אַ שטיינדל וואָס האָט זיך געקוילערט און אַרונטער־געפאַלן.

— וואַרט! דאָ גיי איך אפריער! — האָט שלום אַ זאָג געטון מיט א טאָן פון „ביט פאסיעמו". מיהאָט זיך געדאַרפט פאַרקירעווען און פונקט ביים קערוו איז די ערד געווען אויסגעגעסן, כאָטש זעץ זיך אַנידער און גליטש זיך אַרונטער אין אפגרונט. ביים קערוו איז אַ מאָדנער בוים געוואַקסן. מיט די וואָרצלען אין באַרג, דער באַקעטער שטאָם איבערן טאָל, איז ער געוואַקסן ניט ווערטיקאַל, נאָר האָריזאָנטאל איבערן אפגרונט, אַ מין אנווייזנדיקער ארעם פאַר די גייער: קוקט, וואָס דאָ אונטן טוט זיך! היט זיך! ביים סאמע שפּיץ זיינען געווען עטליכע צווייגן — אַ בינטל פינגער פון אַ דראָענדיקער האַנט: ניט געגאַנגען! שלום האָט זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן וועג און געוואַרט חוה זאָל נאָכקומען. — גיב א האַנט!

איר האַנט אין זיינער, איין פוס אַנגעשפּאַרט אַן דער ערד, האָט זי זיך א צי געטון אַרויף, ווען די ערד אונטער איר פוס איז מיט אַמאָל ווי שיטער געוואָרן, זיך צעגאַנגען אונטער איר שפּיץ שוך און איר גאַנצער קערפּער האָט אַ פאַל געטון צו דער ערד.

אירע הענט האָבן אַ פאַר געטון איבער זיינע קליידער, די פינגער האָבן זיך איינגעקלאַמערט אין די ברעגן פון זיינע הויזן, אים געצויגן, געשלעפּט אויף אַרונטער.

שלום האָט פאַרלאָרן דאָס גלייכגעוויכט, געפאַלן אויפן רוקן און ווי אַ זאַק מעל פון אַ ברעט אַרונטער האָט ער זיך גענומען גליטשן אויף אַרונטער, חוה הייגענדיק אויף זיינע ביידע פיס, מער ניט, די צוויי אויערן פונעם פאַרנייטן זאַק — זיינע הענט — האָבן געפּאַכעט אין דער לופטן, און, אַנקלאַפּנדיק זיך אַן דעם משונהדיק וואַקסנדיקן בוים, האָבן די הענט אַרומגעכאַפּט דעם שטאַם.

אַ רייף אַרום אַן עמער איז ניט אַזוי שטייף אַנגעצויגן ווי זיינע הענט אַרום שטאַם, און דער פינגער שלאָס איז אַזוי פאַרניטעוועט אַז פינגער פון הענט ניט אפּצוטיילן, אָבער די משא אַרום זיינע פיס ציט מיט אַן איבערמענטשליכן כח אויף אַרונטער. ער האָט געפילט אַ ווינט שטייט אים אין האַלז, לאָזט ניט אַרויסגעבן אַ קלאַנג, אויף זיין קערפּער האָט דער שווייס געגליוועט.

— ה ־ ע ־ ל ־ ף ! — האָט ער אַרויסגעכריפּעט.

די נאַכט שטילקייט האָט א ציטער געטון, זיך אַ וויג געטון, אַ ביסל זאמד האָט זיך א שאָט געטון און עס האָט געקלונגען ווי אַ גאַנצער באַרג וואָלט זיך אַרונטערגעשאָטן, און באַלד איז די שטילקייט ווידער געבליבן הייגען, א שטילקייט מיט דער האַנט אנצוטאפּן. ער האָט געפּרובט זיך ציען אויף אַרויף, זיין קאָפּ האָט געציטערט פון אנשטריינגונג, די אָדערן האָט ער געפילט וואַרפן זיך, באַלד נאָך דער אנשטריינגונג איז געקומען אַ נאכלאָז, די אדערן האָבן זיך איינגעלייגט, דער פינגער שלאָס אַרום בוים, האָט ער געפילט, הויבט זיך אָן פאנאנדעררוקן. ער האָט פאַרשטייפט די פינגער און מיט זיין גאַנצן כח אַריינגעשריען אין דער נאַכט אַריין: ה ־ ע ־ ל ־ ף !

דער געשריי האָט בליצארטיק צעשפּאלטן די שטילקייט, אָבער באַלד האָט זי זיך ווידער פאַרצויגן ניט צולאזנדיק קיין ענטפער.

שלום האָט פאַרנומען די שטילקייט נאָכן געשריי און זי האָט אים געעגבערט אין די אויערן. שטיל. קיינער ענטפערט ניט. ער האָט געפילט אַז מיט דעם געשריי „העלף" האָט ער אויסגעשריען זיין לעצטע האָפענונג, זיין לעצטן כח. די האַלבע רייף אַרום בוים ווערט לויזער און ער קען בשום אופן ניט אַרויפציען זיין קערפער וועלכער איז איצט, מיט חוהן אויף זיינע פּיס, צוויי מאָן די הויך, און דער צווייטער מענטש פּרובט אויך זיך ציען אַרויף און . . . שלעפּט אַרונטער . . .

— וואַרף זיך נישט! — האָט ער געשריען צו איר און ניט געוווּן זיכער צו האָט זי אים געהערט. מיט יעדן ריר אירן, האָט ער געפילט, זיין גריף אַרום בוים ווערט שוואַכער. ער פילט שוין ניט קיין ווייטיק אין די פינגער, פילט ניט די פינגער גופא, נאָך אַ ביסל און ער וועט אפילו ניט פילן אויב די פינגער זאָלן זיך אפטיילן פון די הענט, דער שלאָס זאל זיך עפענען. די שפּיצן פינגער וואָס האָבן זיך איינגעעסן אין די גריבלעך אויף די הענט, פאַרשליסנדיק דעם גריף אַרום דעם בוים, האָט ער דערפילט, טיילן זיך אָפּ פון די הענט, די פינגער — שטייפע שטעקלעך, באַלד וועלן זיך די שטעקלעך אַ שאַר טון איינער אַן צווייטן און זיך פאנאנדערגיין. נאָר ניט אָפּלאָזן! ווען ער קען זיך אַ ציי טון אַרויף, כאָטש זיך אַ רוק טון, איבעררוקן די הענט אויף אַ

נייעם אָרט. אפשר פאַרשטייפן די פאַראַרעמס. נײַן, מיט די אָרעמס אַרומכאַפּן דעם בוים, דאָ, דאָ . . . .

— חוה! האַלט זיך!

קאַנוואולסיוו ציטערנדיק מיטן גאַנצן קערפּער האָט ער זיך ווי אַ שטויס געטון אויף אַרויף, אַרומגעכאַפּט דעם בוים מיט די אָרעמס אַזש די ברוסט האָט זיך צוגעשפּאַרט צום בוים. אַט אַזוי, און די פיס? אַזוי לייכט?

חוה . . . זי איז . . . דאָס האָט ער . . . ער . . .

פון אָפּגרונט איז ניט געקומען קיין קלאַנג. שווידערליכע שטילקייט. זי איז . . .

ער האָט דערפילט זיינע אָרעמס ווערן לויזער, זיין פּנים רייבט זיך אָן בוים. אַ דריק די אָרעמס צום שטאַם. דער קערפּער האָט זיך אַ וויג געטון, די פרייע פיס האָבן זיך אַ הויב געטון, אַרומגעכאַפּט דעם בוים. מיט „פיר הענט" האָט ער זיך שוין איינגעקלאַמערט אין בוים, בלויז דער בויך איז געהאנגען לויז, אָפּגעטיילט פון בוים.

אַ ווײַלע איז ער געהאנגען ווי אַ מאַלפּע, באַלד האָט ער זיך איבערגעדרייט און, קריכנדיק מיטן בויך איבערן שטאַם, זיך דער־צויגן ביזן באַרג און געבליבן ליגן באַלכסון איבערן שמאָלן וועג, מיטן פּנים צו דער ערד, זיינע שפּיץ שיך אנרירנדיק דעם ראַנד פון באַרג. זאַמד און קליינע שטיינדלעך האָבן זיך אַ שאָט געטון. שטיל . . .

דאָס האָט זי אָפּגעלאָזט זיינע פיס . . .

יאָ, זי האָט אָפּגעלאָזט . . .

זי האָט זיך געריסן גיין . . . ער האָט ניט געוואָלט . . . זי האָט גערעדט וועגן אַרונטערפאַלן . . . זי . . .

שלום שוואַרץ איז אינגאַנצן פינף און דרייסיק יאָר אַלט, און די האָר פון זיין קאָפּ זיינען ווייס ווי די האָר ביי אַ ווייסן פּודעל נאָר וואָס אויסגעוואַשן, אַ מעל ווייסקייט. אין עפנטליכע פּלעצער, רעסטאָראַן אָדער טעאַטער, ווערט זיין קאָפּ אַן אויפמערקזאַמקייט פּונקט. אייניקע פּרויען באַגייען אפילו דעם פאַרברעכן קעגן דער עטיקעט און דרייען אויס דעם קאָפּ אַ קוק טון אויף אים. ביי אַזאַ געלעגנהייט האָט ער שוין געהערט איין פרוי אַ זאָג טון מיט אַ זיפץ: אַ יונג האַרץ און אַן

אַלטער קאָפּ. ער האָט אַ קוק געטון אויף דער פּרוי, זי האָט אים גע־שיינקט אַ „סימפּאַטיע" שמייכל, ער איז ניט געבליבן שולדיק . . .

שלום שוואַרץ קלעטערט מער ניט אויף בערג. ווען ער קוקט אַרונטער, אפילו בלויז פון צווייטן שטאָק, נעמט אים שווינדלען אין די אויגן. געטוג רעזאָרט פּלעצער זיינען אָבער צעוואָרפן אין די גרינע טאלן, ביי די ים ברעגן, און פון צייט צו צייט באַווייזט זיך דאָרט שלום שוואַרץ, אמאָל מיט אַ בלאנדער, אמאָל מיט אַ ברונעטער.

דאָס האַרץ איז יונג . . .



# זיין לינקע געליבטע

— פייגעלע מיינס, וואָס ווילסטו? ווילסט עפּעס? קעצעלע מיינס! וואָס איז דיר? מיר זאָל זיין פאַר דיר. עזרא! עזרא! שאַ, פייגעלע, שאַ, אָט קומט דער פּאַפּאַ. עזרא! קום אַהער!

פּראָפעסאָר עזרא גאַרפינקל האָט געהערט זיין ווייבס רוף און ניט געהערט. אויערן און קאָפּ האָבן ווי אומאָפּהייננגיק געאַרבעט, דער ווייבס רוף האָט זיך דערטראָגן צו די אויערן, דער „קאָפּ" האָט רעגיסטרירט, ער האָט אָבער ניט רעאַגירט, ער איז ווייטער אנגע־גאַנגען מיט זיין אַרבעט — צוגרייטן זיין לעקציע „די נייע שטרע־מונגען אין דער טעאָרעטישער פיזיק און זייער ווירקונג אויף דער פילאָזאָפיע". ווען דער רוף האָט זיך איבערגעחזרט, האָט פּראָפעסאָר גאַרפינקל אַ לייג געטון די פּען, זיך אויפגעהויבן, שוין געוואָלט גיין צו דער ווייב, די אויגן זיינען אָבער געבליבן רוען אויפן פּאַפּיר און, איבערגעבויגן איבערן שרייב טיש, איז ער געשטאַנען, געקוקט, די פּיס אין א דעליקאַטן באַלאַנס, אָט גייען זיי אַוועק פון טיש, אָט בלייבן זיי דאָרט. א דריטער רוף פון דער פרוי האָט איבערגעוואויגן, פּראָ־פעסאָר גאַרפינקל איז אַרויס פון זיין קאַבינעט, זיך געלאָזט אין קינ־דערישן צימער, פון וואַנען דער פרויס שטימע איז געקומען.

— וואָס האָט עס דיר גענומען אַזוי לאַנג? דאָס קינד איז פאַרביי!

— גענומען טעמפּעראַטור?

— וואָס׳ער טעמפּעראַטור? זעסט ניט? דאָס קינד ברענט! ער דערקענט דאָך מיך ניט!

פראָפעסאָר גאַרפינקל האָט אַרונטערגעקלאַפּט דעם טערמאָמע־טער, אַריינגעשטעקט אים דעם קינד אין מויל, א קוק געטון אויף זיין פרוי. — רופן דעם דאָקטאָר?

— דאָך געווען אינדערפרי.

פראָפעסאָר גאַרפינקל האָט זיך געכאַפּט ער האָט פאַרגעסן אַז דער דאָקטאָר איז געווען, זיך עטוואָס פארשעמט און, צו פאַרגלעטן זיין פאַרגעסן, האָט ער אַ זאָג געטון — דאָך אינדערפרי. איצטער. לאָמיר זען. — ער האָט א דריי געטון דעם טערמאָמעטער. — גאַנץ הויך. אפשר גאָר נעמען אין שפּיטאל?

— אין שפּיטאל!

— נו יאָ, אין שפּיטאל קען מען אפשר מער טון, בעסער אכטונג געבן.

— בעסער אַכטונג געבן!

פאַר אַט דער באַליידיקונג וואָלט זי אים, זי ווייסט אַליין ניט וואָס. פראָפעסאָר גאַרפינקל האָט דייטליך געזען זי איז אויפגעבראַכט.

— איך מיין דאָרטן וואָלט מען אפשר געקענט טון עפּעס מער, אונטערזוכן . . .

— איך וועל אים ניט לאָזן נעמען אין ערגעץ, — האָט די מוטער ענערגיש אַרויסגעזאָגט און גענומען פאַרריכטן דאָס קאָלדרעלע איבערן קינד, אַרונטערשטעקן עס אונטער די זייטלעך, באַוואָרענען קיינער זאָל אים ניט נעמען, ניט רירן פון בעט.

— אויב אַזוי, דאַרף מען רופן דעם דאָקטאָר. די טעמפּעראַטור געפעלט מיר ניט.

— טעמפּעראַטור. אַלץ וואָס ער ווייסט איז טעמפּעראַטור. דאָס קינד גייט אויס, און ער — טעמפּעראַטור.

זי איז דאָך געגאַנגען רופן דעם דאָקטאָר.

דער דאָקטאָר, אַ הויז פריינד, האָט זיך באַגריסט מיט פּראָ־פעסאָר גאַרפינקל פריינטליך, דאָך ניט אָן דרך ארץ, מיט דער פרוי גאַרפינקל האָט ער זיך באַגריסט היימיש.

— פירט זיך אויף ניט גוט דער בחור, האַ? נו, מירין אַ קוק טון. יאָ, לאָמיך אַ קוק טון אויף אים.

דאָקטאָר ווייסקאָפּ האָט א צי געטון דאָס קאָלדרעלע, א קוק געטון

אויפֿן איינגל, אַ נעם געטון זײַן האַנט, פּולס. דאָס קינד האָט אַ דרײַ געטון דעם קאָפּ, געברומט עפּעס אומפֿאַרשטענדליכעס.

— הם . . . — האָט דער דאָקטאָר אַ ברום געטון, אַ הויב געטון דאָס קאָלדרעלע, צוגעדעקט דאָס קינד און זיך אומגעדרייט צו די עלטערן, זייַנע אויגן שפּרינגענדיק פֿון דער מוטער צום פֿאָטער.

— אפֿשר נעמען אין שפּיטאָל? — האָט פּראָפֿעסאָר גאַרפֿינקל אַ זאָג געטון.

— אין שפּיטאָל? — האָט דאָקטאָר ווייסקאָפּ איבערגעפֿרעגט און אַ גלעט געטון איין וואַנצע.

— איך וועל אים ניט לאָזן נעמען אין ערגעץ. האָט זיך אַרייַנ־געגומען אין קאָפּ — שפּיטאָל! — האָט די פֿרוי זיך אַרייַנגעמישט, ווי פֿאַרקלאָגנדיק איר מאַן פֿאַרן ריכטער־דאָקטאָר.

— נו, איך ווייס ניט, — האָט דער דאָקטאָר געצויגן די ווערטער.

— איך וואָלט געזאָגט צוואוואַרטן. צוואוואַרטן ביז מאָרגן אינדערפֿרי. זען מאָרגן.

— אָבער ביז מאָרגן, דאָקטאָר! דאָס קינד איז אַזוי . . . עס ברענט ממש. קענט איר ניט געבן עפּעס אַרונטערקלאַפּן די היץ? וואָס איז אים? זאָגט מיר דעם אמת! ער איז דאָך שוין געווען כמעט ווי געזונט, און פֿון נעכטן אָן איז דאָס קינד ניט צו דערקענען.

— יאָ, יאָ, — האָט דאָקטאָר ווייסקאָפּ צוגעבאַמקעט, — דער בחור פֿירט זיך אויף זייער ניט שיין. איז אומרואיק, ניין? וואַרפֿט זיך? איכ'ל אים עפּעס געבן. פֿאַרשרייבן. — ער האָט אַ טאַפּ געטון די אויבערשטע קעשענע. — ווידער פֿאַרלאָרן די שפּריץ פֿעדער. פֿאַר־געסן מסתם. איר האָט אַ פֿען? אין קאַבינעט? גוט, מירן אַרייַנגיין אַהין.

פּראָפֿעסאָר גאַרפֿינקל האָט א שאר געטון די פּאַפּירן אויפֿן טיש, אַ לייג געטון א פֿען. דער דאָקטאָר האָט אַ הויב געטון די פֿען, אָט טונקט ער זי איין, אָבער אנשטאט איינצוטונקען, האָט ער זי אַוועק־געלייגט. — פּראָפֿעסאָר! עס טוט מיר לייד. איך קען גאָרניט טון פֿאַרן קינד. — זייַנע אויגן האָבן אויסגעהאַלטן דעם פּראָפֿעסאָרס פֿרעגנדיקן קוק.

— ניט איך, ניט ווער עס איז קען עפּעס טון, סיידן אַ נס, און . . . מיר גלויבן דאָך ניט אין נסים. דאָס זייַנען די לעצטע שטונדן . . .

איר זייט אַ פּאַטער. זייט שטאַרק. דער מוטער צוליב עפּעס פאַרשרייבן.

דער דאָקטאָר האָט אַ דראַקע געטון אַ „רעצעפּט", עטוואָס פאַרשעמט עס דערלאַנגט פּראָפעסאָר גאָרפינקל. שווייגנדיק האָבן זיך ביידע געלאָזט אין קינדער צימער.

— איך האָב פאַרשריבן עפּעס פון זיינעטוועגן, — האָט דער דאָקטאָר פּראָפעסיאָנעל גערעדט, — דאָס וועט אים באַרואיקן. יאָ, דאָס וועט אים באַרואיקן. אין פאַל ער וועט זיין אומרואיק, לאָזט מיר וויסן. יאָ, איר קענט מיר אנקלינגען צו יעדער צייט. אַ דאָקטאָר איז שוין געוואוינט דערצו, אָבער איך דיינק איריט עס ניט דאַרפן. עריט איבערשלאָפן די נאַכט. דאַן וועלן מיר זען.

ריידנדיק, האָט דער דאָקטאָר א וויג געטון דאָס רענצעלע אין דער לינקער האַנט, די רעכטע האָט ער אויסגעשטרעקט צו דער פרוי גאָרפינקל. — אַ גוטן, ניט געזאָרגט. עריט זיין רואיק. אָבער איר וואָלט געדאַרפט א ביסל רו אויך. פּראָפעסאָר! איריט שוין זען זי זאָל קריגן אַ ביסל רו די נאַכט, ניט אַזוי?

— יאָ, יאָ, — האָט פּראָפעסאָר גאָרפינקל אַ שאַר געטון די האָר.

— וואַרט, דאָקטאָר, איך גיי מיט אייך. צוגיין אין אפּטייק.

— יאָ, אַזוי איז עס, — האָט דער דאָקטאָר, מיר ניט, דיר ניט, אַרויסגעזאָגט ביי דער טיר שוין. — א גוטן, — האָט ער צוגעוואָרפן און זיך אַרויסגעכאַפּט אויף יענער זייט טיר. דער פּראָפעסאָר איז אים נאָכגעגאַנגען.

ביי זיין אַריינקומען פון גאַס האָט דער פּראָפעסאָר גלייך דער־לאַנגט דאָס שאַכטעלע פּילן, אָט ווי ער וואָלט עס די גאַנצע וועג געהאַט געטראָגן אין זיין אויסגעשטרעקטער האַנט, גרייט צו דערלאַנגען.

— דאָ זיינען די פּילן. ער האָט איינגעדרימלט? גוט, זאָל ער שלאָפן. דו מעגסט אויך גיין זיך צושפּארן. איכ׳ל זיצן דאָ.

— וואָס האָט ער געזאָגט? — האָט די פרוי אומרואיק אַ זאָג געטון און אנגעשטעלט די אויגן אויף איר מאַן.

— האָסט׳אך געהערט, — האָט ער ברוגזליך געענטפערט.

— איך מיין וואָס האָט ער ד י ר געזאָגט?

— גאָרניט. וואָס האָט ער געהאַט מיר צו זאָגן? דאָס איז דער קורס פון דער קראַנקהייט. גיי לייג זיך צו, גיי!

— דער קורס פון דער קראנקהייט, — האָט די פרוי איבער־גערעדט און מיסטעריעז א קוק געטון אויף איר מאַן. — אוי די דאָקטוירים . . .

— גיי, לייג זיך צו!

— און דו?

— איכ׳ל זיצן דאָ. איך בין ניט שלעפעריק. גיי שפּאר זיך צו.

— עריט עפּעס ווען זאלסטו מיך רופן.

— דיך רופן. דיך רופן. גיי.

זי איז צוגעגאנגען צום קינדס בעט, האָט א שאר געטון אַ פּאָר האָר פון קינדס שטערן, אַרויפגעצויגן דאָס קאלדרעלע און איז אַרויסגעגאנ־גען פון צימער.

שטיל. אַזוי שטיל אז פּראָפעסאָר גאַרפינקל האָט דערזען ווי דאָס איינציקע עלעקטרישע לעמפל — אַ פייערדיק אויג — האָט געשריען — זעסט? ער האָט מיט שרעק אַ קוק געטון אויפן קינד. „מעניגזשאיטיס. מעניגזשאַיטיס", האָט ער געהערט און אים האָט געוואונדערט וואָס ער זעט ניט אויפן קינדס פּנים אָט די מעניגזשאיטיס, דעם . . . טויט. ער האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ פון קינדס בעט און דערפילט ווי די שטילקייט, נאר וואָס צעשפּאלטן פונם לעמפל, פון זיין קוק, האָט זיך ווידער פאַרצויגן. אַ דינע שטילקייט האָט אנגעפילט דעם צימער, אָט אָט שטויסט זי אַרויס די ליכט פונם קליינעם לעמפל, שלינגט זי איין. פּראָפעסאָר גאַרפינקל האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ, דערפילט די שטיל־קייט איז צעוויגט געוואָרן, זיינע אויגן האָבן ווי געזוכט די שטילקייט כוואַליעס. שטילקייט. וויפיל מאָל האָט ער שוין גע פ י ל ט שטיל־קייט. אין די נעכט, צי דאָס איז געווען אין אַן אסטראנאמישער אבזערוואטאָריע, צי אין א פיזיקאלישער לאבאָראטאָריע, אָדער גאָר ביי זיך אין קאבינעט, האָט ער מיט אמאָל דערפילט די שטילקייט, און אָט די שטילקייט האָט אַלע מאָל געהאט אין זיך עפּעס סודות־דיקס, ער וואָלט זאָגן שרעקנהאפּטיקס — דאָס קליינע באשעפענישל מענטש אינם ריזיקן קאסמאס. אָט די מיסטעריעזע שטילקייט, ווען ער האָט זי דערפילט — א שפּליטער פון סעקונדע — האָט אים יעדעס מאָל אַריינגעבראַכט אין דער שטימונג וואָס מענטשן רופן געוויינליך אַן רעליגיע, מיהאָט שוין אפילו אויסגעטראַכט אויף אים אַז ער איז

רעליגיעז, די איצטיקע שטילקייט אָבער עפּעס אַן אַנדערע. אַזוי שטיל ווי אין אַ ברונעם, אַ פאַרדעכטיקע שטילקייט, דאָ וואַסער, דאָ באַוועגונג, און דאָך שטיל. שטיל, און דאָס קינד . . .

דאָס קינד האָט זיך אַ דריי געטון. פּראָפעסאָר גאָרפינקלס קאָפּ האָט זיך אויך אַ דריי געטון, ער האָט דערפילט אַ גערודער אין זיין קערפּער, גרייט אויפצושפּרינגען. דאָס קינד האָט זיך צוריק איינגעלייגט, בלויז איין הענטל האָט זיך אַרויסגעצויגן איבער דער קאָלדרע, די ליפּן האָבן עפּעס געמורמלט.

פּראָפעסאָר גאָרפינקל האָט זיך אויפגעהויבן, אַריבערגעצויגן דאָס קאָלדרעלע איבערן הענטל, זיך איינגעקוקט אין קינדס פּנימל, דערפילט אַ דראַנג אַ קוש צו טון דאָס פּנימל און דאָך זיך צוריקגעצויגן, הינטערווייליעכס זיך צוריק אַרונטערגעלאָזט אויפן שטול און מיט ברייט געעפנטע אויגן אַ קוק געטון אויפן קינד. — און עס שטאַרבט! — האָט אים אַ קלאַפּ געטון אין קאָפּ. — עס שטאַרבט! זיין קינד! זיין דאַני! דניאל! — האָט זיך געריסן אַ געשריי, זיך אָבער ניט אַרויסגעריסן, און דער געצאַמטער געשריי האָט צעטרייסלט זיין קערפּער. פּראָפעסאָר גאָרפינקל האָט אַ שאַר געטון זיינע געדיכטע, צעשויבערטע האָר, אַ שאַר געטון איין מאָל, צוויי מאָל, און זיך אַ הויב געטון פון ביינקל. ער האָט געמאַכט אַ פּאָר טריט, זיך איינגעהערט. ער'ט נאָך אויפוועקן עטלעך. זאָל זי שלאָפן, זאָל זי ניט . . .

ער האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט אויפן ביינקל ביים בעט. ווידער האָט ער דערפילט ווי די שטילקייט קלייבט זיך, קלייבט זיך אַרום אים, אָט גרייכט זי ביז זיינע קני, זיין ברוסט, זיין . . . קאָפּ. ניין, דער קאָפּ בלייבט דרויסן. שטיל. שטילקייט — אַפּוועזנהייט פון קלאַנג כוואַליעס, דערטראָגן זיך ניט, דאָך פילט מען די שטילקייט גופא, אפשר איז שטילקייט אַ מין עטהער אין וועלכן קלאַנגען כוואַליעס טראָגן זיך? אָפּגעשאַפט דעם עטהער. ניטאָ קיין עטהער, קיין מאַטעריע, קיין זאַך ניטאָ, און וואָס בלייבט? ענערגיע. אפילו דאָס אויך ניט. „כוואַליעס פון וואַרשיינליכקייט" . . . וואַרשיינליכקייט,

ניט באַשטימטקייט. אָבער אַן באַשטימטקייט איז ניטאָ קיין וויסנ־שאַפט, און אויך דער באַשטימטקייט האָט מען זיך עס פאַרלייגט — פּלאַנק, הייסענבערג . . .

דאָס קינד האָט זיך אַ הויב געטון, די ברוסט האָט זיך אַ שטרעק געטון פאַראויס, דאַן איז דער רוקן צוריקגעפאַלן, די הענט האָבן מאַכט־לאָז נאָכגעלאָזט.

פּראָפעסאָר גאַרפינקל האָט זיך אַ בויג געטון צום בעט, פאַרנומען דעם טויט כארכל אין קינדס האַלז, ברוסט, דערפילט ווי אים, גופא שטיקט עפּעס, געזען ווי דעם קינדס קערפּער האָט זיך אַ שטרעק געטון, און דערזען — טויט.

פּראָפעסאָר גאַרפינקל האָט זיך א צי געטון אויף צוריק, די האַנט פלאַכן האָבן פאַרדעקט דעם פּנים, די הענט האָבן שווער אַפּגעווישט דעם פּנים, איין האַנט האָט אַ רייב געטון די צווייטע, די אויגן האָבן לאַנג געקוקט אויפן פאַרשטאַרטן פּנים. ווי דער פּנים האָט זיך עס געענדערט! פּראָפעסאָר גאַרפינקל האָט זיך אויפגעהויבן, זיך איבער־געבויגן איבערן בעט, איין האַנט האָט אַ שאַר געטון דעם קינדס שטערן, איין פינגער האָט געגלעט די אויגן לעדלעך. דער קאָפּ האָט זיך גע־וויגט: פאַרמאַכט. די אויגן פאַרמאַכט. ווערן זיך שוין ניט עפענען. ער האָט אַ נעם געטון דאָס קאָלדרעלע, עס אָפּגעצויגן פון קערפּער, זיך געיישובט: איבערדעקן איבערן פּנים? ער האָט אַפּגעלאָזט דאָס קאָלדרעלע, אויסגעגלייכט דעם קינדס הענטלעך, דאַן אים צוגעדעקט ביזן האַלז בלויז, א קוק געטון און אָפּגעגאַנגען פון בעט.

— דניאל. דאַני. דאַני. טויט. טויט, — האָט געקלאַפּט אין קאָפּ הילכיקער ווי זיינע טריט, וואָס זיינען איינגעזאַפּט געוואָרן אין טעפּיך.

— טויט. טויט. לעבן. שטאַרבן. הונדערטער, טויזנטער דורות גע־שטאָרבענע. ווי פאַרגייענגליך דער מענטש. *„כציץ יצא וימל . . . יש

---

* ווי אַ בלום קומט ער אַרויס און ווערט פאַרשניטן . . . פאַר אַ בוים איז דאָ אַ האָפענונג . . . ווען זיין וואָרצל אין דער ערד ווערט אַלט . . . בלים ער אויף און לאָזט אַרויס ריטלעך ווי אַ פלאַנצונג, אָבער אַ מענטש שטאַרבט און פאַלט אַוועק, און פאַרגאַנגען דער מענטש, און וואו איז ער?

לעץ תקוה . . . אם יזקין בארץ שרשו . . . יפרח ועשה קציר כמו נטע, וגבר ימות ויחלש, ויגוע אדם ואיו". אפילו ווען די בוימער שטאַרבן, דאָ אין דער ערד פּלאַסטן קוילן, אויך דאָ קוואַלן אויל, קיין שיכט מענטשהייט געפינט מען ניט. אַ פּאָר עגיפּטישע מומיעס, דאָ און דאָרט א ביין, ווייטער גאָרניט. אַלץ וואָס בלייבט, וואָס געבליבן ביז אַהער — אַ מאַטעמאַטישע פאָרמולאַ, אַ פילאָזאָפישער געדאַנק, אַ בילד, א סטאַטוע, חוץ דעם — גאָרניט. טויט. און דאָך, וועלט בלייבט וועלט. אָבער וואָס פאַר אַ שייכות האָט די וועלט מיט דניאלן, דאני, זעקס יאָר אַלט? זעקס יאָר. די טעג האָט געדאַרפט זיין דער געבורטס־טאָג, איבערמאָרגן דוכט זיך, און איצט . . .

ער איז געבליבן שטיין, זיך איינגעקוקט אינעם קינד, זיך איינ־געהערט. דערהערט א גערודער, האָט ער זיך א דריי געטון מיטן פּנים צו דער טיר. א געפּיל פון שרעק האָט אים אַרומגעכאַפּט. שרעק פאַר זיין ווייב.

זי האָט זיך אַריינגעריסן ווי אַ ווינט. מיט א ווינט פאַרכאַפּטן אָטעם האָט זי אַרויסגעכריפּעט א געשריי — דניאל! דאָס קינד! וואָס איז מיטן קינד?

איר געשריי — א שטורעם, איר קוק — אַ בליץ. פּראָפעסאָר גאָרפינקל האָט זיך אַ צי געטון אויף צוריק, לאָזנדיק איר פריי דעם וועג צום קינדס בעט. דערזען ווי זי איז צוגעפאַלן צום קינד, האָט ער חרטה געקראָגן פאַר דערלאָזן זי צום בעט, אַ קנייטש געטון מיט די אַקסלען — פאַרפאַלן, און צוגעגאַנגען צום בעט, אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף איר קאָפּ, איר רוקן.

— פאַרוואָס האָסטו מיך ניט אויפגעוועקט? פאַרוואָס האָסטו מיך ניט גערופן? — האָט זי זיך אַ דריי געטון צו אים.

אויף דעם האָט ער זיך ניט געריכט.

— איך . . . איך . . .

— איך . . . איך . . . — האָט זי אים איבערגעקרומט און אַ וויינענדיקע צוגעפאַלן צוריק צום קינד. — דאני! דאני!

ער האָט איר געלאָזט זיך אויסוויינען, דאַן גענומען גלעטן אירע האָר, גלעטנדיק זי אפּגעצויגן פּאמעליך פון קינד, זי אוועקגעזעצט.

— דאני, — האָט זי שטיל איבערגעחזרט צום וויפילטן מאָל,

— מיין דאני, — און איר קאָפּ האָט זיך צוגעטוליעט צו איר מאַנס ברוסט. ער האָט געגלעט די האָר און שטיל גערעדט. — ער האָט געהאַט אַ רואיקע ענדע. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, אַז ווי ער וואָלט געוואָלט זיך אויפזעצן, דאַן זיך צוריקגעלייגט, און דאָס איז געווען דער סוף. ער האָט ניט געליטן. ניין, ער האָט ניט געליטן, — האָט דער פּראָ־פעסאָר פאַרזיכערט זיין פרוי, זיך.

— אָבער פאַרוואָס האָסטו מיך ניט גערופן? — האָט זי אַ ריס געטון איר קאָפּ, מיט פאַרוואורף אנגעקוקט איר מאַן.

פּראָפעסאָר גאַרפינקל האָט אַ שאַר געטון די האָר, פאַרלעגן אַרויסגעבראַכט — געדאַרפט געווען רופן. יאָ, געדאַרפט געווען רופן. אָבער פאַרפאַלן. אַזוי איז עס. איצטער . . .

— איך בלייב דאָ. מיט אים.

— וואָלסט בעסער געגאַנגען שלאָפן.

— איך בלייב דאָ!

איר טאָן — רעד ניט מער! איך האָב געזאָגט און אַזוי וועט עס זיין. ער האָט מער גאָרניט געזאָגט. ער האָט דערפילט ער האָט ניט וואָס צו זאָגן, האָט אפילו ניט וואָס צו טון דאָ אין צימער. ניט זאָגנדיק גאָרניט, האָט ער שטילערהייד פאַרלאָזט דעם קינדס צימער — זיך געלאָזט צו זיך אין קאבינעט.

די ביכער אויפן טיש האָבן זיך געבערגלט פאַר זיינע אויגן, ער האָט זיי אָבער ניט אַריינגענומען, די פּאַפּירן האָבן זיך געוויסט, געלאָזט וויסן: מיר וואַרטן. ער האָט אַ פינגער געטון אַ בלעטל פּאַפּיר, עס צוריק אַוועקגעלייגט, א שאַר געטון די האָר און גענומען אַרומגיין.

„די אלגעמיינע געזעצן, אויף וועלכע די געביידע פון דער טעאָרע־טישער פיזיק איז געגרינדעט, זיינען גילטיק פאַר יעדער נאטור דער־שיינונג", ריכטיק. און טויט איז אויך אַ נאטור דערשיינונג. דאניס טויט אויך, די קאוזאליטעט, די דירעקטע אורזאַך איז לייכט צו געפינען, דאָקטאָר ווייסקאָפּ, אין זיין טויטן צעטל, וועט זי אנגעבן. אָבער ווי איז אָט דער טויט דעטערמינירט געוואָרן? זעקס יאָר. איבערמאָרגן זיין געבורטסטאָג, און . . . טויט. דאני — א יאָריק קינד וואָס פּויזעט אַרום; דאני א צוויי יאָריק קינד, וואָס פלעכט אַריין די פינגערלעך אין טאטנס האָר און רייסט זיי, רייסט זיי ביז ווייטיק; (ער האָט אַ שאַר

געטון די האָר) דניאל א דריי יאָריק אינגל, א שטיפער; דניאל א פינף יאָריק קינד, וואָס גייט שוין אין קינדערגאַרטן, „לערנט" שוין — ווי שטאָלץ ער איז געווען! — און דניאל אַ זעקס יאָריקער — טויט. טויט — די אייביקע רעטעניש. ניין, ניט קיין רעטעניש. דאָס וואָרט רעטע־ניש שמעקט מיט טרעפן, און די וויסנשאַפט מיינט — וויסן, זיך דערוויסן. אַ מיסטעריע? ניט מער ווי דאָס לעבן. און לעבן? „אינעם פויזען פון א קינד איז דאָ אַזוי פיל וואונדער ווי אין דעם לויפן פון אַ פלאַנעט", און דער פלאַנעט? מאלעקולן, אטאָמען, פראטאנען, פאזיטראָנען, ניוטראָנען, קוואנטא . . . און דאני. קען מען איבער־טראָגן די פיזישע געזעצן אויף . . . דאנין? מאטעמאטישע פארמולעס און אַ קינד. א קינד. א וואויל אינגל. אים ליב געהאט. יאָ, אים ליב געהאט אפילו ווען ער האָט זיך אַריינגעריסן אין קאבינעט, אים געריסן פאַר די האָר ווען ער האָט געהאַלטן אינמיטן אַרבעטן.

— וואָס טוסטו, פאַ?

— איך . . . זוך . . .

— וואָס זוכסטו?

— איך זוך . . . די וועלט.

ער האָט געשטוינט, ניט פאַרשטאנען און געלאַכט. און וויפיל מענטשן, דערוואַקסענע, פאַרשטייען יאָ? „דער מענטש פאַר זיך איז ניט קיין קעגנשטאַנד פאַר דער פילאָזאָפיע, ער איז בלויז וויכטיק אַלס אַן אינסטרומענט דורך וועלכן מ׳דערוויסט זיך וועגן דער וועלט". דער מענטש איז דער שפיגל פון דער נאטור אין וועלכן זי קוקט זיך אַליין אָן. „אַזוי לאַנג ווי מיר זיינען פאַראינטערעסירט אין דער וועלט בלויז אויף וויפיל זי ווירקט אויף מענטשן זיינען מיר ניט אין דער ריכטיקער פילאָזאָפישער שטימונג. דער פילאָזאָפישער גייסט פאָדערט זיין אינטערעסירט אין דער וועלט פאַר זיך." דאָס איז ריכטיק. דער מענטש איז נאָך אַלץ דער „אויסלענדער" אין דער נאטור, סטארטשעט אַרויס, אָט ווי די געזעצן וואָלטן ניט חל געווען אויף אים. און טאקע, קען מען רעדן וועגן געזעצן פאַר אים, ווען ער איז נאָך ניט אויס־געמאָסטן, ניט אפגעוואויגן? אַ לקוי חמה, א לקוי לבנה קען מען פאָראויסזאָגן, אָבער א לקוי אדם?

. . . און אַז איריט שוין האָבן אויסגעאַרבעט די „טאבליטשקע"

. . . וועט קומען צוגיין אַ פאַרשווין מיט אַ רעטראגראדער (יאָ, דאָס וואָרט געדיינקט ער זייער גוט) אפּלאכערישער פיזיאָגנאָמיע און וועט א זאָג טון: וואָס דיינקט איר, רבותי, מכח גאָר אַ שטופּ טון מיט איין מאָל אָט די גאנצע שכלדיגקייט? אַ שטופּ טון אינגאַנצן, מיטן פוס, מיט דעם איינציקן צוועק אַז אָט די אַלע לאגאריטהמען זאָלן גיין צום טייוול און מיר זאָלן אַלע ווייטער לעבן מיט אונזער נאַרישן ווילן? . . . צוויי מאָל צוויי איז פיר אָן מיין ווילן, איך קען וועלן אַז צוויי מאָל צוויי זאָל זיין פינף".

ווי לאַנג שוין אַז ער האָט עס געלייענט? אָבער ער געדיינקט עס. ווען ער האָט עס געלייענט, געוועזן יונג, האָט עס אים אַ בליץ געטון פאַר די אויגן. אַ גענים־אַלער שרייבער דער דאָסטאָיעווסקי, האָט געקענט דעם מענטשן, האָט אָבער ניט געקענט קיין פיזיק. . . . און דערווייל שטייט נאָך איין דער מענטש ניט ביי די פיזיקער, נאָר ביי די מעטאפיזיקער. דער מענטש וועט מוזן וואַרטן, די פיזיק האָט דערווייל צו טון מיט דער וועלט.

די „וועלט" האָט זיך געשוואָרצט אויף אַ בלעטל פּאַפּיר אויפן שרייב טיש. פּראָפעסאָר גאַרפינקל, וואָס איז, טראַכטנדיק וועגן זיין קינד, דער וועלט, צוגעגאנגען צום טיש, האָט געקוקט אויפן בלעטל פּאַפּיר. תחילת האָבן די בוכשטאבן בלויז ראַביעט פאַר די אויגן, באַלד האָבן איינצלנע ווערטער גענומען שפּרינגען פאַר די אויגן: פּלאנק, הייסענבערג . . . די ווערטער, די נעמען, ביין, די מענטשן גופא, וועלכע ער האָט געקענט, האָבן גענומען ריידן צו אים. מאַקס פּלאַנק האָט זיך ניט אפּגעזאָגט פון דעטערמיניזם, הייסענבערג, ער, מיט זיין אינדע־טערמינאַציע פּרינציפּ, אים דאַרף מען ענטפערן, און פּראָפעסאָר גאַר־פינקל האָט זיך אוועקגעזעצט צום שרייב טיש . . .

פּראָפעסאָר גאַרפינקל האָט דערפילט עמיצער שטייט הינטער אים. ער האָט זיך ראש א דריי געטון און, דערזעענדיק זיין ווייב, האָט ער זיך דערשראָקן — אַ שלאַפנדיקער וואָס כאַפּט זיך אויף פון עמיצנס אַ האַנט באַריר. זיין צעשראָקענער קוק האָט זיך באגעגנט מיט אירע אויגן, מיט אירע ליפּן. עטוואָס אויסגעקרימט, האָבן די ליפּן, ניט עפענענדיק זיך, געזאָגט: אָט וואָס דו טוסט! און די אויגן האָבן פאַר־געוואָרפן: ווי קענסטו דאָס טון, איצטער?

ער האָט זיך אויפגעהויבן, גענומען שטאַמלען. — איך . . . איך . . . איך האָב געטראַכט וועגן דאַניין.

דער אויסדרוק פון אירע אויגן האָט זיך געביטן, אַנשטאָט פאַר־וואורף — שטוינונג: וועגן דאַניין?

— זי פאַרשטייט ניט, — איז דורכגעלאָפן ביי אים אין מח. — פאַרשטייסט? — האָט ער מיט אַ שמייכל גענומען דערקלערן, — אין דער וויסנשאַפט איז דאָ אַ געזעץ, נו, ניט קיין געזעץ, אַ שיטה, אַז אַלץ פונם גרעסטן ביזן קלענסטן, יעדע נאַטור דערשיינונג איז דעטער־מינירט, באַשטימט פאַראויס . . .

— מיינסט צו זאָגן באַשערט?

— ניין, ניט באַשערט, — האָט ער זיך אַ קרום געטון. תוך כדי דיבור איז אים איינגעפאַלן — באַשערט־דעטערמינירט. ער וואָלט עס באַדאַרפט פאַרצייכענען. ער איז אַפּגעקומען מיט אַ „פאַרצייכעניש אין קאָפּ" און געדעדט צו זיין ווייב. — באַשערט, דאָס איז אַן ענין פאַר טעאָלאָגן, פאַר דער וויסנשאַפט איז ניטאָ אַזאַ זאַך ווי באַשערט, עס איז דעטערמינירט, באַשטימט . . .

פּראָפעסאָר גאַרפינקל האָט אַנגעשטריינגט געזוכט דאָס ריכטיקע וואָרט וואָס זאָל געגוי איבערגעבן וואָס ער מיינט, דערפילט די שוועריג־קייט וואָס ער האָט אַלע מאָל געהאַט אין אַזעלכע פאַלן, פאַר זיינע קאָלעגן פּראָפעסאָרן, סטודענטן ראַטעוועט ער זיך געווייינליך מיט אַ מאַטעמאַטישער פאָרמולע, פּנים אל פּנים מיט זיין ווייב האָט ער זיך דערפילט הילפלאָז. ער האָט דערזען זי קוקט אויף אים מיט חשד, האָט ער גאָר איבערגעלאָזט דעם „באַשערט־דעטערמינירט", אַ שפּרונג געטון. — האָב איך געטראַכט, דאַני, זיין טויט, ווי איז דאָס דעטער־מינירט געוואָרן? . . .

זיין קוק האָט זיך געבעטן: פאַרשטייסט?

איר קוק האָט שפּאָטיש געענטפערט: איך פאַרשטיי, איך פאַר־שטיי, פאַרשטיי דיך שוין גאָר! דאָס מויל האָט אַרויסגעבראַכט — האָסטו געטראַכט וועגן דאַניין. און וועגן מיר? האָסטו אַ טראַכט געטון וועגן מיר?

פּראָפעסאָר גאַרפינקל האָט אַרונטערגעלאָזט די אויגן. אַן אַלטע, שטילע מלחמה איז אַנגעגאַנגען צווישן אים און זיין ווייב, אייגנטליך

ניט צווישן אים און איר, נאָר צווישן זיין וויסנשאפט און איר. זי איז געווען אייפערזיכטיק, האָט גאַנץ אָפט אים פאָרגעוואָרפן, אין שפּאס כלומרשט, אז מיט זיין „לינקער געליבטער", זיין וויסנשאפט, פאַרברייגגט ער מער ווי מיט זיין ווייב. ער האָט זיך שפּאסיק פאַרטיידיקט אַז שלאָפן שלאָפט ער פונדעסטוועגן מיט איר, ניט מיט דער וויסנשאפט. איצטער איז איר פאָרוואורף געווען ווייט ניט שפּאָסיק, און ער האָט זיך אויך ניט געקענט פאַרטיידיקן. ער האָט גאָרניט געקענט זאָגן, האָט ער א הויב געטון די אויגן, מיטן קוק געבעטן: טשעפּע מיך ניט.

זי האָט זיך אויסגעדרייט, אַרויסגעגאנגען פון קאָבינעט, א שולדיקער איז ער איר נאָכגעגאַנגען.

אַריינגעקומען אין קינדס צימער, האָט זיין קאָפּ זיך אַ צאַפּל געטון. א מוזעאום! דעם קינדס זאַכן, שפּילעכלעך, בילדלעך זיינען געווען אויסגעלייגט, אויסגעשטעלט. דעם קינדס בעט איז געווען אָפּגערוקט פון וואַנט און עס האָט אויסגעזען ווי דאָס קינד איז אַרומגערינגלט, באַלד וועט עס אַרונטערגיין, זיך נעמען שפּילן, שטיפן . . . די אויגן האָבן אַריינגענומען זאַכן. אייניקע האָט ער דערקענט. ער האָט אַ נעם געטון אַ פערדל. דריי פיס האָט עס געהאט. ער האָט עס באַקוקט, באטראַכט. — דאָס האָב איך דאָך אים געקויפט צו זיין צווייַ יאָריקן געבורטסטאָג, — האָט ער אַרויסגערעדט, אַליין זיך געחידושט וואָס ער געדיינקט, און, זעענדיק זיין ווייבס צושטימנדיקן קוק, האָט ער זיך נאָך מער געחידושט אויף איר: ניט געהאַט קיין אָנונג אַז זי האָט דאָס באַהאַלטן, דאָס און . . .

ביידע האָבן איבערגעהאַלטן, איבערגעטאָפּט זאַכן, דערמאָנט ווען מיהאָט עס געמאַכט, געקויפט, ווען דאָס קינד האָט עס געטראָגן, געהאַלטן, ביז די מוטער האָט אַ ווייז געטון אן אנצוגל. די בייקייט האָט אַרונטערגעשריען דערפון. — און דאָס האָב איך אים געקויפט צו זיין זעקס יאָריקן געבורטסטאָג . . .

פּראָפעסאָר גאַרפינקל האָט זיך דערפילט שולדיק וואָס ער האָט נאָך ניט געהאַט געקויפט עפּעס פאַרן זעקס יאָריקן געבורטסטאָג. דערזעענדיק ווי זיין ווייב האָט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ, דאָס גארני־

טורל האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון אירע הענט, האָט ער זי אַרומ־געגומען — נו, שאַ, מאַמעלע. ניט געוויינט.

איך קאָפּ האָט געדרוט אויף זיין אַקסל, איר קערפּער האָט זיך געטוליעט צו זיינעם. ער האָט געגלעט דעם קאָפּ, גלעטנדיק זי געגומען אַרויספירן פון קינדס צימער. ביים שוועל שוין האָט זי זיך אַ ריס געטון אויף צוריק. ער האָט זי ניט געלאָזט.

— גיי, לייג זיך צו. רו זיך אָפּ אַ שטונדע, צוויי. עס גייט אַ שווערער טאָג. מ׳דאַרף אַלץ באַזאָרגן, און איך דאַרף נאָך האַלטן אַ לעקציע.

— וועסט האַלטן אַ לעקציע?

— איך מוז, — האָט ער שולדיק געענטפערט. דערזען איר שטראָפנדיקן קוק, האָט ער שוין חרטה געהאט וואָס ער האָט גאָר דערמאָנט וועגן דעם און שטיל אַ מורמל געטון — איך וועל זען, אפשר וועל איך זיך קענען אַרויסדרייען, — און אַרונטערגעלאָזט די אויגן. ער האָט דערפילט ער האָט געזאָגט אַ ליגן. דאָס הייסט, ער וועט אפשר טאַקע פּרוּוון זיך אַרויסדרייען, אָבער ניט ווייל ער ו י ל דאָס. דער אמת איז, ער וויל די לעקציע האַלטן. יאָ, דאָס איז דער אמת. ער איז אַ שלעכטער מאַן, אפילו אַ שלעכטער פאָטער. דאַני פעלט אים, וועט אים פעלן, עטל וואָלט אים אויך געפעלט, אָבער אָן זיין וויסנשאַפט וואָלט ער ניט געקענט אויסקומען, ניט געקענט לעבן.

— ווי קענסטו דאָס, עז־רא!

אָט דער צעצויגענער „עז־רא" האָט אים צעגומען. האָט זי, מיט איר ווייבערשען חוש, דערשפּירט אַז זיין וויסנשאפט איז אים וויכ־טיקער, ניין, נויטיקער ווי דאָס קינד, ווי זי?

— איך וועל ניט. איך וועל ניט האַלטן קיין לעקציע, — האָט ער זי באַרואיקט, און פּאַמעליך זי געפירט אין זייער שלאָף צימער. ער האָט איר געהאָלפן זיך אויסטון. זיך אַליין אויסגעטון. אין שלאָף ראַק שוין, האָט ער זיך געלאָזט אין וואַש צימער. גייענדיק אַהין, האָט אים אַ בלענד געטון „באַשערט־דעטערמינירט". וואַרפנדיק אַ בליק צום שלאָף צימער, האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט אין קאַבינעט, שטייענדיק געשריבן אין אַ כתב וואָס קיינער וואָלט ניט געקענט איבערלייענען:

מאַקס פּלאַנקס קוואַנטום טעאָריע, הייסענבערגיס אינדעטערמי־נאַציע פּרינציפּ איז פאַרן מעטאַפיזיקער אַן אבן טוב, איין קליינינקייט — פרייער ווילן! פאַרן וויסנשאַפטס מאַן איז עס אָבער אַן אבן נגף, אַ שטיין אין וועג צו באַזייטיקן, אָדער גאָר אַרומגיין. שטרייַנגער דעטערמיניזם איז דער שליסל צו דער נאַטור, אויב אפילו דער שליסל פּאַסט זיך נאָך ניט צו צו אַלע טירן . . .

און די מעטאַפיזיקער? גיב אַ קראַץ אַ מעטאַפיזיקער און עס וועט זיך אַנטפּלעקן דער טעאָלאָג. און די טעאָלאָגן, זיי איז נישט אָנגע־שטאַנען אַז די ערד זאָל זיך דרייען: די זון מוז זיין דעם מענטשנס לאָמפּ, ניט אַנדערש; זיי האָבן זיך געקרומט און קרומען זיך נאָך איצט אויף דאַרווינען: עס שטייט זיי ניט אָן דער יחוס, זיי ווילן דוקא זיין דאָס אויבערשטע פון שטויסל; און דיזעלבע טעאָלאָגן, וואָס גייען איין אויפן באַשערט פון גאָט, האָבן זיך איצט אָנגעכאַפּט אָן פּלאַנקס טעאָריע, ווילן ניט איינגיין אויף דעטערמיניזם אין דער נאַטור. ביי גאָט ווילן זיי אַרויסקריגן אַ קאָנצעסיע — טאַקע באַשערט, און דאָך פרייער ווילן. גאָט האַלט טאַקע אַן אויג אפילו אויף „אייעלעך פון לייז", אָבער דער מענטש איז דאָך עפּעס „די קרוין פון דער נאַטור", ער קען וועלן אַז „צוויי מאָל צוויי זאָל זיין פינף". די נאַטור גיט אָבער קיינע קאָנצעסיעס. אין דער וויסנשאַפט איז ניט שייך גיבן און נעמען, דאַ איז פאָרשן, זוכן, אויסגעפינען.

אונטערגעשטראָכן די לעצטע דריי ווערטער, האָט ער ווי דער־לאַנגט דעם לעצטן קלאַפּ די טעאָלאָגן, די מעטאַפיזיקער, און אים איז לייכטער געוואָרן, אַרונטערגעוואָרפן אַ משא. ער האָט אויסגעלאָשן די ליכט און אַרויס פון קאַבינעט.

אין שלאָף צימער איז ער אַריין מיט קעצישע טריט. אַזוי קומט אַריין אַ קאָרטן שפּילער פאַרטאָג, ציטערנדיק טאַמער כאַפּט זיך אויף זיין ווייב . . . מיט איין זייט איז ער שוין געווען אין בעט, ווען ער האָט דערהערט — די טיר האסטו געלאָזט אָפן?

— די טיר?

— ביסטיאַך געווען ביי אים.

— יאָ, — האָט ער אַן ענטפער געטון, — אָבער איך געדיינק ניט. — און ווי אַ תשובה פאַר דעם נאָר וואָס אַרויסגעזאָגטן ליגן,

האָט ער אויף גיך זיך אַראָפּגעכאַפּט פון בעט, זיך געלאָזט אין קינדס צימער.

— די טיר לאָז אָפן, און לאָז ברענען די ליכט, — האָט אים נאָכגעיאָגט זיין ווייבס אנזאָג.

ער האָט געמאַכט ליכטיק אין קינדס צימער און דערזען דאָס קינד . . . שלאָפט. יאָ, דאָס קינד איז געשלאָפן, מער ניט דער שלאָף אזא האַרטער, אַזאַ קאַלטער, פון קינדס פנים האָט געווייעט א קעלט, אָט די קעלט האָט געקלאַפּט דעם פּראָפעסאָר אין פנים, אים געפּרעגט: וואָס טוסטו דאָ? איך האָב מיט דיר גאָרניט וואָס צו טון, גאָר — ניט. איך דאַרף דיך ניט! גיי!

פּראָפעסאָר עזרא גארפינקל האָט מיט אמאָל דערפילט אַז ער איז געוואָרן אַ יתום, קיינער דאַרף אים ניט, און ער האָט רחמנות געקראָגן אויף זיך אַליין. ער האָט דערפילט א שאַרפע ביינקעניש נאָך עמיצן, וואָס זאָל אים דאַרפן, נאָך עמיצן, וואָס זאָל אים צוטוליען צו זיך, אים אַ גלעט טון . . .

מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, דער גאַנצער קערפּער לויז, איז ער אַריין צו זיך אין שלאָף צימער. ער האָט דערפילט זיין ווייב קוקט צו אים, אָט ווי זי וואָלט אים געוואָלט פרעגן: וואָס הערט זיך . . . ?

ער האָט זיך אַריינגעקליבן צו איר אין בעט, איינגענורעט זיין פנים אין דער ווייבס ברוסט. איר קין האָט אנגערירט זיין קאָפּ, אירע פינגער האָבן געזיפּט זיינע האָר און זי האָט שטיל געמורמלט: מיין קינד. מיין קינד.



# פ אַ ר נ אָ כ ט

דער ליציטאַטאָר האָט געמלייצעט ווערטער מיטן צונג: דאָ איז א בילד. קען זיין מייקל אַנזשעלאָ האָט עס געמאָלן. אָדער עפּעס אַן אַנדער פּאַרשוין, איר ווייסט דאָך, פון די אַלטע מאָלער, סיי ווי, עס איז אַ גוט בילד, אַן אַלט בילד, איר קענט עס זען פונם שטויב דאַרויף. ער האָט אַ בלאָז געטון אויפן בילד, געמאַכט אַ גרימאַסע — פּע שטויב, דאָך געשמייכלט און „וויציק" געזאָגט: דער שטויב אַליין האָט די ווערט אַ דאָלאַר. קען איך הערן דעם ערשטן אָנבאָט?

דער עולם האָט געשוויגן.

דער ליציטאַטאָר האָט א דריי געטון דאָס בילד. — נישטאָ, ווייזט אויס, קיין קונסט ליבהאבער צווישן דעם עולם. נו, איר דאַרפט ניט זיין קיין ליבהאבער פון קונסט, אויב איר האָט אַ חוש פאַר געשעפט, פאַר „געמבלען", קענט איר מאַכן אַ פאַרמעגן. וויפיל מאָל האָט איר געלייענט ווי איינער האָט געקויפט אַ בילד אויף אַן „אָקשען", אַן אַלט בילד, פאַר אַ דאָלאַר, לאָמיר זאָגן, נאָכדעם איז געקומען אַ מיליאָנער און באַצאָלט דערפאַר הונדערט טויזנט דאָלאַר? געלייענט, ניין? נו, דאָס קען זיין אַזאַ בילד. גיט א קוק, גיט אַ גוטן קוק, איר האָט דאָ אַלץ וואָס א בילד דאַרף האָבן — אַ הימל, בוימער, אַ פעלד און אַ מיידל, א שיינע מיידל דערצו, איך אַליין וואָלט זיך ניט אָפּ־געזאָגט פון אַזאַ מיידל, די מיידל אַליין האָט די ווערט אַן אוצר. קען איך הערן דעם ערשטן אָנבאָט?

— אַ ניקל, — האָט עמיצער פון עולם שפּאסיק אַ וואָרף געטון.

דער ליציטאַטאָר האָט אויפגעכאַפּט דעם אנבאט ממש מיט די הענט.
— דאָס איז פאַר דער מיידל? איך האָב אַן אנבאט א ניקל, ווער עמיצער אנבאָטן אַ דאַים? א דאַים? באָט עמיצער אַ דאַים?
— אַ דאַים, — האָט גאָרדאָן אַרויסגעזויגן פון צווישן די ציין.
אין מויל איז געבליבן אַ ביטערע באַליידיקונג. ער האָט דערקענט דאָס בילד גלייך ווי דער ליציטאַטאָר האָט עס אַ ווייז געטון פאַרן עולם. דער ערשטער אימפּולס איז געווען — צולויפן, עס אַרויסכאַפּן פון זיינע הענט — עס איז מיינס! דאָס ערשטע בילד, וואָס ער האָט אַמאָל, אַ יאָר פערציק צוריק, פאַרקויפט פאַר . . . דריי דאלאר. זיין נאָמען מוז דאָרטן זיין, העט אונטן, פאַרדעקט פון רעמל. דאָס בילד האָט אַ ריס געטון די אויגן: זעסט? דערקענסט? איך לעב. האסט פאַרגעסן, האַ? געמיינט ניטאָ, פאַרשוואונדן? אָט בין איך. געדיינקסטו? געדיינקסטו ווען, ווי דו האָסט עס געמאָלן?
פערציק יאָר זיינען אַוועקגערוקט געוואָרן בידים, ער האָט געזען דאָס פעלד וואו ער איז געשטאנען און געמאָלן, ניט נאָר דאָס פעלד, דעם הימל, די פאַר בוימער, לאלאן . . . פ ע ר צ י ק  י אָ ר . . . דאָס בילד איז מיט אמאָל אים געוואָרן טייער, טייערער פון אַלע זיינע בילדער וואָס ער האָט אויסגעמאָלן אין משך פון די פערציק יאָר, און אָט דער כאַם, דער ליציטאַטאָר, ווילצלט זיך, מייקל אנזשעלאָ, אַן אנדער פאַרשוין . . . פאַרשוין . . . מיידל . . . ער וואָלט אים . . . פון די הענט פון זיינע וואָלט ער עס אַרויסגעריסן, דאָך האָט ער ניט געקענט זיך אַ ריר טון, האָט אפילו מורא געהאט אַרויסזאָגן אַ וואָרט, טאָמער וועלן אָט די א . . . פאַרשוינען דאָ דערקענען אַז ער איז דער מאלער פון דעם בילד, און א געפיל פון העכערקייט און פון . . . חרפּה האָט אים ניט געלאָזט זיך באַקענען צום בילד. דאָ א, צווישן אָט די . . .
— אַ דאַים. איך האָב אַן אָנבאָט אַ דאַים, קען איך הערן אַ קוואָדער? — האָט דער ליציטאַטאָר געטאראלאיקעט, און עס איז ניט געווען קלאָר צי דער ליציטאַטאָר האָט בדעה עס אַוועקצוגעבן פאַר אַ קוואָדער, אָדער דאָס איז בלויז זיינע א מאַניפארגע — מ׳גיט אים אַ דאַים דאַרף ער בעטן אַ קוואָדער, מ׳וועט באָטן אַ קוואָדער, וועט ער וועלן אַ דאָלאַר. — וועט עמיצער געבן דעם קוואָדער? — האָט

גאָרדאָן זיך געפרעגט, געוואָלט עמיצער זאָל אויסשרייען אַ קאָוודער! אַ דאָלאַר! צען דאָלאַר! און, צו דערזעלבער צייט, מורא געהאַט טאָמער גליטשט זיך ארויס דאָס בילד פון זיינע הענט. ער׳ט עס ניט אַרויסלאָזן! אפילו אַ הונדערטער באַצאָלן און דאָס בילד וועט ער קריגן.

— פופצן סענט, — האָט עמיצער נאָכלעסיק אַ זאָג געטון.

— אַ קוואָדער! — האָט גאָרדאָן שאַרף אַ זאָג געטון. דער „קוואָדער" האָט זיך כעסיק אַ קוילער געטון — רוקט זיך ניט! דאָס בילד איז מיינס!

דער ליציטאַטאָר האָט אויפגעכאַפּט דעם שאַרפן „קוואָדער", אַ בליק געטון אויפן פאַרשוין וואָס וואַרפט זיך אַזוי מיט קוואָדערס פאַר אַזאַ א שטיקל . . . ער וואָלט עס אָוועקגעגעבן פאַר אַ ניקל, די צייט האָט די ווערט מער, און באַשלאָסן דער פאַרשוין איז ניט פון זיינע רעגולערע קונדן, קענטיק א פריץ. אים אונטערהייצן וועט ער באַטן אין הימל אַריין. מיט אַ וואונק פון אויג האָט ער געלאָזט וויסן זיין אייגענעם באַטער — נעם זיך צו דער אַרבעט. יענער האָט גלייך אַ זאָג געטון: פופציק סענט!

גאָרדאָן האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ. ווער באַט עס פאַר זיין בילד? עמיצער וואָס פאַרשטייט מאלעריי, אָדער . . . ?

— אַ דאָלאַר! — האָט ער בייז און שטאָלץ אַ זאָג געטון.

— איין דאָלאַר, — האָט דער ליציטאַטאָר פריידיק אויסגערופן.

— אָט אַזוי. איר זעט? דער זשענטלמאַן ווייסט וואָס אַ בילד איז. ער באַט אַ דאָלאַר מיינט עס דאָס איז אַ גוט בילד, האָט די ווערט פינף, צען דאָלאַר, אפשר א הונדערט דאָלאַר, אָדער גאָר אַ טויזענטער. איר קענט קיינמאָל ניט וויסן. קען איך הערן אַן אָנבאָט פון דריי דאָלאַר? דריי דאָלאַר. איך האָב אַן אָנבאָט אַ דאָלאַר, קען איך הערן דריי?

— צוויי דאָלאַר, — האָט דער באַטער א זאָג געטון.

— איך האָב אַן אָנבאָט צוויי דאָלאַר, קען איך הערן דריי?

גאָרדאָן האָט אַ הויב געטון די האַנט.

— דריי דאָלאַר! — האָט דער ליציטאַטאָר טריאומפירט, — קען איך הערן פינף?

דעם ליציטאַטאָרס אויגן האָבן זיך געגליטשט פון גאָרדאָנען

צו זיין אייגענעם באַטער, גאָרדאָנען געמאַסטן — וויפיל קען מען אים אָנציען, דעם באַטער געפרעגט: ציען ווייטער, אָדער עס קען זיך נאָך אויפטרענען? דער באטער האָט מיט די אויגן געוואָרנט: שנייד אָפּ! דער פאַרשוין קען נאָך אינגאַנצן נעלם ווערן. זעסט־אַך, אַ האַלע־דראַנעץ, ווער ווייסט צי האָט ער אפילו די דריי דאָלאַר . . . אַץ אַ סוחר, גייט אויף „אָקשענס". שנייד אָפּ!

— דריי דאָלאַר צום ערשטן מאָל, — האָט דער ליציטאַטאָר אויסגעזונגען, — צום צווייטן מאָל און צום . . . דריטן מאָל! פאַר־קויפט! דאָ, זשענטלמאַן, איז אייער בילד. אַ פיין בילד, — האָט ער נאָך צוגעגעבן מיט אַ שמייכל. — איך אַליין וואָלט עס געוואָלט האָבן ביי זיך אין שטוב. איריט געבן דאָס געלט יענעם זשענטלמאַן דאָרט, — האָט ער אַ וויז געטון אויף אַ שרייב טיש אין אַ ווינקל און, מיט אַ שמייכל צו זיינע שטענדיקע קונדן, אַ זאָג געטון שטיל

— דאָ פריצן, האַ? — און גענומען אין האַנט אַריין אַ צווייטן אַרטיקל.

— מיין ערשט בילד. מיין ערשט בילד. — אָט די דריי ווערטער האָבן אָן אויפהער באַגלייט גאָרדאָנען אויף זיין וועג אַהיים. וויפיל גלגולים דאָס בילד האָט געמוזט דורכמאַכן! ווער ווייסט וואו דאָס איז אויסן געווען? און איצט איז עס געקומען צו אים. און ער איז געקומען צום בילד. וועז ער גייט ניט צו דער ליציטאַציע?

ער האָט אויך דורכגעמאַכט גלגולים, פונם ערשטן בילד ביזן . . . ערשטן בילד. ער האָט צוגעדריקט דאָס בילד מיטן אָרעם צו דער זייט. אָט אַזוי טוט אַ געליבטער אַ דריק זיין געליבטערס אָרעם, פאַר־קוקט איר אין די אויגן: ביסט מיט מיר? גוט! מיר גייען אַהיים, דאָרטן . . . ער האָט געוואָלט וואָס גיכער שוין זיין אין דערהיים, אין דער אטעליע.

געקומען אַהין, האָט ער גענומען אפשטויבן דאָס בילד.

— סאַרא ראַם מיהאָט עס אַרויפגעפּיאַלעט! — ער האָט צענומען דאָס רעמל, קוים דערקענט זיין חתימה, דער נאַקעטער זוים — פרעמד, דערפאַר דאָס בילד אַזוי היימיש אָט ווי אַ פאָטאָגראַפיע פון דער קינדהייט. ער האָט אָפּגעווישט דאָס בילד מיט אַ אויל שמאַט־קעלע, עס אָוועקגעשטעלט אויף איין פּלאַץ, אַ צווייטן, דאָ האָט ער

די ריכטיקע ליכט, זיך אװעקגעזעצט, געקוקט דאַרויף און אַ שמייכל האָט גענומען שפּילן אין די אויגן, אַרום מויל: ניט אזא מייסטער־װערק . . . די קאָמפּאָזיציע, די ליניע, די פאַרבן . . . איצטער מאָלט ער אַנדערש . . . דאָך . . . די פרישקייט! דער גרין! אַזוי פיל יאָרן און אַזוי פריש!

אַ פרימאָרגן אין פרילינג. אַ העלער, זוניקער פרימאָרגן, געבוירן אין אַ פינסטערער נאַכט. ניין, די נאַכט אויך געװען אַ ליכטיקע, אַ פריידיקע . . . אינדערפרי זיינען זיי אַרויסגעגאַנגען, אַרויסגעטאנצט אין דרויסן, ער האָט געטראָגן דעם געשטעל, זי דאָס קעסטל פאַרבן. ער האָט זי אװעקגעשטעלט ביים בוים. „די זון איז מיר אין די אויגן!" זי האָט געזשמורעט די אויגן. דאָ זיינען די קנייטשעלעך . . . און ער האָט געמאָלן, געמאָלן שנעל, פאַרב אויף פאַרב, גרין, גאָלד, רויט און בלוי. דער הימל געװען אַזוי בלוי. ער קען זען דאָס בלוי פון יענעם הימל. השמים מספּרים כבוד אל . . .

ער האָט א הויב געטון די אויגן צום בילד און מיט אמאָל דער־זען — אָט דאָס טאקע האָט ער דאַן אויסגעמאָלן — השמים מספּרים כבוד אל. דער הימל, די זון, דאָס פעלד, דער בוים, אַלץ האָט געזונגען. אַלץ. ער אויך. אַ געזאנג צום לעבן. דאָס איז עס געװען. װען איז דאָס געװען? א יאָר . . .

גאָרדאָן האָט גענומען אַרומשפּאַנען איבער דער אטעליע, און יעדער מאָל װאָס זיין אויג איז געפאַלן אויפן בילד, האָט ער געזען װי עס שמייכלט צו אים: יאָ, יאָ . . . עס איז געװען גוט, און װען ער האָט זיך אפּגעשטעלט לעבן דעם, האָט ער געזען — גוט!

איצט האָט דאָס בילד אים שוין גערייצט, ער האָט אין דעם דערזען אַן אַרויסרוף: געװען גוט! ניין? גאָרדאָן האָט מיט אמאָל דערפילט די אומרואיגקייט, דאָס בייסעניש אין די פינגער, װאָס איז אים באפאלן יעדעס מאָל פאַרן נעמען זיך צו אַ בילד. דאָס מאָל איז די אומרואיגקייט געװען א פיבערישע, ער האָט דערפילט אַז ער מוז זיך נעמען צו דער אַרבעט, שוין, גלייך, און מיט אמאָל דערפילט אַז אָט די אַרבעט מוז ער ניט טון דאָ אין אטעליע מיטן צפון ליכט. ער מוז אַרויסגיין אין דרויסן, אונטער דער זון, דאָרטן מאלן, די זון,

. . . די נאַקעטע זון, דאָס פעלד, דעם בוים . . . לאַלאַ? זי פעלט . . .
ער האָט אַ כאַפּ געטון דאָס בילד. ער דאַרף עס מיט זיך. אָט אַזוי.

דער טאָג, אַ געשייִנקטער הארבסט טאָג, איז געווען אַ ווארימער. דער גאַנג, איבערהויפּט דאָס גייִן איבער ניט גלייכן פעלד, בערגל אַרויף, בערגל אַרונטער, האָט אים געמידיקט, ער האָט שוין מער געטראַכט פון אָנידערזעצן זיך, אָפּרוען, ווי פון אוועקשטעלן זיך מאָלן. אָפּגעווישט דעם פּנים, דעם הארלאָזן קאָפּ, האָט ער אַ הויב געטון די אויגן. אַ פּ אַ ר ק ל ע ר ט ע ר הימל האָט אים געקוקט אין פּנים, און ער האָט דערזען ניט נאָר דער הימל איז געהאַנגען אַ פּאַר־קלערטער, די עטליכע בוימער זייִנען געשטאַנען פּאַרקלערטע, די בערגלעך זייִנען געליגן פּאַרקלערט, אַ פּאַרקלערטע וועלט האָט גע־שוויגן, דאָך האָט ער געפּילט אַז אָט די שווייגנדיקע וועלט רעדט צום אים, זאָגט אים עפּעס, פּאַרטרויט אים עפּעס וויכטיקעס.

— ברוין, — איז אַרויסגעפאַלן פון זייִן מויל, און דאָס וואָרט האָט מגלה סוד געווען דער וועלטס שווייגן, איר פּאַרקלערטקייט. ער האָט אַ נעם געטון דאָס בילד, געקוקט דאַרויף, געקוקט, דאַן איבערגע־טראָגן דעם קוק צום ארום און אַ שמייכל געטון: דאַן איז גרין געווען ד ע ר קאָליר, גרין און געלד, איצטער ברוין, ברוין און אראַנזש. געכאַפּט! און גרין אָדער ברוין, ק אָ ל י ר — דאָס איז דער עיקר, און די וועלט איז קייִנמאָל קאָלירלאָז אַזוי לאַנג עס איז נאָך דאָ אַ מענטשליך אויג . . . ער זעט. ער האָט עס דערזען . . .

ער האָט גענומען מאָלן און דער פּינזל איז געגאַנגען ווי פון זיך, דער אַרום האָט זיך איבערגעטראָגן אויפן לייוונט, ער האָט געזען ווי זייִן לייוונט הויבט אויך אָן ווערן פּאַרקלערט און געשמייכלט: עס גייט. דער הימל, דער בלויער, פּאַרחלומטער הימל, דאָס בערגל, דאָס ברוינע בערגל, די קאָנטורן, די פּאַרקלערטקייט פון בערגל אַרייִנגעקראָגן, די בוימער אויך, די בוימער מיט זייער אראַנזש, ווייִן און בּאָרדאָ, זייִ שווייגן מיט אַזאַ חשיבות: מיר קענען רעדן, אָבער מיר ווילן בעסער שווייגן, אונזער שווייגן רעדט! גוט.

איצטער . . . לאַלאַ . . . ער האָט ווידער גענומען דאָס בילד, געקוקט דאַרויף, לאַנג געקוקט. לאַלאַ . . . אַ וואויל מיידל געווען. ער האָט זי געזען ניט נאָר אויפן בילד, ער האָט זי געפּילט. לאַלאַ מיט

פערציק יאָר צוריק . . . די זון איז איר געווען אין די אויגן . . . זי האָט זיי פאַרזשמורעט, זי אַליין אַ שטיק זון, אירע האָר — קופּער, און דער קערפּער אזוי ווייס, אַזוי ווייס . . . ער האָט פאַרזשמורעט די אויגן. לאָלאַ איצטער? איצטער דאַרף די זון זיין ה י נ ט ע ר לאָלאַן, אויך הינטער אים . . .

אומזיכער האָט ער גענומען מאָלן לאלאַן, די דעמאָלטיקע לאלא פאַראיצטיקט. יענע לאָלא איז געשטאנען, די איצטיקע מוז זיצן. יאָ, די קאמפּאזיציע פאדערט עס ממש. לאלא א זיצנדיקע. דער פּינזל האָט זיך באוועגט פּאמעליך. ער האָט א בליק געטון אויפן בילד, אויף יענער לאלאַן. די זון האָט געבלענדט אירע אויגן, פאַרזשמורעטע האָבן זיי שטיפעריש געקוקט, די קנייטשלעך ביי די ווינקלען אויך שטיפערישע, מאלעריש שלעכט, זייער שלעכט, די זון אין די אויגן! אָבער דעמאָלט איז עס געווען גוט, איצט די אויגן פאַרקלערט, קיינע שטיפערישע קנייטשעלעך, צייט קנייטשן, און ניט נאָר ביי די אויגן, אַרום מויל . . . ער האָט א פּיר געטון מיט דער האַנט איבער זיין מויל, קין. דאָס מויל, דער שטרויכל שטיין פון יעדן מאלער, דערצו נאָך אַ מויל פון אַ פרוי, לאלאס מויל, לאלא א זעכציקער . . .

דער הימל איז פאַרטראַכט געהאנגען, דאָס בערגל איז פאַר־טאיעט געליגן, זיך צוגעקוקט ווי ער האָט פאַרמירט לאָלאס מויל, געוואַרט ער זאָל פאַרטיק ווערן. פארטיק געוואָרן מיטן מויל, האָט ער לאַנג געקוקט דאַרויף. אין א קנייטש אַרום מויל קען אויך ליגן אַ וועלט מיט חן און וואָס לייגער מיזאָל קוקן דארויף אַלץ דייטליכער דערפילן דעם חן, ווי ער שטראלט אַרויס פונם קנייטש, שטראלט אַרויס און וויקלט זיך אַרום דעם צושויער, דרינגט אים דורך. גאָרדאָן האָט געזען דעם חן, געפילט ווי זיינע אויגן, זיין מויל באהעפט זיך מיט לאלאס מויל, ער האָט געקושט אָט דאָס מויל, געקושט עס מיט די אויגן. און די ליפּן?

ליפּן — א צייטיקער וויינשל איינגעשניטן; ליפּן — א ניט רייפע בלויע יאגעדע מיט בלויז אַ סימן פון רויט; ליפּן פון אַן אלטער פרוי, ניט נאָר בלוי־גרוי, נאָר אויך געקארבט, דאָס גאנצע מויל פאַרשנורעוועט ווי אַ טאבאַק קאפּשוק, און די גאמבע טרייסלט זיך, לייכט, אָבער טרייסלט זיך . . . גאָרדאָנען זיינען ניט

געפעלן געוואָרן אַזעלכע ליפּן, אַזאַ מויל. ער האָט איבערגעוואַלד גענומען מאָלן ליפּן וואָס זאָלן האַרמאָנירן מיט דעם מויל, מיט די אויגן, מיט דער לאַלאַן, מיט . . . אים, ער האָט אָבער געפילט זיין האַנט געליינק פאָלגט אים ניט. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן. לאַלאַ. אירע ליפּן, איר צינגל . . . אַ שפּיציק צינגל . . . און בריסטלעך אויך פאַרשפּיצטע, קליינע, שטייפע . . . איצטער וואָלטן די ליפּן געווען בלויע, קאַלטע, בריסט אַפּגעלאָזענע, הייוון־ווייכע . . . און זיינע הענט שיסעלעך ביי די בריסט . . . ציטערן. דער פּינזל האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון האַנט.

גאָרדאָן האָט אָן עפּן געטון די אויגן, אַ נעם געטון דעם פּינזל, אים פאַרקלעמט. דאָס וועט נאָך קומען, אָבער דערווייל איז די האַנט נאָך אַ האַנט. ער האָט עקשנותדיק גענומען מאָלן. נו יאָ, ניט קיין פרילינג גרין. ער שטייט שוין מער ניט אינדערפרי אונטער אַ קאַלטן שפּריץ, וואַסער נאָדלען שטעכן זיין לייב, און ער הירזשעט פאַר פרייד, רייבט מיטן האַנטוך דאָס לייב און זינגט מיט פאַרגניגן, איצטער איז אַ וואַרימע וואַנע אין אוונט . . . די פיס שטייפליך, דער קאָפּ נאַקעט, ווייסע פרענזלעך בלויז אַרום. נו, דער בוים אויך. ניטאָ די געדיכטע, גרינע בלעטער. די בלעטער שיטער און ברוין. מענטש, בוים, בלאַט, אַזוי גייט עס שוין. דער בוים וועט איבעראַיאָר ווידער זיין גרין? יאָ, דער בוים וועט איבעראַיאָר ווידער זיין גרין, אים וועט קיין האָר ניט אַנוואַקסן. ער האָט אַ קוק געטון אויף די בוימער, האָט זיי געזען איבעראַיאָריקע און זיי מקנא געווען. ער האָט פאַרזשמורעט די אויגן, פון די אויגן שפּאַרונעס האָט אַ שמייכל גענומען שיינען: וויפיל איבעראַיאָרן וועלן זיי האָבן? דאָ בוימער וואָס לעבן טויזנטער יאָרן. ער האָט זיי געזען די סעקוואָיאַס, אָבער טאַקע דאָרטן האָט ער געזען דעם „געפאַלענעם מאַנאַרך.“ פינף טויזנט יאָר איז ער אַלט געווען, אַזוי האָבן די געלערנטע געזאָגט, אַ דריי הונדערט פוס די הויך, און ער איז געליגן אויסגעצויגן אין דער פולער לייגג, מענטשן זיינען געקראָכן אויף אים. ער איז אויך אַרויפגעקראָכן, מיט אינגלשער פרייד אויסגערופן: איך בין קייסער! דו, מאַנאַרך, ליגסט און איך שטיי אויף דיר. איצטער וואָלט ער זיך אַנידערגעלייגט לעבן אים: ברודער, איך בין געקומען, איך ווי דו,

טויזנט און איינס איז אלצאיינס. דער איינצעלנער בוים, דער איינ־צעלנער מענטש שטארבט, פאַלט אין רוים, די מענטשהייט, דער מין בוים לעבט ווייטער, לעבט „אייביק" אין צייט. מסתם דאַרף אַזוי זיין. אפשר גאָר בעסער אַזוי. אַ וועלט פון משותלחס . . . גאָרדאָן האָט זיך אַ טרייסל געטון. שוין בעסער אַזוי. דער בוים האָט זיין פרילינג, זיין זומער, זיין הארבסט און זיין ווינטער, און אין יעדער צייט פון יאָר, פון לעבן, זיין שיינקייט, זיין חן. און לאלא . . . אָט דער פאַר־טראַכטער שמייכל אירער . . . גוט! פיין! וואַרט! די הענט! אויך די הענט דאַרפן זיין פאַרטראַכט, פאַרקלערט . . . אָט אַזוי . . .

די זון האָט זיך שוין געזעצט. גאָרדאָן האָט נאָכאַמאָל באטראַכט דאָס בילד, אַ קוק געטון אויפן ארום, איינגעפּאַקט זיינע מכשירים און פאַמעליך זיך געלאָזט אהיים. ער האָט געפילט א מידיגקייט אין אַלע אברים, אָבער די מידיגקייט איז געווען אַזא אנגענעמע, אַזוי גלייך פאַרטיילט איבערן גאנצן קערפּער, דער גאַנצער קערפּער האָט עפּעס אויפגעטון, איצטער וועט ער זיך אפּרוען.

ביי זיך אין אטעליע, האָט ער אויפגעשטעלט די צוויי בילדער איינס לעבן אַנדערן, געקוקט אויף ביידן — דער אלף און דער תיו, זיין גאַנץ לעבן, זיינע אַלע אנדערע בילדער — בלעטער צווישן אָט די צוויי טאוולען.

אַ בילדער אויסשטעלונג פון איין מאלער ברוך גאָרדאָן, דאָס פּובליקום, ברוך גאָרדאָן, זיצט און די בילדער באוועגן זיך, רוקן זיך פאַמעליך, די באלויכטונג — א שטערן נאָר וואָס זיך אויסגעפּיקט, ברוך גאָרדאָן זעט אבער דייטליך בילד נאָך בילד. דאָס ערשטע בילד — השמים מספרים כבוד אל, א ביסל שרייאיק, דאַן שטילערע, לאנד־שאַפטן, מענטשן, שטילע לעבנס . . . און שטילער . . . טויט. ווי דער בוים, דאָס גראָז, דער . . . שטערן. גאָרדאָן האָט זיך פאַרקוקט אויפן שטערן. יאָ, אויך דער שטערן שטארבט, אַזוי זאָגן די אסטראנאָמען. ווער ווייסט, אפשר איז דער שטערן שוין א געשטארבענער. א שטערן געשטאָרבן און זיין ליכט קען מען נאָך זען. ער, גאָרדאָן, וועט שטאַרבן און עמיצער וועט נאָך קוקן אויף זיינס אַ בילד, אַ בילד וואָס זאָגט: גוט צו לעבן.

אַ שמייכל האָט גענומען שוועבן איבער זיין פּנים. דער אָוונט

איז געוואָרן געדיכטער, שטילער, די טונקלקייט, די שטילקייט האָט אַרומגעוויקלט גאָרדאָנען, ער איז אַנדערימלט געוואָרן.

א רעגנבויגן. פון איין „עק הימל" ביזן צווייטן. ער גייט איבער דעם רעגנבויגן, גייט און גייט, א סך מענטשן גייען, אַ פּראָצעסיע ציט זיך, פאַר אים מענטשן מיט געמאָסטענע טריט גייען, קלעטערן אַרויף, אַרויף . . . הינטער אים דורות און דורות מענטשן שטופּן זיך, רוקן זיך אַרויף, אַרויף, אָט איז ער אין סאמע מיט. די גאַנצע וועלט זעט ער. אזא פּילפּאַרביקע וועלט! אַזוי שיין! שטיין א ווײַלע. די פּראָצעסיע הינטן שפּאַרט, רוקט זיך אָן, ער מוז גיין, זיך אַרונטערלאָזן, שטעלט ער א טראָט און כאַפּט פונדעסטוועגן אַ קוק. פיס און אויגן „קריגן זיך". פאַרזיכטיק! פאַרזיכטיק! איין פוס האָט זיך אַ גליטש געטון . . .

פון פענסטער האָט א צי געטון אַ קיל ווינטל.

גאָרדאָן האָט זיך אַ טרייסל געטון.

אַ חלום.

— אַ חלום?

גאָרדאָן האָט אַ וויש געטון דעם פּנים, אפּגעווישט דעם דרעמל, ער האָט געפילט דעם שטול אונטער זיך, געוואוסט ער זיצט און האָט דאָך נאָך געזען דעם רעגנבויגן, געגאַנגען איבער אים.

— אַ חלום.

— אַ שיינער חלום.

— אַזוי חלומדיק איינשלאָפן.

— ניט שלעכט.

— גאָרניט אַזוי שלעכט . . .



# מיט א שמייכל

(אַ מעשה)

צו זיין שלאָפלאָזיגקייט האָט ער זיך שוין אַזוי צוגעוואוינט ווי צו זיין ניט קענען אַרומגיין — זיין ליגן אין בעט. די אַרומגייענדיקע האָט ער פאַרגונען זייער אַרומגיין: זיי דאַרפן אַרומגיין, ער דאַרף ליגן. און שלאָפן? ער האָט שוין אפילו ניט גענומען קיין פילן צום שלאָפן. געשטאַנען אַ פידעלע וועראָנאַל פילן, אָבער ער האָט ניט גענומען: איינע, צוויי העלפן שוין ניט, און מער, איינצושלאָפן אינגאַנצן, דאַרויף האָט ער נאָך צייט.

אין די טעג האָט ער זיך שוין אויסגעלערנט, יאָ אויסגעלערנט, הנאה צו האָבן פון דער זון וואָס שיינט אַריין אין פענסטער. ער האָט שוין געוואוסט גענוי ווען זי דאַרף קומען, געוואַרט אויף איר, און ניט איין מאָל זיך געגריסט צו איר, אָט ווי מ׳גריסט זיך צו אַ פריינד וועמען מ׳טרעפט שיר נישט טעגליך. נאָך אַ רעגנדיקן טאָג האָט ער געקענט א פרעג טון דער זון: גערעגנט, האַ? ניט געקענט אַרויסגיין? און ער האָט געזען די זון האָט געשמייכלט: נו יאָ, טרעפט אמאָל.

די זון איז ניט געווען דער איינציקער פריינד. דער בוים לעבן זיין פענסטער, דער „שאַטישער בעזים" איז געווען זיין שטענדיקער פריינד. א מאדנער בוים. קיינע בלעטער, ריטלעך בלויז; קיין פרוכט, בלויז בליאונג, אָבער אַ בליאונג! יעדן פרילינג, ווען אָט די ריטלעך האָבן זיך באַדעקט מיט געלע, שמעקנדיקע בליעכצן, האָט ער הנאה

געהאַט פונם קאַליר בייטאָג — אזא פּראַכטפולער געל! — פונים ריח אינדערפרי און פאַרנאַכט. אזא זיסער ריח! ער האָט זיך גע־קוויקט מיטן ריח און געגעבן דעם בוים זיין יישר כח — בלי, בלי! פיין. גוט! און איז נאָך געקומען דאָס זום־פויגעלע, די גרויס ווי אַ גרויסע בין, אַרייגעשטעקט דאָס שנעבעלע אין דער געלער בליעכץ, געהאנגען אין דער לופטן, די דינע פליגעלעך, דורכזיכטיק אנטקעגן דער זון, באוועגנדיק זיך אַן אויפהער, און דאָס שנעבעלע האָט געזויגן, געזויגן, געשמאַק געזויגן דעם האניק־טוי, האָט ער אָנגע־קוואָלן — אי, דו פרעסערל! דו נאשערל! זויגסט, האַ? זויג, נפשל, זויג! גוט אַזוי. אפּגעריסן זיך פון דער בליעכץ און אוועקגעפלויגן, פאַר־שוואונדן, איז זיין שמייכל נאָך געבליבן — נפש! לעבט! איז געקומען דער הארבסט און די ריטלעך פונם שאטישן בעזים זיינען געהאנגען נאקעטע, גרין־בלויע, די גאנצע קרוין פון בוים אַ צעשויבערטער קאָפּ האָר, אָן אבל וואָס טאָר זיך ניט קעמען, האָט ער געטרייסט דעם בוים — ניט געזאָרגט, ברודערקע. וועט קומען אַ נייער פרילינג.

און הארבסט איז דען שלעכט? אפילו פון אַ רעגן קען מען הנאה האָבן. אַ שלאקס רעגן איז דאָך אפּגערעדט. שיין? שטאַרק! לעבעדיקע מאַכט. הייגט דער קלאַנג פון שווערע רעגן טראָפּנס אויף די שויבן, דאָס זשורען אין און פון דער רינווע, דאָס שטראָמען בארג אַרונטער. ליגנדיק איז ער נאָכגעגאַנגען אָט די שטראָמען ווייט ווייט אַוועק צו די טייכן, ימען . . . אַ געדיכטער, דראבנבער רעגן האָט זיך זיין חן. אַ וועלט אין א שלייער. פון וואָלקנס איז דאָך אפּגערעדט. וואָס קען מען ניט זען אין וואָלקנס? פון מענטשליכע פּנימער ביז שיפן, אקרעגנטן אויפן ים. יאָ, אַז די אויגן זיינען אָפן, די אויערן זיינען וואָך קען מען הנאה האָבן פון גאָטס וועלט אפילו ליגנדיק אין בעט.

ביינאכט איז ניטאָ קיין זון? איז דאָ אַ לבנה. פון איר ליכט קען אויך ליכטיק ווערן אין די אויגן. און אַז א שטערן טוט, מיר ניט דיר ניט, אַ שטיף ווערט פריילעך אויפן הארצן. און ווען דער הימל איז פאַרצויגן, פאַרוואָלקנט, אָדער אַ נעבל קריכט און וויקלט אַלץ איין, איז דאָ אַ לאָמפּ און א בוך.

ביים בעט האָט ער איינגעאָרדענט א קיילעכדיק טישל מיט אַ קיילעכדיקער פאליצע וואָס האָט זיך געקענט דרייען. אויף אָט דער

דריי־פּאַליצע האָט ער אָוועקגעשטעלט זיינע ביכער, אַ קליינער אויס־וואַל פון געקליבענע ביכער, „ברויט מיט פּוטער" ביכער, האָט ער זיי גערופן. יעדע נאַכט איז ער קודם געליגן, געקוקט, געטראַכט, גע־וואַרט אפשר וועט ער פּאַרט איינשלאָפן, קען דאָך פּאַסירן! געזען דער שלאָף קומט ניט, האָט ער פריער אַ דריי געטון די פּאַליצע, אַרויסגעצויגן אַ בוך אויף טראַף, ערשט נאָכדעם אַ קוועטש געטון דאָס לאָמפּ קנעפּל, געמאַכט ליכטיק, א קוק געטון וואָס ער האָט אַרויסגעפּישט און מייסטנס געווען צופרידן פון זיין פאַנג. די ביכער — ניט סתם ביכער, דאָס זיינען געווען אַלטע גוטע פריינט. ער ווייסט שוין, אייגנטליך, וואָס זיי וועלן אים זאָגן, אים דוכט זיי ווייסן שוין אפילו וואָס עריט זיי ענטפערן, אָבער טאַקע דערפאַר איז גוט צו הערן זייערע רייד, א שמייכל טון, זיך פאַרטראַכטן, אָדער גאָר אַרויסזאָגן אַ וואָרט. זיי הערן!

די נאַכט האָט ער אַרויסגעפּישט פּלאַטאָס „פעדאָן". געקומען צו דער שטעלע וואו פעדאָן דערציילט ווי סאָקראַטעס האָט גערעדט וועגן זעלבסטמאָרד און געזאָגט: „. . . ס'איז ניט אנגענומען דאָס צו טון, אַט פּונקט ווי דער ערן פּריזאָנער דאַרף ניט עפענען אַליין די טיר פון זיין תּפיסה", האָט ער א לייג געטון דאָס בוך אויפן טישל, די אויגן האָבן זיך פאַרקוקט. ער האָט געזען אַ תּפיסה, א טורמעניק. דער טורמעניק? לכתּחלה אַ צעשוואָומענע פיגור, האָט ער אנגעהויבן קריגן אַ פּנים. זייער אַ מיאוסער פּנים. ער האָט אים דערקענט! סאָק־ראַטעס! סאָקראַטעס זיצט, האַלב ליגנדיק, גלעט די פיס פון וועלכע מ'האָט נאָר וואָס אַרונטערגענומען די קייטן, זיצט און רעדט וועגן דעם בעכער גיפט. דאָס רעדן מיינט אַ גרעסערע פּאַרציע גיפט? נו איז וואָס? טויט? וואָס איז דען טויט?

סאָקראַטעס האָט נאָך גערעדט וועגן טויט, אומשטערבליכקייט, גוף, נשמה, גערעדט לאַגיש, ווי זיין שטייגער, ער האָט אים שוין אָבער ניט נאָכגעפאָלגט. ניין, אַ ז ו י קלאָר נאָכפאָלגן זיין „פריינד" האָט ער שוין ניט געקענט, די אויגן האָבן שוין ניט געזען, דער גע־דאַנק איז ניט נאָכגעגאַנגען. דער געדאַנק האָט זיך שוין געטראָגן ווי אַ וואָלקן אין א לייכטן ווינט, ער אַליין האָט געשוועבט ערגעץ אין אַ וועלט, וואו רוים און צייט, חומר און רוח האָבן זיך אויסגעמישט,

אפילו זיין אייגענעם חומר, זיין קערפּער, די בעט, דאָס צימער האָט ער ניט געפילט. ער האָט, דוכט זיך, גאָרניט געפילט, און דאָך איז זיין גאַנצער קערפּער געווען וואַך, אַזוי וואַך אַז דורך די פּאָרן פון זיין קערפּער האָבן זיך געצויגן שטראָמען צו אָט דער מאָדנער וועלט, און ניט נאָר זיינע אויערן, זיין גאַנצער קערפּער — איין סענסיטיווע אַנטענע אויפצוכאַפּן דעם מינדסטן געריוש פון דער וועלט, פון אוניווערס. אַ וואונדער אַז ער האָט דערהערט אַ שאָרך ביי זיין טיר? דערהערט, און דער גאַנצער קערפּער האָט זיך אַ צאַפּל געטון און פאַשטייפט געוואָרן.

ער איז ניט געווען קיין שרעקעוודיקער. ווער וועט גיין צו אים גנבענען? וואָס קען מען ביי אים גנבענען? און גזלענען? אים? פאַרוואָס? ניין, ער האָט קיין מורא געהאַט, קיינמאָל ניט מורא געהאַט, איצטער האָט ער זיך דערשראָקן, ניין, ניט דערשראָקן, אנגסט געקראָגן. דער פאַרשטייפטער קערפּער האָט זיך איינגעהערט, דאָס מויל האָט זיך ניט געעפנט אַרויסצוברענגען: ווער־יי־דאָרט? ער האָט געאַנט ווער דאָס איז. און דאָס שאָרכען הערט ניט אויף. אָט ווי עמיצער וואָלט געטאַפּט די טיר, געזוכט די קליאַמקע, דעם שלאָס. איז די טיר פאַרשלאָסן? ער האָט זיך דערמאָנט — פאַר־שלאָסן אָבער ניט פאַרריגלט.

מיט א זייט האָט ער זיך אַרונטערגערוקט פון בעט, קעציש צוגעגאַנגען צו דער טיר, אויף שנעל אַ רוק געטון דעם ריגל, אויף גיך אַ לאָף געטון צום בעט, זיך אַריינגעכאַפּט, א קוועטש דאָס קנעפּל פון לאָמפּ — פינסטער, שטיל.

שטיל? האָט ער נישט געהערט א לייכט, לייכט געלעכטערל? און איצט — טריט. יאָ, טריט. מיגייט צום . . . פענסטער. פראַנצויזישע פענסטער, עפענען זיך אויף אַריין, אינעווייניק אין צימער. ער האָט שנעל צוגעקלאַפּט איין האַלבן פענסטער, דעם צווייטן, פאַרדרייט דעם האַקן, מיט שטירדעס אַ צי געטון די רולעטן — דרלל, און שטיל.

שטיל? א שאָרכען פון אַ . . . מייזל, אַ מייזל וואָס הריזשעט, הריזשעט די וואַנט, יעדער צייך־שניט טיפער אין וואַנט אָלץ נעענטער צום אים. ווי דיק איז די וואַנט? אָ, די וואַנט איז דיק, אפשר אַ

פוס די דיק. זאָל עס הריזשען, ביז . . . וועט שויך זיין ליכטיק, טאָג. שלאָפן. שלאָפן. איבערדעקן זיך איבערן קאָפּ.

אין די אויערן האָט געהריזשעט דאָס מייזל און אין ברוסט האָט געבורליקעט א קאַץ — ברר־מררר, ברר־מרר. און אין האַלז! ער ווערט דערשטיקט! לופט! לופט!

די האנט האָט זיך אַ שטרעק געטון, אַ דריי געטון דעם האקן, אַ צי געטון איין האַלבן פענסטער. עס האָט א בלאָז געטון אַ ווינטל, עס האָט אַ פאַך געטון אַ . . . טוך, א קלייד, אַ . . . און ער האָט דערזען אַ סילועט, א געשטאלט.

— גוט געטון וואָס איר האָט געעפנט דאָס פענסטער. ווען חלילה איר האלט עס לייגגער פאַרמאַכט וואָלט איר אויסגעגאַנגען פון ניט האָבן גענוג לופט און, אסור מיר, אויב איך וואָלט געווען פאַראַנט־וואָרטליך דערפאַר.

— איר פאַראַנטוואָרטליך? איר? וו־ע־ר . . . ?

ציטערנדיקע פינגער האָבן אנגעטאפּט דאָס קנעפּל ביים לאָמפּ, אַ דריק געטון.

— איך גלויב קוים אויב איך דאַרף זיך פארשטעלן פאַר אייך איצטער אָ, ווען איר האָט געמאַכט ליכטיק. דערקענט מיך ניט? נו . . . — אַ שמייכל, — איך בין . . . דער טויט.

— געדיינקט אַזוי, — האָט דער מענטש אויפן בעט אַרויסגע־רעדט מער צו זיך ווי צו זיין באַזוכער. די אויגן האָבן אָבער געקוקט, געווט אויפן באַזוכער, באטראַכט אים אַזוי גרינטליך ווי דורך אַ מיקראָסקאָפּ.

דער באַזוכער האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין אומבאַקוועמליכקייט פון אזא גרינטליכער באטראכטונג. אדרבה, ער האָט ווי אויסגע־שטעלט דעם פנים, דעם קערפּער — קוק וויפיל דיין האַרץ גלוסט. ער האָט נאָך געשמייכלט דערצו און מיטן זעלבן שמייכל אַ פרעג געטון: וואָס? ניט דערקענט?

— נ־י־י־ן, — האָט דער מענטש אויפן בעט אַרויסגעכריפּעט.

— קיין וואונדער, — האָט דער באַזוכער א זאָג געטון, אַ צי געטון איין פאלע פון זיין בגד. געכאַפּט דעם קוק פונים מענטשן אויפן בעט ווי ער האָט נאָכגעפאָלגט זיין באוועגונג, איז זיין שמייכל

געוואָרן נאָך אנזיכטיקער. — מענטשן שטעלן זיך פאר דעם טויט — אַ שאַרבן, אויגן —־לעכער, אין דער ביינערדיקער האַנט א קאסע, די פיס . . . — ער האָט נאָכאמאָל א צי געטון דעם בגד, מיט דער באוועגונג האָט ער אבער ניט אנטפלעקט מער פון זיין קערפער, אויך ניט באהאלטן. — און איך, אָט ווי איר זעט . . .

דער מענטש אויפן בעט האָט שוין איצט געקוקט אויף זיין באזוכער אָט ווי ער וואָלט געקוקט אויף א פרעמדן מענטשן. א פרעמדער, אָבער ניט קיין פיינטליכער. אויב ער דערוועקט עפּעס, אָט דער באזוכער, איז ניט פיינטליכקייט, נאָר נייגיריגקייט. אָט דער א . . . ? אָט דאָס א . . . ?

— ווי קומט איר אַהער?

— אה, פאַרבייגעגאנגען, א טראַכט געטון — אַריינגיין, אַ קוק טון, בלויז אַ קוק טון. און איר? איר האָט זיך דערשראָקן האַ?

— דעם אמת געזאָגט, יאָ.

— פאַרשטאנען אַזוי. אַזוי איז עס שוין. מענטשן האָבן שוין אזא טבע. ווייסן ניט אַז איך קום קיינמאָל ניט אומגעבעטן. מאַכט זיך אַמאָל איך לאָז זיך הערן ווי, לאמיך זאָגן, דער דונער לאָזט הערן דעם פויער אַז עס וועט זיין רעגן, ער זאָל זיך צואיילן אַריינצונעמען די תבואה אין שייער. מענטשן, ווייס איך, זיינען פויל, לייגן אָפּ זאַכן אויף שפּעטער, דערמאָן איך זיי זיי זאָלן א קוק טון אויפן זייגער . . . — ער האָט א שמייכל געטון. — אָבער צו פרי? איך קום קיינמאָל ניט צו פרי. גאַנץ אָפט פאַרשפּעטיק איך זיך אפילו. פּאַסירט. טרעפט טאקע אַז מענטשן ווערן אומגעדולדיק, זעען איך קום ניט לאָזן זיי זיך אַרויס מיך זוכן, שפּאנען אַרויס פון צענטן שטאָק אָדער גאָר פון אַן עראָפּלאַן, זען צו קום איך, מיט זיי האָב איך צרות. גיי זוך זיי, גיב אָפּ חשבון פאַר זיי. אָבער, איין גאָט ווייסט, פאַר אַזעלכע בין איך ניט פאַראנטוואָרטליך. אָט האָט איר פאַרמאכט, פאַרהאַקט דאָס פענסטער . . .

דער מענטש אויפן בעט האָט זיך דערפילט שולדיק.

— איך . . . איך . . .

— איר דאַרפט זיך ניט פאַרענטפערן, — האָט דער באזוכער אַ שמייכל געטון. — איך האָב נאָר געוואָלט אייך אויפמערקזאָם מאַכן

אַז אַזעלכע זאַכן דאַרף מען ניט טון. איר פאַרשטייט? עס לוינט זיך ניט.

אזא פריינטליכער שמייכל. קענטיק גאַרניט אזא . . . וואָס? ער הויבט זיך שוין אויף אָוועקצוגיין?

— איך בין בלויז פאַרבייגייענדיק, אַריינגעגאַנגען אַ קוק טון. זיך באַקענען, אַזוי צו זאָגן. נו, אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט, — האָט דער מענטש אויפן בעט אַרויסגעזאָגט עטוואָס צעמישט, נאָכגעפאָלגט מיט די אויגן דעם באַזוכער צו דער טיר. — די טיר . . . דער ריגל . . . — ער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג אַרונטערצוגיין פון בעט, עפענען די טיר פאַרן באַזוכער. יענער האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, יסיהייסט: מיר ווייסן שוין ווי אַ טיר עפנט זיך, און נאָך איידער דער מענטש האָט זיך צוריק איינגעלייגט איז שוין דער באַזוכער ניט געווען. די טיר איז געווען פאַרמאַכט, דער ריגל פאַררוקט.

די אויגן האָבן געקוקט **אויף** דער טיר, **דורך** דער טיר, די אויערן האָבן זיך אנגעשפיצט — שאַ, שטיל.

וואָס איז דאָס געווען? האָט ער געחלומט? האַלוצינאַציע?

ער האָט אַ קוק געטון אויפןביינקל וואו דער „באַזוכער" איז געזעסן. דאָס ביינקל ניט פאַרנומען, אָבער ער קען אים זען, ווי ער איז געזעסן. דאָס ביינקל דאָסזעלבע, דאָס צימער, די ווענט, דער לאָמפּ, דאָס טישל, דאָס בוך . . . אַה, געכאַפּט! פּעדאַן! ער האָט געטרוימט. ער האָט פּשוט . . . אָבער ער האָט אים **געזען**! **גע־רעדט** מיט אים! „איך קום קיינמאָל ניט אומגעבעטן". וואָס האָט ער געמיינט דערמיט? האָט ער געמיינט צו זאָגן אַז מענטשן **ווילן** שטאַרבן? וויל **איך** שטאַרבן? **וויל** איך? ניין. ניין, ניט היינט. אָבער אַז איכ׳ל וועלן ווייס איך שוין וואָס איך האָב צו טון. אלץ וואָס איך דאַרף טון איז פאַרבעטן אים . . . ער זאָל קומען.

דער מענטש האָט א שמייכל געטון. אַזוי איינפאַך, אַזוי גרינג. און ער . . . ? אַ גאַנץ אנגענעמער פאַרשוין. נאָכאמאָל. ווי האָט ער אויסגעזען?

ער האָט געפּרוּווט אים זען און ניט געקענט. ער האָט זיך אָנגעשטריינגט און ניט געקענט כאַפּן זיין פּנים. זיין שטאַלט יאָ, כאַטש

אויך ניט דייטליך, דערפאַר דעם פּנים קען ער גאָרניט זען. דאָס ליכט שטערט. אויסלעשן, וועט . . .

ער איז געליגן אין דער פינסטער, זיך איינגעקוקט, געזען אַ געשטאַלט און ניט געזען, ער האָט אָבער דייטליך געפילט די באַוועגונגען וואָס יענער האָט געמאַכט ווען ער האָט אַ צי געטון דעם בגד, ווען ער האָט זיך אויפגעהויבן, ער האָט אויך דערפילט דעם פאַך פונם בגד ווען יענער איז אַריינגעקומען. דאָס פענסטער אָפן. זאָל זיין אָפן.

„און איר? האָט פאַרמאַכט, פאַרהאַקט דאָס פענסטער . . ."

אין דער פינסטער האָט ער געזען, געפילט זיין שמייכל. „איר פאַרשטייט? אַזעלכע זאַכן דאַרף מען ניט טון. עס לוינט זיך ניט."

אודאי לוינט זיך ניט. די לופט אַזוי פריש, אטעמט זיך אַזוי לייכט. איינשלאָפן. ער האָט זיך איבערגעדרייט אויף דער לינקער זייט — אויף דער זייט איז ער געוויינליך געשלאָפן — מיטן פּנים צו דער וואַנט, מיט די פיס איינגעוויקלט די קאָלדרע אונטער זיך, איצטער וועט ער איינשלאָפן. הערט זיך עפּעס? ניין, זיך געדוכט. היינט וועט שוין קיינער ניט קומען. אים אפשר געדאַרפט געווען פאַרבעטן ער זאָל קומען אַמאָל, קומען, לאָמיך זאָגן, איבער אַ . . . — נאָך צייט האָבן, — האָט ער אַ שמייכל געטון און איינגענורעט דעם קאָפּ.

די פרוי וואָס האָט געקאָכט פאַר אים עסן, געראַמט דאָס שטיבל האָט לאַנג געקלאַפּט אין טיר. געזען ער עפנט ניט, איז זי תחילת אין כּעס געוואָרן למאַי מענטש שלאָפן אַזוי שפּעט, נאָכדעם זיך געכאַפּט אַז דער מענטש איז געוויינליך וואָך ווען זי קומט, טאָ ווי קומט עס וואָס ער שלאָפט נאָך היינט? נאָכאַמאָל אַ קלאַפּ. אַזוי שטאַרק זאָל ער שלאָפן? זייט אַ קוק טון אין פענסטער. זי האָט געזען דער מענטש שלאָפט מיט אַ שמייכל אויפן פּנים. זעט מסתּם אַ גוטן חלום. אַ שאָד אים צו וועקן. האָט זי איבערגעלאָזט דאָס ביסל עסנוואַרג אינדרויסן און אַוועקגעגאַנגען. זייט קומען שפּעטער. ווען זי איז געקומען שפּעטער און געטראָפן דאָס עסנוואַרג וואו זי האָט עס איבערגעלאָזט, איז איר די זאַך געוואָרן קשה. אַ קוק געטון דורכן פענסטער, האָט זי דערזען דעמזעלבן שמייכל אויפן פּנים, מער ניט, דער נאָז,

אַזוי פֿאַרשפּיצט, און דער קאַליר . . . דער קאָליר ניט פֿון אַ . . . שלאָפֿנדיקן. זי האָט געמאַכט אַ טרעוואָגע.

דער דאָקטאָר האָט פֿעסטגעשטעלט דער מענטש איז געשטאָרבן ביינאַכט פֿון האַרץ שלאָג.

— אַ גרינגער טויט, — האָט אַ שכן באַמערקט.

— ער איז געווען אַ גוטער מענטש, — האָט די פֿרוי אַ זאָג געטון. זי האָט אַ קוק געטון אויפֿן ביסל עסנוואַרג, זיך אַ ישוב געטון: נעמען, ניט נעמען? אַליין ניט ווויסנדיק פֿאַרוואָס האָט זי באַשלאָסן — ניט נעמען, און אַוועקגעגאַנגען. גייענדיק האָט זי פֿאַר זיך אַרויסגעזאָגט אין דער הויך: ער איז געווען אַ גוטער מענטש.

זיין שמייכל איז איר נאָכגעגאַנגען, פֿאַראויסגעגאַנגען.



# ✡ אינהאַלט ✡

## פון דעמזעלבן שרייבער:

ערציילונגען — — — — — 1921

בלעטער פאַלן — — — — — — 1926

די שמאַלץ גרוב — — — — — — 1933

אַ בליאסק אויף טאג — — — 1935

מאטיון — — — — — — — 1940

# באַמערקונג

„רויט און שוואַרץ" איז דער נאָמען פונים בוך, דאָס איז אויך דער נאמען פון דער ערשטער, לייגסטער דערציילונג. מיינט עס ניט אַז דער שרייבער וויל זאָגן: די דערציילונג איז די וויכטיקסטע? אַזוי קען אַ טראַכט טון דער לייענער, און נאָך אַריינטראַכטן פּאָליטישע מאָטיוון.

מוז איך זאָגן: עס איז דאָ אַן אויסדרוק „רויט אָדער טויט". רויט מיינט, אַזוי אַרום, לעבן, שוואַרץ — טויט. לעבן און טויט, דאָס איז דער גרונט מאטיוו פון אַלע דערציילונגען אין דעם בוך.

אַ נייע טעמע!

נו יאָ, אַזוי ניי און אַזוי אַלט ווי דער מענטש.

ש. מ.